י אַ ק אָ ב  ו אַ ס ע ר מ א ן

# שקלאפן פון לעבן

ייִדיש: י. רובין



פ אַ ר לאַ ג  ש למ ה  ג אָ לד פ אַ ר ב

1930     וואַרשע

# ערשטער טייל

## 1

דעמזעלבן אָוונט איז דער יינגערמאַן געקומען שוין צום צווייטן מאָל. ער האָט געבעטן די דיגנסט, אז זי זאָל אָפּגעבן זיין וויזיט־קאַרטע דער באַלעבאָסטע און פרעגן, צו ער קען וואַרטן אויפן הער דאָקטאָר. די וויזיט־קאַרטע איז געווען נישט קיין איבעריק־ריינע און אויף איר האָט זיך געפונען דער נאָמען ס ט ו ד ע נ ט  כ ע מ י ק  ק אָ נ ר א ד  ל אַ נ ץ.

פיא לוידין איז גראָד אַדורכגעגאַנגען דעם קאָרידאָר, האָט געוואָרפן אַ פאַרבייגייענדיקן בליק אויף דער וויזיט־קאַרטע און אויף דעם אָרעם־אָנגעטועטעם, פּיראָונצוואַנציק־יעריקן מאַן, וואָס איז געשטאַנען פאַר איר אין שמוציקע שיך, נאַסע הויזן און פייכטן מאַנטל, און געזאָגט:

— מיין מאַן וועט אודאי שפּעט קומען אַהיים.

און מיט א טאָן אָן צוטרוי האָט זי צוגעגעבן:

— ווילט איר רעדן מיט מיין מאַן אַלס אַדוואָקאַט?

—יאָ, אַלס אַדוואָקאַט—האָט דער יינגערמאַן לאַנגזאַם געענט־ פערט און אויף זיין פנים האָט זיך באַוויזן אַ ביטערער אויסדרוק.

— אויב אַזוי מוזט איר גיין אין דער קאַנצעלאַריע. מיין מאן איז אַ גאַנצן טאָג באַלאַסט מיט ארבעט, אַז אין אָוונט קען ער קיין קליענטן נישט אויפנעמען.

— געערטע פרוי, איך בין אויך פאַרהאָרעוועט אַ גאַנצן טאָג, — האָט דער אומבאַקאַנטער געקרעכצט, — איך האָב אויך בלויז פרייע שעה'ן אין אָוונט. איך גיב לעקציעס..

איך וואָלט פאַרלוירן די שילער... דער ענין איז אַ דרינגענ־דער... אַ חוץ דעם קען איך דעם הער דאָקטאָר לוידין שוין פון לאַנג... אין דער קאַנצעלאַריע וואָלט שווער געווען אָנצו־קומען צו אים... איך האָב צוטרוי בלויז צום דאָקטאָר לוידין. איר וועט אַזוי גוט זיין און מיר דערלויבן צו וואַרטן:

פיאַ לוידין האָט זיך פאַרטראַכט. דער יונגערמאַן האָט ביי איר אַרויסגערופן רחמנות. זי האָט זיך געווענדעט צו דער דינסט, וואָס איז אַ נייגעריקע געשטאַנען ביי דער טיר פון דער קיך, און געזאָגט:

— פיר אַריין דעם הער אין דער ביבליאָטעק.

אַליין איז זי אַריינגעגאַנגען אין צימער, וווּ אירע טעכ־טער, די פינפצעניעריקע מאַרלענע און די דרייצניעריקע רעלי, האָבן אויפן טיש געמאַכט די שול־אויפגאַבן. אַז פיאַ האָט אויף זיי נישט אַכטונג געגעבן, האָבן זיי פאַרלוירן די צייט מיט שמועסן אָן אַ סוף און שפּעטער האָבן זיי נישט געקענט זיך געפינען צוזאַמען מיטן פאָטער, ווען ער האָט געגעסן דאָס פאַרשפּעטיקטע אָוונט־ברויט. דאָקטאָר לוידין האָט דאָס ליב געהאַט.

— קינדער, — האָט זי געזאָגט צו די מיידלעך, — ס'איז אָנגעקומען אַ גאַנצער זאַק מיט רויטע עפּל. איר קענט זיי מאָרגן אַראָפּטראָגן אין שפּייכלער.

— זער גוט! — האָט רעלי אויסגערופן, אַוועקלייגנדיק די פעדער. — קען מען עס, אפשר, שוין היינט טון? איך מוז מיך צעשטרייען נאָך דער נאַרישער געאָמעטריע. ווּ איז דער זאַק? אין קאָרידאָר?

— בלייב דאָ, — האָט פיאַ געענטפערט, דערשטיקנדיק אַ געלעכטער. רעליס ווערטער זענען געפאַלן ווי פון אַ פּיסטאָ־לעט; אָפט האָט מען נישט געקענט פאַרשטיין, וואָס זי זאָגט, אַזוי שנעל האָט זי באַוועגט מיט דער צונג. — איך וויל נישט, אַז איר זאָלט דאָרט אַרומלויפן, ווען דער פאָטער וועט קומען, און קומען דאַרף ער אַ ליאַדע מינוט. ער האָט דאָס נישט

ליב. א חוץ דעם — זענט איר שוין געווען ביי דער באָבען אין דער הויך? איר מוזט א האלבע שעה האלטן מיט איר געזעל-שאַפט. אָבער איינע נאָך דער אַנדערער. ביידע מיט איינמאָל איז צופיל.

מארלענע האָט געוואָרפן אַ בליק איבערן העפט.

— מאמע, דער דאָזיקער קאַטאָ איז דער אומדערטרעגלעכסטער מענטש אויף דער ערד, — האָט זי געזאָגט. — איך האָב אים נישט ליב און נישט זיין צניעות. ער איז א שטרענגער! אין מיינע אויגן איז ער א באַטריגער. אַזעלכע מענטשן האָבן עקזיסטירט נאָר כדי א תל צומאכן פון דער אנשטענדיקייט.

— איך ווייס נישט, וואָס דו פלוידערסט, — האָט זיך אַריינגעמישט רעלי א קריגערישע און אַ געטראָפענע, — דאָס איז דאָך אַ היסטאָרישע פיגור. מען מוז האָבן דרך-ארץ פאר היסטאָרישע געשטאַלטן.

— פארוואָס? — האָט מארעלנע געפרעגט — פאַרוואָס דאַרפט מען האָבן דרך-ארץ? דאָס איז א פאָראורטייל. אלץ, וואָס מען דארפט, איז א פאָראורטייל.

רעלי האָט זיך גענומען אָנצינדן, אָבער די מוטער האָט א באַפוילן צו זיין רויק.

— קיין שום מחלוקתן וועגן קאַטאָנען — האָט זי אויסגע-רופן. — זעט ב[illegible] ענדיקן די לעקציעס, און אַזעלכע דרייסטע באַמערקונגען, מארלענע, באַהאַלט פאַר זיך.

דורך דער טיר, פונדערווייטנס, האָט זיך דערהערט א געוויין פון א קינד.

— אהאַ! דאָס קאַרליקל אויסטיטי לאָזט זיך שוין הערן, — האָט מאַרלענע געזאָגט, קרומענדיק די נאָז. דאָס קאַרליקל אויס-טיטי האָבן די שוועסטערן גערופן צווישן זיך, האלב מיט כעס און האלב מיט ליבשאַפט דאָס פירצעניעריקע ברידערל הובערט.

פיאַ האָט אַ קוק געטון אויפן זייגער, וואָס איז געווען איינגעפאסט אין בראַנזאָלעט.

— [illegible]יכט, — האָט זי געשעפטשעט, — איך מוז אים אויס-

באָדן. נו, גענוג מיט קאַטאָגעו, בעט איך אייך, פאַרגעסט נישט אָן דער באָבן.

— די מאַמע קען שוין נישט שטיין אויף די פוס פון פאַרמאַטערונג, — האָט רעלי זיך אָנגערופן, ווען פיאַ איז אַרויס פון צימער. — איך וואָלט נישט געוואָלט זיין די באַלעבאָסטע פון הויז. איך וואָלט נישט געקענט האַנדלען אַזוי ברידערלעך, ווי די מאַמע. אַנדערע קרעכצן און זענען שטענדיק אין אַ שלעכ־טער שטימונג. זיי ווילן, אַז מען זאָל באַוווּנדערן דאָס וואָס זיי טוען; אַז מען זאָל זאָגן: אָן אָרעמע פרוי, ווי זי מוז שטענדיק האָרעווען. די מאַמע איז פון פרי ביז שפּעט בייַנאַכט שטענדיק גוט, איז זיך נישט נוקם אין קיינעם, ווען עפּעס געלונגט איר נישט, און בעט עס טוט איר אַמאָל דער קאָפּ וויי, פאַרשליסט זי זיך אין איר צימער און דערציילט אפילו נישט וועגן דעם דעם פאָטער. איך האַלט דאָס פאַר אַ העלדישקייט. דו נישט?

מאַרלענע האָט געוויגט דעם קאָפּ, טראַכטנדיק.

— יאָ, — האָט זי געענטפערט, אָבער אויב דו וועסט אַזוי פיל רעדן, וועסטו קיינמאָל נישט ענדיקן.

אָבער רעלי וואָס איז שטאַרק צוגעבונדן געווען צו דער מוטער, האָט זיך נישט געלאָזט איבעררייסן. זי האָט זיך איבער־געבויגן איבערן טיש און מיט בלישטשענדיקע אויגן און דע־רויטלטע באַקן ווייטער געצויגן:

—עס הויבט זיך אָן פון באַלד אינדערפרי. קודם־כל קומט די קעכין וועגן די שפּייזן אויף די מאָלצייטן. דערנאָך קומט דער סוחר מיט דעם רעכנונג. דערנאָך קלינגט דער טעלעפאָן. דערנאָך ציילט מען איבער די וועש. דערנאָך קומט דער מע־כאַניקער. דערנאָך קלינגט דער טעלעפאָן. דערנאָך מאַכט גע־וואַלדן דאָס קאַרליקל אויסטיטי. דערנאָך קומט דער שאָפער און וויל עפּעס זאָגן. דערנאָך דאַרפט מען אַ קוק טון, צו מען האָט געפּוצט דאָס זילבער. דערנאָך קומט די אַם און פרעגט, צו ס׳קאַרליקל אויסטיטי זאָל אַרויסגיין. דערנאָך שמועסט מען וועגן דעם ברייט און לאַנג. דערנאָך קומט די שניידערין, וואָס נייט

פאַר אונדז קליידלעך. דערנאָך שיקט די באָבע עמיצן פרעגן, צו די מאַמע וועט שפּילן מיט איר אַ פּאַרטיע דאָמינאָ. דערנאָך קלינגט דער טעלעפאָן. דערנאָך קומען ווילטוּוענדיקע דאַמען נאָך נדבות. דערנאָך...

— ווי גאָט איז דיר ליב, גענוג! — האָט מאַרלענע אויסגערופן, לאַכנדיק, און האָט זיך פאַרשטאָפּט די אויערן.

אָבער אַז רעלי האָט געלאָזט אין גאַנג די צונג, האָט קיין שום זאַך נישט געקענט איינהאַלטן דעם שטראָם פון אירע רייד.

— און אַזוי טאָג נאָך טאָג, און יאָר נאָך יאָר. קאָך, באַק, פּרעגל, לויף, קער, בעו־שט. אַלץ מוז זי היטן און האָבן אין זינען. און אַז דער טאַטע עפנט אויף די טיר, מוז די וווינונג אויסזען ריין, ווי אַ גאָלד; די פּנימער מוזן שמייכלען, עס טאָר זיך נישט געפינען קיין שטויב, דער טיש מוז זיין געדעקט, דאָס עסן געשמאַק, דער אויוון הייס, אַלץ אויף זיין אָרט, אָבער וויפיל שווערע אַרבעט דאָס האָט געקאָסט, דאָס וויל קיינער נישט וויסן. עס וווּנדערט מיך, אַז די מאַמע קען איבערטראָגן. און ווי אַזוי זי טראָגט עס איבער! זי איז ערשט אַלט זעקס און דרייסיק יאָר, אָבער אַז מען קוקט זי אָן, קען מען זי האַלטן פאַר דרייאונצוואַנציק. זי דאַרפט זיך נישט פּוצן, ווי די פרוי פּראָפעסאָר ארנדט, און זיך נישט שמינקעווען, ווי די פרוי דאָקטאָר קאַדעלקאַ. די מאַמע איז שיין פון זיך אַליין.

רעלי האָט זיך אויסגעגלייכט מיט שטאָלץ.

— יאָ, זי איז אַ שיינע פרוי, — האָט מאַרלענאַ מסכים געווען אַ ביסל איינגעהאַלטן.

## II

בעת פּיאַ איז אַרויס פון קינדער-צימער, האָט זיך דער־הערט אין אונטערשטן קאָרידאָר אַ הילכיק געלעכטער. זי האָט נישט לאַנג געדאַרפט זוכן די סיבה. רעלי האָט זיך נישט גע־קאָנט אָפּזאָגן פון פאַרגעניגן אַ קוק צוטון אינם זאַק מיט עפּל. דאָס איז געווען אַ מתּנה פון פריינט, וואָס האָבן געוווינט אויפן דאָרף; רעלי איז דאָרט אָפט געפאָרן אויף באַזוך און די עפּל זענען פאַר איר געווען אַ גרוס. פאָרזיכטיק האָט זי אויפגע־וויקלט דאָס שטריקל, דער זאַק האָט זיך האַסטיק געעפנט און די עפּל האָבן זיך גענומען אַרויסקייקלען. זי האָט זיך נישט געקענט קיין עצה געבן און די עפּל האָבן זיך געשיט אין אַלע זייטן. זי האָט גענומען שרייען, עס איז געקומען צו־לויפן מאַרלענע און די דינסט פון דער קיך און אַלע דריי האָבן, קניענדיק אויף דער פּאָדלאָגע אָנגעהויבן אַ פריילעך „גע־יעג" אויף די עפּל.

די צערודערונג איז דערגאַנגען צום העכסטן פּונקט, ווי די טיר פון קאָרידאָר האָט זיך פּלוצלונג געעפנט און עס האָט זיך באַוויזן דאָקטאָר לוידין.

— האָ, האָ, — האָט ער אַ ברום געטון מיט אַ גוטהאַר־ציקער פאַרוווּנדערונג, — וואָס פאַר אַ שטיק איר פּראַוועט עס!

די פריילעכע געמיטער האָבן זיך באַרויקט. פּיאַ האָט זיך באַגריסט מיטן מאַן, אים געפירט אין וואַש-צימער, געקלינגען אויף דער דינסט, געהייסן דערלאַנגען צום טיש, געבּרענגט דעם זייד-געשטיקטן הויז-סורדוט, אַפּגעגעבן אַ קורצן באַריכט פון

דעם פארלויף פון טאָג, (לוידין איז א גאַנצן טאָג נישט געווען אין דער היים) און זיך באַמיט אונטערצושטרייכן דאָס, וואָס איז אנגענעם, און צו פארקלענערן דאָס, וואָס איז נישט אנגענעם. נישט אַלץ איז געווען וויכטיק, אָדער זאכלעך. עס איז געווען אַ דין־וחשבון פון א מאמע א באַלעבאָסטע.

זי האָט געהאט א שטיל, כמעט פּאַרזיכטיק קול, וואָס האָט אָנגעהויבן יעדן זאץ אין א נידריקן טאָן און דערנאָך אים מעלאָדיש אויפגעהויבן. זי האָט באנוצט בלויז אלטעגלעכע טרוקענע ווערטער. איר פּנים האָט אָבער געטראָגן דערביי אַ ליבן אויסדרוק, וואָס איז פארשטארקט געוואָרן דורך דעם זעלטענעם בלישטשען פון אירע גרויסע, שווארצע אויגן און אויב מען קען אזוי זאָגן, פון דער וואָלקנלאָזער גלאטקייט פון איר שטערן.

זי איז געזעסן מיט אים ביים טיש בעת ער האָט געגעסן. זי אליין האָט שוין געהאט געגעסן מיט די קינדער — מען איז אזוי געוווינט געוואָרן, ווייל מען האָט קיינמאָל נישט געוווּסט, ווען לוידין וועט אַהיימקומען. אַמאָל איז ער געקומען צען אינאָוונט און שפּעטער. אזוי רויק ווי זי האָט גערעדט אַזוי רויק און באשיידן איז זי געזעסן און ס'האָט אויסגעזען, ווי זי וואָלט אַ גאַנצן טאָג ליידיק געגאנגען און אַ גאַנצן אָוונט געוואַרט אויפן מאַן. די הענט האָט זי געהאלטן פארלייגט אויף די קני, דעם קאָפּ אַביסל אויף לינקס, די ווייצן־העלע האָר זענען אויפן נאַקן צענויפגענומען געווען אין אַ פליכט. זיי זענען אונגעווייטלעך געדיכט.

מארלענע איז געזעסן ביי דער מוטערס רעכטער זייט, רעלי — ביי דער לינקער. ביידע האָבן שווייגנדיק געקוקט אויפן פאָטער, די ייִנגערע מיט אַ הארציקער מינע, אין וועלכער עס האָט געשטעקט עפּעס צו להכעיסדיקעס, די עלטערע מיט העלע פאָרשנדיקע אויגן, וואָס קיין שום זאך איז זייער אויפמערקזאַמקייט נישט פארלוירן געגאַנגען. זי האָט נאָכגעפאָרשט דאָס, מאָדנע שפּיל פון די קנייטשן אויף זייז ברייט־געוועלבטן, ארויס־

שטארנדיקן שטערן; דאָס שפּיל האָט זי שוין לאַנג באַמערקט, אָבער איצט האָט עס זי מער פאַרנומען ווי שטענדיק.

אַלץ אין דעמדאָזיקן פּנים איז איר שוין געווען באַקאַנט: די פאַרגעפּלטע אויגן, וואָס האָבן ווי פאַרשעמט זיך באַמיט צו קוקן אויף מענטשן נישט לענגער ווי אַ סעקונדע; די ברייטע, פליישיקע נאָז, דאָס מויל, באַוואַקסן מיט געדיכטע וואָנסעס, די רונדיקע, גוטהאַרציקע גאָמבע, דער טונקעלער וואַלד האָר, אָן איין גרויע האָר. דאָס איז געווען אַן אָנזעעוודיק פּנים, וואָס איז געווען בלייך פון אַרבעט, טראָגנדיק אויף זיך סימנים פון מחשבות, און פון וועלכן אַלע פּרטים האָבן זיך צונויפגעגאָסן אין איין האַרמאָניע.

מאַרלענעס ליפּן האָבן געמאַכט אַ באַוועגונג, ווי זיי וואָלטן וועלן זאָגן: ווען איך וואָלט נאָר געוווסט, וואָס אין דיר קומט פאָר, איך וואָלט אַ סך אַוועקגעגעבן. כדי צו וויסן, וואָס דו באַהאַלטסט. אזוי איז געשען אַ גאַנצע וואָך, אָבער קיינער האָט עס נישט באַמערקט.

לוידין האָט זיך אָנגערופן:

— זונטיק וועט פּרוינדאָרפער קומען אויף מיטיק. אַזוי ווי ער האָט מיר געגעבן אָנצוזאָגן ווועגן דעם, האָב איך אים, פאַרשטייט זיך, פאַרבעטן. איך האָף, פּיאַ, אַז דו האָסט גאָר נישט געגן דעם. איבעריקנס האָט ער בדעה־געהאַט אָנצופרעגן דיך טעלעפאָניש.

— ביז איצט האָט ער נישט געקלינגען, — האָט פּיאַ באַמערקט. זי האָט אַ שמייכל געטון און געוויזן אויף מאַרלענען. — איך בין צופרידן, אָבער איר, דאַכט זיך מיר, איז דער וויזיט גלייכגילטיק.

— דער פּאָטער ווייסט גאַנץ גוט, אַז איך האָב נישט איבעריק ליב דעם דאָקטאָר פּרוינדאָרפער, — האָט מאַרלענע שנעל זיך אָנגערופן, ווערנדיק רויט. — איך בין מודה, אַז ער איז זער אַ קלוגער און געבילדעטער מענטש, אָבער עס איז נישטאָ פאַר אים קיין שום הייליקעס אויף דער ערד. עס איז

אויך מיאוס, וואָס ער טרינקט אַזוי פיל. ערשט נישט לאַנג, יום־טוב, בעת ער איז געווען ביי אונדז צו־גאַסט אויף מיטיק, האָט ער אַליין אויסגעטרינקען א גאַנצע פלאַש רויט־ווייַן און עס איז אים נאָך געווען צווייניק, ער האָט נאָך געוואָלט קאָניאַק.

רעלי האָט אויסגעגלאָצט אַ פּאָר אויגן. עס איז שווער געווען צו באַמערקן, צי זי האָט באַוווּנדערט, אָדער צי זי האָט געמוסרט די שוועסטער פאַר איר דרייסטקייט.

— אַך, קינדער, קינדער, — האָט לוידין געענטפערט, — ווי שנעל איר גיט אַרויס אַן אורטייל. וואָס ווייסט איר וועגן אַזאַ מענטש, ווי אויזשען פּרויבדאָרפער? איר מוזט מודה זיין, אַז ער האָט אויך זיינע גוטע זייטן. איר רעדט פון הייליקייטן? וואָס זענען דאָס אַזוינס הייליקייטן? קען מען דען הייליקייטן מעסטן אויף דער האַנט? גיט נאָר אַ קלער, ווי ער באַציט זיך צו זיין זון מיקאָלאַי. וויפיל ער פאַרמאָגט פאַר אים, וויפיל געהיימניספולע, ראָמאַנטישע ליבע!

מארלענע האָט פאַרשעמט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ. רעלי האָט טריומפירנד געשמייכלט.

אויך לוידין האָט אַ שמייכל געטון.

— געוויס, אַז איך וואָלט דיר, מארלענע, געבראַנגט צו־פירן מיקאָלאַיען, וואָלסטו מער צופרידן געווען. — האָט ער געזאָגט.

מארלענע האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ, אַזש די לאָקן האָבן איר א טאַנץ געטון, און אַ שטראַלנדיקע האָט זי געקוקט אויפן פאָטער.

— יאָ, ער געפעלט מיר, — האָט זי זיך אָנגערופן.

אויך רעלי האָט וועגן מיקאָלאַיען געהאַט דיזעלבע מיי־נונג, וואָס די שוועסטער.

— איך רעכן, אַז נישט צופיל... — האָט לוידין גע־זאָגט. — איך האָב אויך מורא, אַז דו וועסט נישט אויסהאַלטן די קאָנקורענץ. ער לעבט בלויז מיט מוזיק. אין דער קומענ־דיקער וואָך וועט ער דיריגירן צום ערשטן מאָל אין דער

כאָראַל-געזעלשאַפט. איך האָב עס נעכטן געלייענט אין דער צייטונג. ווי מען זאָל עס נישט אָנרופן, איז עס צו אַכצן יאָר אַ באַדייטנדע קאַריערע.

ער האָט געענדיקט דאָס אָנגעטבראָט, ער האָט אַוועקגעלייגט גאָפּל-מעסער און מיט אַ שמייכל אַרויסגענומען פון דער סודדוט־קעשענע אַן אייזעלע פון גומע.

— דאָס איז פאַר הובערטן, — האָט ער געזאָגט, — איך האָב עס היינט געקויפט, ער זאָל זיך שפּילן דערמיט.

ער האָט דאָס שפּילצייג געלייגט אויפן טיש.

— שוין ווידער! — האָט פיאַ פריילעך געמורמלט, — האָסט דאָך אים ערשט געקויפט גלעקלעך. באמת, פרידריך, דו פּיעשטשעסט און מאַכסט אים קאַליע.

— איך מאַך אים קאַליע? — האָט לוידין געפרעגט, וויגנדיק דעם ריזיקן קאָפּ, — מיט [illegible]דאָזיקן גומענעם אייזעלע? ווייסט, פיאַ, ווען דאָס יינגל וועט אַלט זיין דרייצן יאָר און מיר וועלן קענען ערשט זען די רעזולטאַטן פון דער גוטער דערציונג, אָדער פון דער פאַרדאָרבענער דערציונג, וועל איך אַלט זיין זעקס און זעכציק. בעסער געזאָגט, איך וועל אפשר אַלט זיין אַזוי פיל, ווייל מען קען נישט וויסן, צו איך וועל דערלעבן אַזא עלטער. דערלויב דעריבער, טייערע פיאַ, צו וואַרפן דאָס דאָזיקע גומענע אייזעלע אויפן גורל פון שלעכטע מעגלעכקייטן.

ער האָט איר אַ קוש געטון אין דער האַנט.

דידאָזיקע ווערטער האָבן האַרציק געקלינגען, אָבער עפּעס אומהיימלעכעס האָט געשטעקט אין זיי און אַלע האָבן אויסגעוויזן עס צו דערפילן.

— ניין, דאָס האָב איך נישט געוואָלט זאָגן, — האָט פיאַ זיך געאיילט צו באַמערקן: — ליידער האָב איך נאָך פאַר דיר אַ נישטאַנגענעמע נייעס. פון האַלב אכט אָן וואַרט עמיצער אויף דיר אין דער ביבליאָטעק. עס איז אַ יינגערמאַן, ער הייסט קאָנראַד לאַנץ. איך האָב נישט געקענט פועלן, ער

זאָל מוחל זיין. ער וויל זיך פאַר יעדן פרייז זען מיט דיר. דו ווייסט דאָך, אז איך האָב נישט קיין האַרץ ארויסצובעטן מענטשן; דאָס איז אַ חסרון און איך זע אויף דיר, אז איך האָב עס נישט געדארפט טון. זיי מיר מוחל.

— זיכער בין איך דיר מוחל, פיאַ. ערגעץ מוז איך דאָך האָבן א פעסטונג, ווי זיך צו באַהאַלטן. נאָר אויב דאָס אומגליק איז שוין געשען, וועל איך באַלד דערליידיקן דעם מענטשן.

ער איז אויפגעשטאַנען, האָט אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ צו פיאַן און צו די מיידלעך און ארויס.

קאָנראַד לאַנץ איז געזעסן איינגעקורטשעט אין דער גרוי־סער, בלויז מיט איין לאָמפּ באלויכטענער ביבליאָטעק. אַז לוידין איז אַריין, איז ער גיך אויפגעשטאנען, צוגעגאנגען צו אים און געזאָגט:

— איך בעט מוחל צו זיין, וואָס איך בין אזוי צודרינג־לעך, הער דאָקטאָר. איך ווייס, ווי טייער עס איז אייער צייט אין יעדן פרט. איך האָב אָבער נישט געוווסט, וואָס צו טון...

— איך פאַרשטיי נישט, הער לאַנץ, פאַרוואָס איר האָט נישט אויסגעקליבן דעם געוויינלעכן וועג, — האָט אים לוידין טרוקן איבערגעריסן, — איך האָב, ווי יעדער ארבעטער, א רעכט אויסצורוען זיך אין די פרייע שעהן.

דער יינגערמאַן האָט זיך נישט־דרייסט פארנייגט.

— איך האָב מיך זיך שוין באמיט צו פאַרענטפערן פאַר דער געערטער פרוי, — האָט לאַנץ זיך מתנצל געווען. — איך קען שטודירן נאָר א דאַנק די לעקציעס, וואָס איך גיב. פון זיבן איגדערפרי ביז זיבן אינאָוונט קען איך נישט האָבן קיין פרייע שעה אָן שאָדן. איך בין לחלוטין אָן עקזיסטענץ־מעגלעכ־קייטן. מיין שוועסטער קאַראָלינע, מיט וועלכער איך מוז זיך נאָך היינט פאַרנעמען, איז, אזוי ווי איך, אָן עקזיסטענץ־מיטלען. איך האָב געטראַכט: קומען אין דער קאנצעלאריע פון באַרימטן אַדוואָקאַט לוידין, וואָס הייסן, ווי איך וואָלט געווען א געצאָלטער קליענט.

איך האָב באשלאָסן צו האנדלען אָפנהארציק. איך האָב אויך געמוזט מורא האָבן, אז מען וועט מיך נישט צולאָזן. און צוליב אָט די אלע סיבות, און אויך דערפאר, ווייל איך קען אייך שוין אזוי לאנג און האָב צו אייך דאָס צוטרויען, האָב איך מיך דערוועגט...

— ווירקלעך? מיר קענען זיך שוין לאנג? ווי אזוי?

— האָט לוידין ווידער איבערגעריסן דעם סטודענטס נערוועזן שטראָם ווערטער. ער האָט געוויזן אויף א שטול, אָבער דער סטודענט לאנץ האָט עס נישט באמערקט, כאפנדיק דעם אָטעם האָט ער געצויגן ווייטער:

— מיט עלף יאָר צוריק האָב איך געוווינט מיט די עלטערן אויף דער וואזע-גאס אין זעלבן הויז, וואָס איר, הער דאָקטאָר. גייענדיק אינדערפרי אין דער שול, האָב איך אייך כמעט שטענדיק געזען. איר זענט אראָפגעגאנגען פון די טרעפן מיט א פאָרטפעל אקטן. דער פאָרטפעל האָט ביי מיר ארויסגערופן דעם גרעסטן דרך-ארץ, אפילו א שוידער. ער איז געווען פאר מיר די פארקערפערונג פון סודותדיקייט. עס האָט אָפט געטראָפן, אז איך האָב אויף אייך געוואַרט פארן טויער פון הויז. הגם איך האָב געקענט פארשפעטיקן די צייט פון גיין אין דער שול, האָב איך געוואַרט, כדי צו זען דעם פאָרטפעל מיט אקטן. אָבער דאָס איז נישט אלץ, דאָס איז נישט דער עיקר...

לוידין האָט אים פּלוצלינג שארף אָנגעקוקט.

— איך דערמאָן זיך, — האָט ער געזאָגט, א דורכטיילנדיק די באָרד מיט דעם ווייז-פינגער, — לאַנץ... לאַנץ... איז אייער פאָטער נישט געווען קיין בוכהענדלער? א געהילף פון דער פירמע אויף מארגארעטהען? די פירמע האָט באנקראָטירט... אייער פאָטער האָט געהאט שטעקן זיין אָפגעשפּאָרט געלט אין געשעפט... עס איז געווען א ביזוויליקער באנקראָט...

— זייער ליב פון אייער זייט, אז איר געדענקט, — האָט קאָנראד לאנץ זיך אָנגערופן, —איר האָט זיך אזוי ברייטהארציק ארייננגעמישט אינעם ענין און א דאנק אייך האָבן די בעלי-חובות

צוריקגעגעבן מיין פֿאָטער אַ גרויסן טייל פֿון זיין געלט. מיין פֿאָטערס דאנקבארקייט האָט נישט געהאַט קיין גרענעץ, און איך אליין וואָלט אָן אייער הילף נישט געקענט בלייבן אין גימנאזיע. איר האָט אויך געהאָלפֿן מיין שוועסטער, וועלכע האָט שוין דעמאָלט געציילט צוואנציק יאָר, שאפֿנדיק איר א פֿאָסטן. די עלטערן האָט וואָס א מאָל, אָנגעהויבן ערגער צו גיין און אין צוויי יאָר ארום זענען ביידע געשטאָרבן כמעט אין איין צייט.

לוידינס פּנים האָט פֿארלוירן דעם אָפּשטויסנדניקן, קאלטן אויסדריק.

— זעצט אייך, — האָט ער געבעטן קאָנראד לאנצן, — און דערציילט, וואָס א זוינס האָט אייך געבראכט צו מיר.

## II.

— עס האנדלט זיך וועגן מיין שוועסטער קאראָלינע, --
האָט לאנץ אָנגעהויבן ; — אָבער איך וויל אלץ דערציילן, נאָר
מיט א סדר. און דעריבער וועל איך אָנהויבן פון הארטמאנסהאָף
און פון דער משפחה הארטמאן.

און קאָטטינגברון, נישט אין דעם שטעטל גופא, נאָר
אויפן וועג, אויף אַ בארג, געפינט זיך אַ גוט, וואָס באשטייט
פון א קליינעם הויף און א שטיקעל ערד, וואָס עס געהערט צו
א געוויסן הארטמאן און רופט זיך הארטמאנסהאָף. דאָס איז
געווען א ירושה פון הארטמאנס עלטערן. פון דער פּאָליטישער
מפּלה און פון דער געלט-דעוואלוואַציע האָט הארטמאן, א דאנק
עטלעכע גליקלעכע געשעפטן, ארויסגעראטעוועט דאָס נעבעכדיקע
גוט. פאר דער מלחמה איז ער געווען אזא מין דאָרפישער
ארכיטעקט. ער האָט א דורכגעפירט רעפעראציעס אויף הייזער
און געמאכט ניי-מאָדישע דעכער. שפּעטער האָט ער אָבער
אוועקגעוואָרפן דידאָזיקע באשעפטיקונג און אָנגענומען
עטלעכע אמטן אין דער גמינע. אזוי, למשל, איז ער געווען
א פייער-לעשער-אינספּעקטאָר, און אַן עקספּערט ביים שאצן.

מיט זיין ווייב, בריגידע, האָט ער קיינמאָל נישט געלעבט
בשלום. צו אַן אָפענער קריגערייי איז אָבער נישט געקומען.
זי שטאמט פון דער שטאָט ; פאַר דער חתונה איז זי געווען
אַ באָנע, זי האָט זיך געהאלטן העכער פאר די אָרטיקע פרויען.
זי איז דאַכט זיך, געווען אַ גאַנץ גוטע באלעבאָסטע, איינע פון
די, וואָס היטן פּלייסיק אלץ אָפּ און לאָזן גאָר נישט ארויס
פון דער האנט. האַרטמאז איז שויז געוועז אַ מאַז פוז איבער

פירציק יאָר און ניין יאָר האָט ער שוין געהאַט געלעבט מיט דער פרוי, וועלכע האָט אים געבוירן צוויי יונגלעך. די קינדער זענען שוין אַלט געווען זעקס און אכט יאָר, ווי עפּעס אַ טויבע אומצופרידנקייט, — איך ווייס נישט, ווי איך זאָל עס אָנרופן, — האָט ממש אַרויסגערופן אין אים אַן אויפרייס. אָפט האָט ער זיך אָן ציל אַרומגעשלעפּט אין דער סביבה, פאַרנאַכלעסיקט די פליכטן און נישט געקענט אויסהאַלטן ביי קיין שום אַרבעט. ער האָט אויסגעמיטן זיך צו געפינען אויג אויף אויג מיט דער פרוי און דערנאָך האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די גאַנצע צייט איז ער געווען פאַרנומען מיט איין געדאַנק, פון וועלכן עס איז לאַנגזאַם געבוירן געוואָרן אַ פּלאַן. איינמאָל איז ער צוגעגאַנגען צום ווייב און איר פאָרגעלייגט אַ גט.

דאָס ווייב האָט נישט געקענט פאַרשטיין, וואָס אין אים קומט פאָר. לויט איר מיינונג איז ער געווען אַ פּראָסטער מענטש. ער איז עס ווירקלעך געווען, אָבער נישט אויף אַזויפיל, ווי זי האָט געמיינט. דערביי האָט זי אים געהאַלטן פאַר אַ פאַרבאָרגענעם, פאַר אַ בעל־סוד; אורטיילנדיק פון הערן דערציילן, רעכן איך, אַז ער האָט בלויז פאַרמאָגט אַן אייגנאַרטיקע עמפּינדלעכקייט, וואָס האָט אים געמאַכט אין יענעמס אויגן פאַר אַ נישט־אויפריכטיקן, אמווייניקסטנס, אין בריגידעס אויגן. זי איז געווען טיף איבערגעצייגט, אַז פאָדערנדיק אַ גט, האָט ער אַן אויסגערעכנטן פּלאַן און זי האָט אים ענערגיש גענומען נאָכשפּיאָנירן, כּדי אים צו כאַפּן אויפן הייסן פּונקט פון אומגעטרייקייט, אין וועלכן זי איז געווען איבערצייגט. אירע אָנשטרענגונגען זענען אָבער געווען אומזיסט. ענדלעך האָט זי פאַרלוירן יעדע האָפנונג און דער מאַן איז פאַר איר דערמיט געוואָרן נאָך מער אויסטערלישער. זי האָט אים אפילו אָנגעהויבן האַלטן פאַר אַ משוגענעם. דערווייל איז נישט פאַרביי קיין טאָג, ער זאָל נישט רעדן וועגן צעשיידן זיך. ער האָט כּסדר געטענהט, אַז זיין איצטיקע לעבן איז אים אומדערטרעגלעך, ער וויל עס ענדערן און פריי זיין.

דאָס ווייב האָט געוואָלט האָבן רו, און רעכנענדיק, אַז דער מאַן וועט נישט איינגיין אויף אַזאַ תנאי, האָט זי צום סוף געזאָגט: גוט, איך וועל זיך שיידן מיט דיר, אָבער פריער מוזט מיר אָפּשרייבן האַרטמאַנסדאָרף. ער האָט געקלערט; האָט נישט געוויסט וואָס צו ענטפערן. צעמאַרגנס האָט ער זיך אָנגערופן: איך וועל מיר איבערלייגן. ער האָט געהאַט מיט זיך אַ ישוב־הדעת אַ גאַנצע וואָך. דערנאָך איז ער געקומען צו איר און זי באַמיט אָפּצורעדן פון דערדאָזיקער פאָדערונג און פארלאנג פון א טייל פון פארמעגן. זי וויל נישט הערן דערפון, זי וויל אפילו נישט, אז דאָס גוט זאָל פארשריבן ווערן אויף די גט־אַקטן, אזוי ווי דער מנהג איז. ניין, דערקלערט זי: צוערשט דאָס הויז, דערנאָך קענען מיר רעדן ווייטער. דעמאָלט איז האַרטמאן אַוועק צום רעיענט און געהייסן אָפּשרייבן אויף איר נאָמען דאָס הויז.

אז דאָס איז געשען, איז זי געפאָרן אין דער שטאָט אַריין און זיך בעראטן מיט אַן אַדוואָקאַט. הארטמאַן האָט גע־קלערט: אלץ גייט אויפן בעסטן וועג; אָבער ער האָט זיך ביטער טועה געווען. מיט דער הילף פון אדוואָקאט האָט די פרוי אָנ־געהויבן אן איבערגעשפיצט שפּיל; זי האָט אויסגעשפּרייט א נעץ פון דרייעניש און הבטחות; ענדלעך פאָרט זי ארויס מיט א נייער פאָדערונג: זי וויל אויך צוויי מיליאָן פאַר זיך און פאר די קינדער. פון בלויז דעם באַלעבאַטישקייט קען איך נישט דערנערן די קינדער, טענהט זי; איך דאַרף האָבן געלט. דאָס איז אמתער געלט־אויספרעסונג, און האַרטמאן ווייס נישט וואָס צו ענטפערן דערויף; עס נעמט אים אַרום אַ פחד. די ווייבערישע גיריקייט צערייסט יעדן פאָדעם צווישן אים און איר, — ער האָט זיך אזוי אליין שפּעטער אויסגעדרוקט, — און עס בלייבט אָבער פאראכטונג. ער האָט בלויז נאָר איין ווונטש: אַראָפּוואַרפן פון זיך די קייט. דאָס פארמעגן און געלט גייט אים נישט אָן, אבי צו ווערן פריי דערפאר. און אָן פראָטעסט און קאמף באפרידיקט ער אויך דאָס איצטיקע מאָל דעם פארלאנג פון דער פרוי.

אויך איצט געענטפערט אים בריגידע אָפּ, אַזוי ווי דעמאָלט, בעת ער האָט איר אָפּגעשריבן דאָס הויז. און דאָ דערקענט האַרטמאַן קאַראָלינען. מיר האָבן אין יענער געגנט אַ מומע, אַן אַלמנה נאָך אַ שטייער־דירעקטאָר, וואָס לעבט באַשיידן פון איר פּענסיע.

ביי איר האָט זיך דאָס אַ גאַנצן ווינטער געפונען קאַראָלינע. זי איז נישט געווען קיין איבעריק־געזונטע, און נישט זייענדיק אין אָרדנונג מיט די לונגען, זי האָט עטלעכע יאָר געאַרבעט אין אַ שניידער־וואַרשטאַט. איך וויל דאָ נישט רימען קאַראָלינען; זי איז, אפשר, נישט קיין שיינע, אין יענער צייט איז זי געווען אַ ביסל פאַרוועלקט, אָבער זי איז אַ גוטע און אַ מיטפילנדע, און שכל האָט זי אויך. עס איז נישט אוועק קיין גאַנצע וואָך, זייט זיי האָבן זיך באַקענט, און מען האָט זיי שוין נישט געקענט צעשיידן. האַרטמאַן האָט געקריגן דאָס צוטרויען צו קאַראָלינען. זי האָט געהאַט אין זיך די מעלה אויפצוהויבן זיין דערשלאָגענעם גייסט און אַריינהויכן אין אים פרישע כחות. אָבער, ווי געזאָגט, איז זיין נשמה געווען שטאַרק אויפגעטרייסלט. איצט האָבן זיך נאָך צוגעטשעפּעט די רירנדיקע געפילן צו קאַראָלינען. עס איז אויך געווען אַ נאַסער ווינטער. האַרטמאַן איז ערנסט קראַנק געוואָרן און דאָס אין טאָג, ווען בריגידע איז אויסגעפאָרן אין דער שטאָט אַריין, כדי צו רעדן מיטן אַדוואָקאַט. זי האָט מיטגענומען מיט זיך די יינגלעך. דעמזעלבן טאָג איז אויך אַנטלאָפן די דינסט נאָך אַ מחלוקה מיט דער באַלעבאָסטע. האַרטמאַן האָט זיך געפונען אַליין און געלעגן אין היץ. עס קומט אים שווער אָן, ביז ער גיט צו וויסן די שכנים וועגן זיין לאַגע און בעט מען זאָל מודיע זיין דער פריילין לאַנץ, וואָס וווינט דאָ און דאָ. קאַראָלינע קומט צו גיין. זי רופט אַ דאָקטאָר. זי פלעגט דעם חולה. פיר טעג כסדר טרעט זי נישט אָפּ פון זיין בעט אויף קיין רגע. עס איז געווען אַ לונגען־אַנטצינדונג. מען קען זאָגן, אַז ער האָט זיך אַרויסגעריסן פון די נעגל פון טויט. דער קריזיס איז אַריבער.

די היץ איז געפּאַקן, דעמאָלט איז אָנגעקומען בריגידע. מיט איין בליק פאַרשטייט זי די סיטואַציע. קודם־כּל בעפעלט זי קאַראָלינען צו פאַרלאָזן דאָס הויז. עס איז מיין הויז, זאָגט זי. דערנאָך איז זי אַרויס אויף האַרטמאַנען: אַהאַ, דו ליגנער, קאָמעדיאַנט, האָט זי אויסגערופן, ענדלעך האָב איך דיך געפּאַקט, ענדלעך פאַרשטיי איך דיינע כּוונות, און זי נעמט העכער טומלען, ווייל אפשר איז זי צופרידן דערפון, וואָס זי קען זיך ענדלעך אויסשרייען. ביז־אַהער, האָט זי ווייטער געליאַרמט, האָט זי זיך געלאָזט פירן פאַר דער נאָז און צוליב די קינדער אָנגעשטעלט אַ גוט פּנים און איז געווען אַזוי נאַריש, אז זי האָט געגלויבט אין דער אומשולדיקייט, אָבער איצט, ווען דער שווינדל איז אַנטדעקט געוואָרן, קען שוין נישט זיין קיין ריידוועגן אַ גט, און אָט דאָס וועט זי מודיע זיין איר אַדוואָקאַט.

דערביי איז עס געבליבן. האַרטמאַן האָט געוווסט, אַז עס איז שוין נישטאָ קיין האָפנונג; ער האָט זי געקענט. ער האָט געוווסט, אז איר כאַראַקטער האָט זיך קיינמאָל נישט געענדערט. זי האָט אים פּשוט באַשווינדלט. אין אַ וואָך אַ רום, פּילונדיק זיך געזונטער, איז ער ביינאַכט אויפגעשטאַנען, האָט זיך געזעצט ביי דעם שרייב־טיש און אָנגעשריבן די צוואָה, אין וועלכער ער האָט דאָס גאַנצע געלט, וואָס ער האָט פאַרמאָגט און וואָס ער האָט אין גוטע פּאַפּירן געהאַלטן אין איינער פון די דאָרטיקע בענק, נאָכן אַראָפּנעמען דעם געהעריקן טייל פאַר די קינדער, באַשטימט פאַר זיין פריינט קאַראָלינע. עס איז געווען אַ סומע פון פינפציק מיליאָן קראָן. די ציפער פון דער סומע האָט ער אויסגעזאָגט קאַראָלינען נאָך פאַרן טויט. ער האָט אונטערגעשריבן דעם אַקט, אים אַריינגעלייגט אין שופלאָד פון אַן אַלטן טיש, עס פאַרמאַכט און איז אַוועקגעגאַנגען מיטן געפיל, אַז ער האָט פאַרזיכערט קאַראָלינעס גורל. עס זענען דאָ, ווי עס איז באַקאַנט, אַזעלכע שטימונגען, וואָס באַרויקן זיך מיט אַ דאָקומענט. אין עטלעכע טעג דערנאָך פּאַקט האַרטמאַן איין די נויטיקסטע זאַכן אין אַ קופער, וואַרט

אויפן אָוונט אין נייט א וועק. אויפן וואָקזאל ווארט אים אָן קאראָלינע און זיי פאָרן אוועק צוזאמען.

זיי האָבן זיך באזעצט אין סטיריע. הארטמאן איז דאָרט געווען באקאנט נאָך פון א צייט צוריק. ער האָט באקומען א באַשעפטיקונג אין אַ קונסט־טישלעריי. ער האָט געפירט די ביכער און געשריבן רעכנונגען. די ארבעטער האָבן אים אזוי ליב־געקריגן, אז זיי האָבן אים אויסגעקליבן פאר זייער פארטרויונגס־מאן. ער האָט פארדינט אזוי פיל, וויפיל ער און קאראָלינע האָבן געדארפט. זיי האָבן געוווינט אין א קליינער וווינונג אין עק שטאָט. סוף יאָר האָט קאראָלינע געבוירן אַ קינד. ער איז געווען דערמיט אזוי גליקלעך, ווי נאָך קיינמאָל נישט אין זיין לעבן, דאָס האָט מען בלויז געקענט דערקענען אין זיינע אויגן און אין־זיין אויפפירונג, ווייל ער איז געוואָרן נאָך שווייגנדיקער. יעדע ארבעט איז אים לייכט צוגעגאנגען. איך האָב אים געזען אין דערדאָזיקער צייט. אָפט האָט ער געקוקט אויף קאראָלינען אזוי, ווי ער וואָלט איר געוואָלט דאנקען דערפאר, וואָס ער האָט זי געטראָפן. איך מיין, אַז קיין שום זאַך וואָלט אים מער נישט באַאומרויקט, אויב ער וואָלט געקענט פארגעסן די פאַרגאַנגענע יאָרן, וואָס ער האָט אָפגעלעבט מיט זיין ערשטער פרוי. אָבער ער האָט עס נישט געקענט פאַרגעסן. געפינענדיק זיך מיט זיי, האָב איך געמאכט מיט אים א שפאציר. ער האָט זיך דעמאָלט אָנגערופן צו מיר: אמאָל האָב איך אָפט געקלערט וועגן טויט, איך האָב זיך אפילו אָפט געבעטן אויף אים. איצט וויל איך בלויז לעבן און יעדער טאָג איז פאַר מיר צו קורץ. אָט דאָס איז אויך געווען די סיבה, וואָס עס איז אים לחלוטין ארויס פון זכרון די צוואָה, וואָס ער האָט איבערגעלאָזט אין האַרטמאנסדאָרף. עס איז נישט איינגעפאַלן זי צו באַנייען: ער האָט לייכט געקענט דורך אַ צווייטער רעדאַקציע פאַרזיכערן די שוועסטער און דאָס קינד. זי וואָלט הייגט אַנדערש אויסגעזען.

אָבער איך וויל נישט מאַריך זיין: איינמאָל איז ער

אינאָוונט אַ היים געקומען פֿון דער פֿאַבריק שווידערנדיק. ער האָט זיך געלייגט אין בעט און תּיכּף פֿאַרלוירן דאָס באַוווּסטזיין. ערשט ביינאַכט האָט ער עס אויף עטלעכע מינוט צוריק געוווּנען. אין די דאָזיקע עטלעכע מינוט האָט אים געפּייניקט דער געדאַנק, אַז ער וועט נישט האָבן גענוג צייט אויפֿצוקלערן קאַראָלינען דעם ענין מיט דער צוואה. ביז איצט האָט ער זיך נישט געקענט נעמען דערצו, האָט עס יעדן טאָג אָפּגעשלעפּט, אַזוי עקלהאַפֿט איז אים געווען יעדע דערמאָנונג וועגן זיין פֿריערדיק לעבן, אַזוי נישט אַנגענעם איז פֿאַר אים געווען יעדער געדאַנק פֿון טויט און וועגן דעם סוף פֿון זיין גליק. אָבער ער האָט נאָך באַוויזן איר אַלץ צו דערקלערן און אויסזאָגן, ווי גרויס עס איז געווען די פֿאַר איר באַשטימטע סומע און האָט איר איבערגעגעבן דעם שליסל צום שופֿלעדל פֿון טישל, דערנאָך איז ער ווידער געפֿאַלן אויפֿן קישן און אין צוועלף שעה אַרום איז ער געשטאָרבן.

איך וויל נישט שילדערן, וואָס עס איז געשען מיט מיין שוועסטער. מען קען זיך דאָס אַליין פֿאָרשטעלן. בריגידען האָט מען, פֿאַרשטייט זיך, מודיע געווען וועגן האַרטמאַנס טויט; זי איז שנעל געקומען צופֿאָרן, האָט צוגענומען דעם פֿאַרשטאָרבענעמס פֿאַרמעגן, זיין אָנגעטועכץ, וועש, שיך, אַ זייגער און אַ רינג, קעגן וועלכן קאַראָלינע האָט אין טרויער לחלוטין נישט פּראָטעסטירט, און אין דערזעלבער איילעניש איז זי אַוועקגעפֿאָרן, נישט וואַרטנדיק אַפֿילו אויף דער לויה. ווען קאַראָלינע האָט זיך מיטן קינד איבערגעצויגן צו מיר (איך האָב דעמאָלט צופֿעליק געהאַט אַ פֿריי צימער), האָב איך איר געזאָגט: דו מוזט תּיכּף פֿאָרן קיין קאָטטינגברון נאָכן טעסטאַמענט. זונטיק, צוויי טעג דערנאָך, איז זי טאַקע אַהינגעפֿאָרן מיטן קינד אויף דער האַנט. איך האָב זי געוואָלט באַגלייטן, אָבער זי האָט נישט געלאָזט. איך מוז פֿאָרן אַליין, האָט זי געזאָגט. זי קומט קיין האַרטמאַנסדאָרף און וויל רעדן מיט דער פֿרוי. ביי דער טיר פֿון הויז שטייען צוויי יינגלעך און גלאָצן אויס

די אויגן אויף איר. אין אַ ווייל ארום קומט אָן בריגידע. מיין שוועסטער דערקלערט, וואָס זי וויל. די פרוי מעסט זי אָן מיטן בליק פון אויבן־אַראָפּ און זאָגט קאַלט:

ביטע זייער, איר האָט אַ פרייען וועג, קומט מיט מיר אַרויף אין דער הויך און וועט אַליין צונעמען דאָס שטיקל פּאַפּיר; אויב עס האָט זיך געפינען אינם שופלאָד, וועט איר עס האָבן. קאַראָלינע גייט אַרויף אין דער הויך. די פרוי גייט פאָראויס. זיי קומען אַריין אין אַ צימער, מיין שוועסטער נעמט אַרויס דעם שליסל און וויל עפענען דאָס שופלאָד. עס ווייזט זיך אָבער אַרויס, אַז דאָס שופלאָד איז אינגאַנצן נישט פאַרשלאָסן. עס געפינט זיך דערינען אַ פּאַק פּאַפּירן, קאַראָלינע קוקט אָן יעדעס שטיקל פּאַפּיר עס זענען בלויז בריוו, צעטלען, קוויטעס, בוי־פּלענער, נאָר קיין שום צוואה זעט מען נישט. אַנדערע שופלעדער זענען געווען פּוסט און אויף זיי האָבן זיך נישט געפינען קיין שום שלעסער.

קאַראָלינע קוקט אָן די פרוי און די פרוי קוקט אָן קאַראָלינען. קיין איינע רעדט נישט אַ וואָרט. קאַראָלינע האַלט זיך אָן מיט דער האַנט אָן אַן אַלטן טיש, ווייל די פיס ציטערן אונטער איר; דאָס גאַנצע בלוט קומט איר צו צום האַרצן, ווייסנדיק, אַז איר און דעם קינד דערוואַרט ביטערע נויט. בריגידע פאַרלייגט די נאַקעטע הענט; זי האָט פריער געקנעטן טייג און איר הויט איז ווייס פון מעל. אויף אירע ליפּן שפּילט זיך אַ דין, ביטערע שמייכעלע, ווי זי וואָלט וועלן זאָגן: נו, טו מיר עפּעס! וואָס קענסטו מיר טון?

קאַראָלינע איז אַוועקגעגאַנגען. אָט דאָס איז אַלץ, וואָס איז געשען. און איצט פרעג איך אייך, הער דאָקטאָר, איז פאַראַן אַ מעגלעכקייט צו צווינגען דידאָזיקע פרוי, אַרויסצוגעבן די צוואה? איך בעט, גיט אַ טראַכט וועגן דער לאַגע פון מיין שוועסטער. זי ווייסט נישט וואָס צו טון מיט איר קינד. מיטן גוף און מיט דער נשמה איז זי בלויז אַ שאָטן פון זיך אַליין, וועגן אַרבעט קען אַפילו נישט זיין קיין רייד. און איך מוז

זיין צופרידן, אויב איך קען צאָלן דירה=געלט, קויפן ברויט און אַ ביסל מילך פארן קינד. וואָס טון? די זאך איז דאָך קלאָר, ווי די זון, און די עולה שרייט צום הימל אַויף נקמה. וואָס אָנהויבן טון?

## IV

נאָך אַ לענגערן ישוב־הדעת האָט לוידין זיך אָנגערופֿן:

—קודם־כּל וויל איך אייך וואָרענען פֿאַר אילוזיעס. די צוואָה האָט דידאָזיקע פרוי זיכער פֿאַרניכטעט; זי קען זי דעריבער נישט אָפּגעבן.

— מען קען דאָך אָבער נישט אָפּלייקענען, אַז די צוואָה האָט עקזיסטירט, — האָט אויסגערופֿן דער ייִנגערמאַן.

— פֿאַרוואָס זאָל זי נישט לייקענען? — האָט לוידין גע־פֿרעגט, ציענדיק מיט די אַקסלען; — אויב זי האָט זיך נישט אָפּגעשטעלט פֿאַר אַ גנבֿה, פֿאַרוואָס זאָל זי מורא האָבן צו לײַ־קענען? ווי אַזוי וועט איר באַווײַזן, אַז די צוואָה האָט עקזיס־טירט, אַז זי איז בכלל אָנגעשריבן געווען, און אַפֿילו, ווען מיר זאָלן אָננעמען דידאָזיקע מעגלעכקייט — ווי אַזוי וועט איר באַווײַזן, אַז זי האָט געוווּסט דערפֿון? דאָס וואָרט קעמפֿט מיטן וואָרט. אײַער שוועסטער האָט דאָך נישט געהאַט קיין עדות, בעת האַרטמאַן האָט אויסגעדרוקט זײַן לעצטן ווילן.

קאָנראַד האָט געקוקט אויפֿן אַדוואָקאַט, ווי אויף אַ מענטש, פֿון וועלכן ער האָט דערוואַרט אַ נס, און וועלכער האָט אים אויסגעניכטערט מיט טרוקענע פֿאַקטן. זײַן דערשלאָגנקייט האָט לוידינען געמאַכט שמייכלען.

— איך בין אַ יוריסט און איך מוז זיך האַלטן בײַ פֿונקטן, — האָט ער געזאָגט. — ווען איך וואָלט אַלס זוכער פֿון אמת נישט געמאַכט קיין טעות, אָדער געווען מער פֿעיקער, וואָלט איך נישט געדאַרפֿט גיין מיט זיגזאַגיקע וועגן, וואָס מאַכן

שנעל אָפּהענטיק אַלע, אָדער די מערהייט פון די, וואָס זוכן ביי מיר גערעכטיקייט. יעדנפאלס אינטערעסירט מיך דאָס געשעעניש, נישט בלויז צוליב אייער פּערזאָן, נאָר פון אַלגעמיינעם שטאנדפּונקט. מען וועט זען, וואָס מען קען טון.

ער האָט אַרויסגענומען פון דער קעשענע אַ נאָטיץ־בוך און פאַרשריבן עטלעכע ווערטער.

— היינט האָבן מיר דאָנערשטיק. קענט איר זיך שבת פארמיטיק באַפרייען אויף צוויי־דריי שעה? אויסגעצייכנט. עס איז פאַר מיר וויכטיק, אז איר זאָלט זיין דערביי. קומט אַ זייגער צען אין מיין קאַנצעלאַריע. דער אויטאָ וועט זיין גרייט. מיר וועלן פאָרן קיין קאָטטינגברון; ווארשיינלעך וועלן מיר אָזוי פרי אודאי טרעפן די פרוי הארטמאן אין דער היים.

לאַנץ האָט זיך פארנייגט:

— איך ווייס נישט, ווי איך זאָל אייך דאַנקען, הער דאָקטאָר...

— לאָזט צורו, — האָט לוידין זיך פאַרטיידיקט. ער איז אויפגעשטאַנען און אָפּגעפירט לאַנצן צו דער טיר. — איך זע דידאָזיקע פרוי. יעדן שטריך אירס, איר קול, וואָרט ביי וואָרט. גלויבט מיר, זע איך, הער איך. דאָס איז א טיפּ, וואָס מען זעט אין פארשיידענע פאַרענדערונגען, וואָס פאַרשפּרייט זיך אויף אַ פּחד־װארפנדיקן אופן.

— דעם טיפּ קענט איר זיכער, הער דאָקטאָר, אָבער איך האָב מורא, אז דער איצטיקער עקזעמפּליאַר וועט אייך ברענגען נישט איין אומגערעכטע איבעראשונג, — האָט דער סטודענט געזאָגט נישט־דרייסט.

לוידין האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ:

— יאָ, דאָס איז די אייגנשאַפט פון אַלע עקזעמפּליארן. און איצט אַ גוטע נאַכט. שבת צען א זייגער.

פּיאַ האָט זיך שוין געפינען אינם שלאָפצימער. ווען ער איז אריינגעקומען צו איר, איז זי געזעסן פארן שפּיגל און זיך געקעמט די האָר, וואָס זענען, נישט געקוקט אויף זייער

געדיכטקייט און שווערקייט, געווען געהאָרכזאַם צו יעדער באַוועגונג פון איר האַנט.

זי האָט אים געקוקט מיט א פּאָר בלישטשענדיקע רויקע אויגן, אין וועלכע עס האָט זיך נישט געפינען קיין צייכן פון בייגעריקייט אין שייכות מיטן וויזיט פון אומבאַקאַנטן און געזאָגט:

— עס האָט לאַנג געדויערט?

— יאָ, עס האָט לאַנג געדויערט,—האָט ער אָפּגעזיפצט און זיך געזעצט אויפן פּאָטעל.

— דו מוזט זיין מיד, פרידריך. רו דיך איצט אויס. איך האָב אַוועקגעשטעלט נעבן בעט אן עפּל און אַ גלאָז מילך.

— דו פאַרשעמסט מיך שטענדיק, טייערע פיאַ, — האָט לוידין געזאָגט מיט אַ קול, וואָס האָט אָפּגעקלינגען מידער, פאַרלאָשענער, ווי ער האָט געוואָלט;—איך האָב דיר געוואָלט ברענגען בלומען, אָבער בעת איך האָב פאַרלאָזט די קאַנצעלאַריע, זענען די געוועלבער שוין געווען פאַרמאַכט. אָט אַזא גורל האָבן שוין שטענדיק מענטשן, וואָס זענען ריטערלעך במחשבה.

— דערפאַר האָסטו אָבער געבראַכט דיין זון אַ גומענעם אייזל,—האָט פיאַ געענטפערט, וואַרפנדיק אויף אים א ליבן בליק.

— דידאָזיקע פרוי פאַרגעסט גאָרנישט, — האָט לוידין באַדויערט אין שפּאַס, — זי פאַרגעסט גאָרנישט. — פּלוצלונג האָט ער אַ כאַפּ געטון א טיכל און עס צוגעשטעקט צום פּנים. ווען ער האָט עס אַוועקגענומען, איז עס געווען פול מיט בלוט, וואָס איז געלאָפן פון דער נאָז. ער האָט א קוק געטון, צו פיאַ האָט גאָרנישט באַמערקט, איז אויפגעשטאַנען, איר געקושט אין שטערן מיט דער גאַנצער פאָרזיכטיקייט, כדי זי זאָל נישט דערזען דאָס רויט-געוואָרענע טיכל און זאָגנדיק מיט אַ האַרציק קול אַ גוטע נאַכט, איז ער ארויס פון צימער. זי האָט געהערט, ווי ער האָט פריילעך געפיפן עפּעס א ניגון פון אַן אָפּערעטקע, זי האָט מיט אים מיטגעזינגען אין געדאַנק, אָבער איידער ער האָט באַוויזן אריינצוגיין אין זיין צימער, האָט ער איבערגעריסן איינמיטן דעם נגון און עס איז געוואָרן שטיל.

# V

אין דער הויף, אויף די שטאָקן, האָבן זיך געפינען די קינדער־צימערן. איינס פון זיי האָט פארנומען דער קליינער הוּבערט מיט זיין אם; אינם צווייטן, קעגן־איבער, האָבן געוווינט מארלענע און רעלי. מארלענע איז געזעסן אין ווייסן נעגליזש ביים טיש און גע־שריבן עפּעס אין א העפט, וואָס האָט געטראָגן דעם נאָמען „טאָג־בוך". איר רונדיקער, לאַנגער קאָפּ, מיט די רונדיקע באקן, רונדיקע נאָז, רונדיקן שטערן, ענלעך צום פּאָטערס שטערן, און חנודיקע ליפּן, פול אויסדרוק, איז געווען אריבערגעבויגן איבערן העפט; זי האָט געשריבן, מיט די אויגן טיף איינגעקוקט אינם פּאפּיר, ווי א זעקסיעריק קינד. צוויי געדיכטע, אש־ברוינע לאָקן זענען איר אַראָפּגעהאָנגען פוןביידע זייטן און אוש דערגרייכט די פיס פון דער שטול.

רעלי, איז געלעגן אין בעט, מיטן קאָפּ אויף די צענויפ־געפלאָכטענע הענט און געמרוזשעט פון מידקייט מיט די אויגן.

— אפשר וועסטו שוין ענדיקן דיין שרייבעריי? — האָט איר שטים איבערגעריסן די טיפע שטילקייט; — איך וואָלט גע־וואָלט שלאָפן.

— ווער שטערט דיר צו שלאָפן? — האָט מאַרלענע גע־פרעגט מיט א קלאָר, ווייך קול. — שלאָף, איך זיץ שטיל, ווי אַ מויז.

— ערשטנס זענען מייז בישט שטיל — האָט רעלי גע־ענטפערט אַ פאַרשלאָפענע, — און צווייטנס קראַצסטו מיט דער

פעדער, דריטנס רעגט מיך אויף דיין געשרייבעריי. וואָס האָסטו דאָס אייביק צו שרייבן? איך פאַרשטיי עס נישט.

— און ווייל דו פאַרשטייסט עס נישט, זוכסטו דעריבער זיך צו קריגן, — האָט מאַרלענע רויק געענטפערט מיט אַ שמייכל, פילנדיק איר העכערקייט. — וויפיל מאָל האָב איך עס דיר געגעבן צו פאַרשטיין, אַז מען מוז אַליין אָפּגעבן פון זיך אַ דין־וחשבון און דעריבער פאַרשרייב איך אַלץ, וואָס פאַרנעמט מיך. אזוי ווי קיינער קלערט מיך נישט אויף, מוז איך אליין געבן אן ענטפער אויף מיינע פראַגן. דו, אודאי, טראַכסט אפילו נישט מכּח האַלטן אין אָרדנונג דיינע געדאנקן. זיי קומען אָן און גייען אַוועק. אָבער דאָס אונטערשיידט נישט דעם מענטש קיין סך פון קאַרליקל אויסטיטי.

— דאָס הייסט... דאָס הייסט... — האָט רעלי אויסגערופן מיט צאָרן, נישט קענענדיק געפונען קיין פּאַסיק וואָרט, — איך ווייס באמת נישט, ווי אזוי איך זאָל עס אָנרופן... פון דיין זייט.

— דו טראַכטסט קרום וועגן מיר. באַרויק זיך; — האָט מאַרלענע געענטפערט מיט חוזק; —ווילסטו מיך איבערצייגן אויף אַ קינדערישן אופן: אנשטאָט מיט שכל קעמפסטו מיט מיר מיט אויפרעגונג, פּונקט אַזוי ווי די דרשה־האַלטערס.

די דרשה־האַלטערס און דער קאַרליקל אוסטיטי זענען געווען קינסטלעך־געשאַפענע באַגריפן, וואָס זענען דערפינדן געוואָרן דורך רעלי און געמיינט האָבן זיי די בכבודע הערן און דאַמען, וואָס האָבן געלערנט די ייִנגע מיידלעך זיך אויפצופירן מאָראַליש.

רעלי האָט זיך אַ ריס געטון פון אָרט. אירע ערלעכע אויגן האָבן זיך אָנגעצינדן. זי איז געוואָרן אין כּעס, וואָס מען האָט זי פאַרגלייכט מיט די דרשה־האַלטערס, וואָס די קנאַפּקייט פון שכל און אויפרעכטיקייט איז ביי זיי אַזוי בולט און זיי האָבן זי שטענדיק אַזוי אויפגערעגט. מאַרלענע איז געצווינגען געוואָרן זי צו באַרויקן.

רעלי איז נישט געווען דער מענטש, וואָס האָט שווייגנדיק

אויפגענומען אַ נישט־גערעכטן פאָרוואורף. זי האָט פארטיידיקט איר מיינונג, אז מען טאָר נישט שטאָלץ ווערן און זיך אָנבלאָזן פון וואָס עס זאָל נאָר נישט זיין, מען טאָר אפילו נישט צופיל שטאָלץ זיין לגבי זיך אליין. מען דארפט געוויס, זאמלען דערפארונגען, אָדער מען טאָר זיי נישט אָפט קריטיקירן. מען דארפטווארטן, וואָס עס וועט ווייטער געשען, מען דארפט צו אלעם זיך צוקוקן און האנדלען, ווי מען מוז, און נישט, ווי מען האָט באשטימט אויפן פאפיר.

זי איז געוואָרן אימפעטיק, אפילו אָנפאַלעריש און אין איר אויפגערעגטקייט האָט זי זיך נישט געשראָקן פאר קיין שארפע ווערטער. מען האָט זי אָבער געקענט פארגלייכן מיט מארלענען נאָר מיטן אופן פון רעדן, אין אלע אנדערע פרטים איז זי געבליבן הינטערשטעליק לגבי איר שוועסטער. מארלענע איז דאָך געווען אזוי שארף און איידל; זי האָט באהערשט די שפראך, ווי אַ פילאָלאָג. דעריבער האָט רעלי כסדר פארלוירן אויפן קאמפס־פעלד, ווי אַ מענטש, וואָס פארטיידיקט זיך מיט אַ שטעקן קעגן אַ געשיקטן פעכטער מיט אַ כלי־זין אין דער האנט. איר פארביטערונג איז דעריבער געוואקסן און ווען זי האָט איינגעפינען איר פאָזיציע פאר האָפנונגסלאָז האָט זי זיך ווידער געוואָרפן אויפן קישן, אויסגעדרייט ס׳פנים צו דער וואנט, ארויפגעצויגן די קאָלדרע צו די אויערן און געשוויגן.

אויך מארלענע האָט זיך דערהיצט; די באקן און די אויגן האָבן איר געפלאמט, עס האָט זיך געדאכט, אז זי האָט באדויערט די באליידיקנדיקע ווערטער, מיט וועלכע זי האָט אויסגעזידלט די שוועסטער; זי האָט זיך באמיט איפצוועקן די שוועסטער, מאכנדיק זיך הוסטן, אָבער די באמיונגען האָבן נישט געבערענגט קיין רעזולטאט. רעלי האָט נישט געלייגט קיין אכט אויף די סיגנאלן, זי האָט זיך אויפגעהערט צו באוועגן אין בעט און מארלענע האָט זיך אָפגעזאָגט אונטערצונעמען ווייטערדיקע שריט.

די לעבעדיקע אָפהאנדלונגען אינם העפט זענען נוגע

געווען נישט בלויז קליינלעכע זאכן. שוין די פראגע אליין צו מארלענע האָט דאָס רעכט צו באשרייבן אינם טאָג-בוך אירע קאָנפליקטן מיט דער סביבה, אין וועלכע זי לעבט, די מיינונגען און איבערלעבונגען, האָט אין איר נשמה ארויסגערופן א קאָנ־פליקט, דערוועקט קליינע, פלאמיקע, באהאלטענע חלוקי־דעות אזוי, אז די ארומיקע האָבן געקענט באמערקן אז עס קומט אין איר פאָר עפּעס א קאמף.

רעלי האָט געהאלטן פאר זייער שלעכט דאָס, וואָס מאר־לענע האָט זיך דערלויבט צו זאָגן פארן פאָטער אין די אויגן איר מיינונג וועגן דאָקטאָר עגיד פרוינדאָרפער. מיט וואָס פאר א רעכט? פון וואנען האָט זי אזא מיינונג? זי האָט דאָך גע־דארפט זען, ווי אומאנגענעם דעם פאָטער איז עס געווען; זי ווייסט דאָך, אז דאָקטאָר פרוינדאָרפער איז דעם פאָטערס בעסטער פריינט. אז מארלענע האָט איר אויפמערקזאם געמאכט, אז זי, רעלי, נעמט זיך אזוי אָן פארן דאָקטאָר פרוינדאָרפער דערפאר, ווייל זי איז אייפערזיכטיק, רעליס פנים האָבן דעמאָלט באדעקט פייער־פלאמען און זי האָט זיך פארטיידיקט מיט הענט און פיס קעגן אזא חשד.

— אָ! — האָט זי אויסגערופן — איך בין אייפערזיכטיק? זאָל זיך מארלענע בעסער דערמאנען, ווי זי האָט פרעך קאָקע־טירט צו ניקאָלאַיען, בעת ער איז ערשט נישט לאנג געזעסן ביים קלאוויר און געשפּילט. זי, רעלי, האָט עפּעס בעסער צו טון, ווי צו זיין אייפערזיכטיק. ווען מארלענע זאָל באשולדיקן אין אייפערזוכט איר בעסטע פריינדין לוירא ארנדט, נו, מילא, קען מען עס נאָך פארשטיין, עס זענען דאָ דאטעס דערצו. אָבער רעלי! אָ! ... מארלענע איז אריינגעפאלן אין כעס און רעלי, ווערנדיק פארטריבן דורך איר אָן רחמנות אין א ווינקל, האָט נאָך באוויזן צו ווארפן אויף דער שוועסטערס חשבון א פּאָר גראָבע ווערטער און אומגעשיקטע אָנצוהערענישן וועגן נאָך עפּעס ענלעכע זאכן און אפילו וועגן אויפרודערישע כּוונות, ביז מארלענע, א פארשעמטע, וואָס זי הערט זאכן, וועגן

וועלכע זי איז נישט דרייסט אפילו צו טראכטן, האָט אין א באַפעלנדיקן טאָן באַפוילן רעלין צו שווייגן.

איצט איז זי דאָ געזעסן, פאַרטיפט אין געדאַנקען, בייסנדיק מיט די ציין דעם עק פון הילצערנעם האַלטער, און מיט צונויפגעצויגענע ברעמען האָט זי ווידער גענומען זיך צום שרייבן.

„יאָ, רעלי ווייסט, אַז צווישן מיר און דער מוטער איז פאַרהאַן אַ דיסהאַרמאָניע. דאָס פּייניקט מיך. איך האָב דאָך מיר געשטעלט אַן אויפגאַבע נישט צו געבן צו דערקענען אויף זיך. זי האָט טיפע אויגן און זי איז געפאַלן אויפן שכל דעמאָלט, ווען איך בין ווייניק אַנטציקט געוואָרן מיטן געבורט פון אונזער ברידערל. ווי אַזוי האָב איך זיך געזאָלט אַנטציקן? פּלוצלונג האָט זיך באַוויזן אַן אינטרוז, אַ קאָמישער טיראַן. וואָס האָט פון אונזער קליינער וועלט גיריק אָפּגעביסן אַ גרויס שטיק. איך בין אַמשטאַרקסטן איבעראַשט געווען, ווען זי האָט מיט מיר גערעדט וועגן פאָטער. דאָס שטיקל וועלט איז איר אַוועקגעקומען, צו איר גרעסטער איבעראַשונג; זי איז בלייך געוואָרן. אָרעמע, בראַווע רעלי. ביי יעדער געלעגנהייט לאָזט זי זיך מיטרייסן פון איר טעמפּעראַמענט; דאָס קען נישט פירן צו קיין גוטס. איז עס אמת, אַז איך הויב אָן צווייפלען אין פאָטערס ערנסט, אַז איך האָב שוין נישט צו אים דעם גרויסן רעספּעקט, וועלכן ער האָט אַ רעכט צו פאָדערן און וואָס ער פאַרדינט? יאָ, זי באַשטעטיקט עס, זי זאָגט, אַז איך פיל אַזוי, אַז זי קען מיין פּנים. איז זי ווירקלעך גערעכט? באַקלער זיך, מאַרלענע. ניין, זי איז נישט גערעכט. בלויז איין זאַך קען איך אָבער נישט אָפּלייקענען; זייט אַ געוויסער צייט באַאומרויקט מיך דעם פאָטערס אויפפירונג; עס באַאומרויקט מיך אפילו זיין זעלטענע העפלעכקייט, נאָכגיביקייט צו דער מוטער, צו אונדז, צו אַלע מענטשן, מיט וועלכע ער רעדט. נישט איינמאָל דאַכט זיך מיר, ווי ער וואָלט יעדן געוואָלט לכף־זכות זיין דערפאַר, וואָס ער ווייסט וועגן יעדן עפּעס מיאוסעס, אָדער ווי ער וואָלט

געקעמפט אין דער נשמה מיט עפּעס אומהיימלעכעס און האָט נישט קיין מוט זיך אויסצורעדן וועגן דעם. די מוטער האָט זיכער זיך גאָרנישט אָנגעשטויסן און איך האַלט עס פאַר א זינד פון איר זייט. דעם אמת גערעדט, איז וואָס שייך איר איז קיין שום זיכערעס נישט פאַרהאַן. זי הערט יעדן אויס און יעדן גיט זי גערעכט. און דאָך האָב איך דעם איינדרוק, אז איר אינטערעס צום פאָטער איז נישט קיין געוויינ־דיקער. איך שטעל מיר פאָר אַנדערש מיין צוקונפט. מיין לעבן מוז זיין אַנדערש. דאָס איז אפשר אן אומזיסטע טירחה. אפשר קען מען מיטן ווילן גאָרנישט אויפטון? וויפיל רעטענישן רינגלען ארום דעם מענטש? די ערגסטע אייגנשאַפט מיינע איז דאָס, וואָס איך בין פול מיט אומצוטרוי צו מענטשן בכלל און צוליב דעם זע איך אומעטום שלעכטס, דהיינו, אָנשטעל און באַהאַלטקייט. זאָל מיך דערפאַר גאָט נישט שטראָפן און עס נישט אָננעמען, ווי רעלי פאַר לעסטערונג".

ווי עס איז צו זען, האָט אין דערדאָזיקער ייִנגער נשמה געהערשט א נישט־געשטעלטער פאַרלאַנג צום אמת, אַ פאַרלאַנג אָן סימנים פון אייגנליבע, אָן פאַרמאַסקירטער בייגעריקייט, אָן א שאָטן פון גוזמא. אין דער היינטיקער וועלט איז אָפּגעמעקט געוואָרן די גרענעץ צווישן דורות. מיט צען יאָר פאַר דער רייפקייט וועקט זיך דער דור, און בעת פון איין זייט ווערן קינדער פאַרברעכער, מאַכט זיי פון דער צווייטער זייט דער ערנסט פון דער צייט פאַר וויסנדיקע.

מאַרלענעס האַנדלונגען האָבן געוויזן אויף אן אינסטינק־טיווער אָנשטרענגונג, נישט צו פוילן זיך. דאָס באשטעטיקט דער אופן, ווי אזוי זי האָט געשריבן, ווי אזוי זי האָט געטראַכט, וואָס צו שרייבן, און אפילו דער אופן ווי זי האָט צום סוף א טרייסל געטון מיטן העפט און עס אריינגעלייגט אין שופלאָד.

מיט א נאָכדענקנדיקן שמייכעלע האָט זי א קוק געטון אויף דער שלאָפנדיקער שוועסטער און זיך אריינגעגליטשט אין בעט.

# V

דער גרויסער רום פון פרידריך לוידין אלס אדוואָקאט הויבט זיך אָן פון סענסאציאָנעלן גט־פראָצעס, וועלכן ער האָט געפירט אין יאָר 1910 אין נאָמען פון פירשט ק., א מלוכה־מאגנאט, קעניג פון האָלץ און ספיריטוס. עס האָט זיך דאָרט געהאנדלט וועגן פארפלאָנטערטע יורידישע פראָבלעמען, באַזיץ־שטרייטן, וועגן פעסטשטעלן דעם ריכטיקן פאָטער פון א קינד. דער פראָצעס האָט אַרויסגערופן דיפּלאָמאַטישע קאָנפליקטן און אן אינטערפּעלאַציע אין פארלאַמענט, אָבער לוידינען האָט זיך איינגעגעבן דעם ענין אַריבערצופירן איבער אלע געפארן מיט אן אומגעווייִנלעכן טאקט און נישט בלויז דער קליענט, נאָר אויך דער צד שכנגד האָט געהאַט באגרינדעטע סיבות צו רימען זיין יורידישע שארפקייט, טיפן פאַך־וויסן און קודם־כל זיין טאַקט און איינגעהאַלטנקייט.

זייט דעמאָלט האָט ער באקומען א נאָמען פאַר איינעם פון די בארימטסטע אדוואָקאטן אין לאַנד, חויפּטזעכלעך אין גט און קרובהשע פראָצעסן, אין אפּוטרופּסות-ענינים, און פראָצעסן וועגן אלימענטן, ירושה, פארמעגן. מיטן לויף פון דער צייט האָט ער באַקומען אזויפיל קליענטן, אז ער אליין האָט נאָר איבערגענומען צו פירן די וויכטיקסטע פראָצעסן, די ווייניקער־וויכטיקע האָט ער איבערגעגעבן קאָלעגן, אָדער אדוואָקאַטן, וואָס זענען געווען אָנגעשטעלט אין זיין קאַנצעלאַריע; ער האָט אָבער געהאַט איבער זיי די אויפזיכט און קאָנטראָל.

אַלע אַדוואָקאטן, שרייבערס, סעקרעטאַרן, סטענאָטיפּיסטקעס, וואָס האָבן געארבעט ביי אים, האָבן אים ליב־געהאַט און

געאכטעט. קיין שום גראָב וואָרט איז נישט געפאלן פון זיין מויל. זיין גערייצטקייט און אומגעדולדיקייט האָט קיינמאָל נישט געמאכט זיינס א געהילף פאַר אַ „קרבן". ער האָט פארמאָגט דאָס טיפע באוווסטזיין דערפון, וואָס דער איינצעלנער מענטש קען אויפטון, דעריבער האָט ער נישט געשטעלט קאַפריזדיקע אויפגעשרויפטע פאָדערונגען, ער האָט נישט געוויסט, וואָס הייסט קוקן פחדנותדיק דורך די פינגער, אין זיין האַנדלונג איז נישט געווען קיין סימן פון פארטרוילעכער שוואכקייט אָדער פון איבערטרעטן די באציונגען; אפילו מיט די, וואָס זענען זייט יאָרן געווען מיט אים אין באציוגגען. האָט ער זיך געפינען אויף א געוויסער דערווייטערונג; עס האָט זיי געהאַלטן פונדערוייטנס די העפלעכקייט, אויב נישט אן איידעלע איינגעהאלטנקייט. אָפט איז נישט געווען באקאנט זיין מיינונג, אָבער די, וואָס ער האָט אַנטפּלעקט, איז גענוג געווען צו קענען ענדגילטיק ציען די ליניע פון זיין טעטיקייט.

ער האָט קיינמאָל נישט ארייגגעשטעקט אַ האנט אין אומריינע, אָדער אפילו אין עטוואָס-פאַרדעכטיקע ענינים; ער האָט אָנגענומען צו פירן דעם פראָצעס פון אַ קליענט נאָר ערשט דעמאָלט, ווען ער האָט זיין פראָצעס געקענט מאַכן פאַר זיינעם. ער האָט געקענט אויסקלייבן. זיינע אונטערנעמונגען און גרויסע הכנסות האָבן דערלויבט אן אָפזאָג אין צווייפלהאפטע פאלן. דאָרט, ווו ער האָט געקענט זיין יורידישער ראטגעבער, און נישט ראַטגעבער פון געוויסן, האָט ער אָפגעזאָגט און די גרעסטע סומע האָט אים נישט געקענט באַוועגן צו ענדערן זיין באשלוס. אָבער נישט שטענדיק זענען די גורלות און פלאָנטערס אזוי איינפאך, די כאראַקטערן אזוי לייכט אדורכצודרינגען, אז אפילו דער דערפארנסטער מענטש, וואָס קען דאָס מענטשלעכע הארץ ביז אין זיין גאָרער טיפעניש, זאָל קענען בלויז אַ דאנק זיין ריינקייט אויסמיידן סיטואַציעס, וועלכע זענען נישט אין הסכם מיט זיינע איבערצייגונגען. דאָס איז לוידינען אָפט געשען, מיטן לויף פון די יאָרן, — וואָס אָפטער, בפרט דעמאָלט, ווען ער

האָט מחמת פּאַרזיכטיקייט לאַנג זיך געוואַקלט. פּלוצלונג האָט ער זיך געפינען אין אַ נעץ. ער האָט די נעץ שוין נישט געקענט צערייסן; ער איז פאַרפירט געוואָרן, האָט זיך אַליין פאַרפירט, ער האָט געוויסט דערפון, און דאָך האָט ער נישט געקאָנט און נישט דרייסט געווען צוריקצוציען זיך. ער האָט עס צוגעשריבן דער צו גרויסער אַרבעט, די אויסשעפּנדיקע התחייבותן, דער אַלגעמיינער ווילנס־אָפּשוואַכונג, דער מתנה פון פלעכטן קאָמבינאַציעס, דער פעיקייט צו חקרנען. אָבער נישט דאָ איז געלעגן די סיבה. זייער מעגלעך, אַז ער האָט צו ווייניק געטראַכט וועגן דער ראָל, וואָס די צייט שפּילט, און אין פלאָנטער פון פּראָצעס, אונטערן דרוק פון טויזנטער פליכטן, האָט ער זיך נישט אָפּגעגעבן קיין חשבון פון געוויסע ענדערונגען, וואָס מענטשן, וועלכע זענען ווייניקער איינגעשלונגען אין לעבן, פילן שטאַרקער, ווי מענטשן פון זיין מין.

פאַר דער ביוראָ איז ער געווען א מוסטער. אַ צירונג פון זיין פאַך. ער האָט געהאַט אַ גרויסן אָנזען ביי דער מאַכט; די ריכטער אפילו די העכסטע, פון אַדמיניסטראַציע־טריבונאַל, האָבן מיט סימפּאַטיע געקוקט פון דער הויך אויף א פּראָצעס, וואָס ער האָט אונטערגענומען. אַ סך הויכע געריכטס־באַאַמטע האָט ער געקענט פון דער שול־באַנק; אַנדערע זענען געווען זיינע פריינט פון דער אוניווערזיטעט־צייט. אין די יאָרן 1911 און 13 האָט אים די רעגירונג באַמינירט פאַרן ראש פון א קאָמיסיע פון פיר פּערזאָן, וועלכע האָט געזאָלט פירן אונטער־האַנדלונגען מיט ענגלאַנד און אַמעריקאַ וועגן אַן הלואה. הגם די אונטערהאַנדלונגען זענען צוויי מאָל איבערגעריסן געוואָרן צוליב אַ פּונקט פון פּרינציפּיעלער באַדייטונג, האָט ער אַרויס־געוויזן אַ פאַר אים אומגעווינלעכע פּאַרזיכטיקייט און געשיקט־קייט, וואָס האָבן געוואונען פאַר אים אנערקענונג ביי זיינע מאַכטהאָבער, נישט רעדנדיק שוין וועגן אָרדער, וועגן וועלכן ער האָט צום ליבסטן געשוויגן. אין זיבן יאָר אַרום האָט מען זיך דערמאָנט וועגן די פאַרדינסטן, וואָס ער האָט געהאַט ביי

דערדאָזיקער געלעגנהייט, און מען האָט געקוקט אויף אים, ווי אויף דעם אמתן מענטש, וואָס וועט קענען ראַטעווען די ווירטשאַפטלעכע איבערבלייבעכצער פון דער צעשמעטערטער מלוכה און זיין זייער פּאַסיק אויפן אָרט פון א רעפּרעזענטאַנט לגבי אויסלאנד. מען האָט געוואָלט שאפן פאר אים דעם אמט פון א גענעראַל=באַפולמעכטיקטער מיט כמעט אן נישט=באַגרענעצטע מאכט און מיט באַדייטנדע הכנסות. ער האָט אָפּגעזאָגט. מען האָט די בקשה צו אים איבערגעחזרט מיט אַ טאָן אז מען דארפט אים נויטיק האָבן. ער האָט נאָכאַמאָל אָפּגעזאָגט. סיבות האָט ער געקענט אָנגעבן, וויפיל מען האָט פארלאַנגט. די וויכטיקסטע האָט ער באַהאלטן פאר זיך.

פרידריך לוידין איז געווען א זון פון אַ פּאָלקס=לערער פון דער שלעזישער גרענעץ. ער איז אויפגעוואקסן אין די באַשיידנסטע באדינגונגען, און אין דער צייט, ווען ער האָט שטודירט, האָט ער זיך געפינען אין א כסדרדיקן קאמף מיט דער נויט. דאָס ארויפהויבן זיך איז, צוזאמען מיט דער נויט, געקומען פּאמעלעך. ער האָט גאָרנישט געהאַט דעם גורל צו דאַנקן. אלץ האָט ער באָר געקענט דאַנקן זיך אליין. ער האָט פאראַכטעט חניפה, קאנטשאַפטן, באַציונגען, טובות, פּראָטעקציעס; ער איז געגאנגען רויק און זיכער מיט זיין וועג, וואָס איז געווען א זעלטענע זאך אין לאנד, ווו אַ האַנט האָט געוואַשן א האנט און יעדער האָט געהייסן זיך באצאָלן דערפאר, וואָס שטופנדיק פאָרויס דעם מאַן פאַר אים, דערלויבט ער אויך פאָרויס צו גיין דעם אונטער אים.

אין יאָר 1906 האָט ער געפירט א ירושה=פּראָצעס, וואָס עס האָט אים איבערגעגעבן אן אלמנה נאָכן הויף=ראט ראָססי, א בעאמטער פון מיליטעריש=געאָגראפישן אינסטיטוט, וועלכער איז געשטאָרבן בעת אן אומגליקליכן פאָרפאל אין בוקאָווינע. אנגעקלאגט האָט די אלמנה די ברידער פון איר מאן. אין א יאָר ארום האָט ער חתונה געהאט מיט פיא ראָסי, א טאָכטער פון דער פרוי הויף=ראט, וואָס איז פון דעמאָלט אָן געבליבן ווינען און דער ווינונג פון איידעם.

## VII

דעם גאנצן מענטש לוידין האָט ארומגערינגלט אזא סודותדיקייט, אז אין דער סביבה האָט ער פשוט נישט געהאט קיין מענטש, מיט וועלכן ער זאָל זיין פארטרויט. דידאָזיקע סודותדיקייט, וואָס האָט, ווי מען האָט לכתחילה געשמועסט, געשטאמט פון זיין פאך און דערפון, וואָס ער איז אזוי געאכטעט געווען, איז וואָס אמאָל גרעסער געוואָרן און זיך איבערגעוואָרפן אויף אלע געביטן פון זיין לעבן. צום סוף איז זי געוואָרן א טייל פון זיין נאטור.

באמת, וועגן אים האָט קיינער גאָרנישט געוווסט. מען האָט געקענט זיינע מעשים, וואָס ער איז באגאנגען אָפן. מען האָט אָבער נישט געקענט דעם שטאם, פון וועלכן זיי האָבן זיך צעצווייגט. א סך מענטשן האָבן אים באצייכנט פאר א נישט־דורכדרינגלעכן, אנדערע האָבן אים געהאלטן פאר א סודותדיקן, עס זענען אפילו געוון א זעלכע, וואָס האָבן פאראורטיילט צום שלעכטן די פארבאָרגנקייט פון זיין כאראקטער. די פלייסיקסטע אבסערוואטאָרן פון זיינע האנדלונגען אין לעבן האָבן נישט געקענט האָבן קיין זיכערע מיינונג וועגן אים. אדרבא, זיי האָבן געמוזט רעווידירן זייערע מיינונגען און איינדריקן ביי יעדערער באגעגעניש. דער גרעסטער טייל האָט עס געהאלטן פאר אן אָנגעשטרענגטער ארבעט און געפינענדיק זיך אין באציונג מיט אים, האָבן זיי זיך נישט געקענט באפרייען פון א געוויסן שרעק, בפרט, וואָס מיטן לויף פון די יאָרן איז קענטיק געוואָרן אין אים א נייגונג צו פעדאנטעריע, אנטפלעקנדיק זיך אין אן

אויסערגעוויינלעכער פינקטלעכקייט און ליבע צו אָרדנונג.

אגם זיין פערזאָן האָט געשמעקט מיט אַ געוויסן כּשוף, און אַממערסטן האָבן אים דערפילט די, וואָס האָבן געמוזט אָנקומען צו אים, קען מען אָבער נישט זאָגן, אַז דער כּשוף האָט געשטאַמט פון גוטסקייט; צו דעם האָט געפעלט ווייכקייט און אָפנהאַרציקייט; בעת די זאַכלעכע קאָנפערענצן האָט ער עגדער אַרויסגעוויזן אַ ווייטגייענדיקן הארטן ערנסט, ווי יענע גוטהאַרציקייט, וואָס איז ביי דעם רוב פון זיינע קאָלעגן געווען אַ טייל פון דער ראָל, וועלכע זיי האָבן געשפילט; דאָס איז אויך נישט געווען זיין איינגעבוירענע העפלעכקייט; זי איז איצט געוואָרן בלויז אַ פאָרם, וואָס האָט רעגולירט די באַציונגען מיט די אנווענזנדיקע. די פּאָרטרוילעכע אַטמאָספערע ארום אים האָט אָן ספק געווירקט צוציענד און באַרויקנד. זי האָט אָבער נישט געהאַט אין זיך קיין שום הערשערישקייט און אזוינס, וואָס זאָל באַזיגן דעם ווילן פון אנדערע.

קיינער אזוי ווי ער, האָט נישט אַריינגעקוקט אין דער מאַשינעריע פון געזעלשאַפטלעכן לעבן. זייט איבער פינפצען יאָר איז זיין אויסשליסלעכע באַשעפטיקונג כּמעט געווען דאָס אונטערזוכן און אויפווייזן, ווי נישט-דויערהאַפט עס זענען די אָפּמאַכן, וואָס ווערן געמאַכט פארן געזעץ אין נאָמען פון דער רעליגיע מיט אַ פּרעטענזיע אויף דויערהאַפטיקייט, און על-פּי-רוב, מיט גלויבן אין איר.

אין אַ בריוו צו עגיד פּרווינדאָרפער האָט ער איינמאָל געשריבן (דער בריוו איז געווען פון די לעצטע יאָרן, ווען ער האָט זיך געפינען אין בערלין, ווו עס איז פאָרגעקומען איינער פון זיינע פּראָצעסן):

„זיכער איז פאַרהאַן אַ גייסטיקע פּאַרהאַרטקייט, ווי עס עקזיסטירט אַ קערפּערלעכע. איך באַזיץ זי נישט. אויב איך האָב אמאָל פאַרמאָגט אַ האַרטע הויט, האָב איך זי אַוועקגעוואָרפן אין משך פון מיין טעטיקייט. דאָס האָט אַ שייכות מיט אַ געוויסער אייגנשאַפט מיינער, וואָס איז מיר שווער צו שילדערן זי, און וואָס איך האָב שוין באַמערקט אין מיר נאָך אַלס קינד.

בעת מען האָט מיך געשלאָגן, האָב איך געכאפּט אַ בערשט און אפשר אַ פערטל שעה האָב איך געפּוצט מיין סורדוס; ווען איך בין אויף דער גאס געווען אַן עדות פון אַ ברוטאַליטעט, בין איך אַהיימגעלאָפן און אומעטום, ווו עס האָט זיך נאָר געפינען אַ זייגער האָב איך דעם ווייזער אָנגעשטעלט אויף דערזעלבער מינוט. וואָס קען מען צושרייבן דידאַקזיקע מאָדנע קרעקנלעכקייט? איך האָב נישט געוווּסט און ווייס עס ביז היינט נישט. זי איז אין ווייטערדיקן לעבן געווען די סיבה פון יענע אָנפאלן פון מאָדנעקייט, צוליב וועלכע דו מאַכסט אָפּט חוזק פון מיר. אזוי למשל, קען איך מיך נישט לייגן שלאָפן, נישט ברענגענדיק צו־פריער אין אָרדנונג די זאַכן אויף מיין שרייב־טיש אויף דעם אופן, ווי איך בין פון יאָרן צוגעוווינט. אין טאָג, אין וועלכן איך האָב אַ וויכטיקע פאַרהאנדלונגס־זיצונג פון געריכט, באַפאַלט מיך פּשוט אַ מאַניע צו זיין גענוי, און איך געפין נישט פריער קיין רו, ביז איך צייל נישט איבער און פארשרייב לדור־דורות די צאָל פעדערן אין דעם שעכטל; אָדער פון אַ בוך, וואָס פאלט מיר צופעליק אין דער האנט אריין, מוז איך אויס־רייבן די שמוציקע פלעקן. אָדער עס טרעפט, אז איך גאָל מיך אָפּ שפּעט אין דער נאַכט. איך וואָלט דיר געקענט אויסרעכנען נאָך אַ סך אַזעלכע אויסטערלישע זאַכן, אָבער צו וואָס? איך מיין, אַז עס קומט דאָ פאָר אַן אויטאָמאַטישע איבערטראָגונג פון גייסטיקע, אינערלעכע, פארוויקלטע פּראָצעסן, וועלכע ווערן פארוואנדלט אין מאָדנע געוווינהייטן, געבנדיק זיך איינציקוויייז צו אנטפּלעקן אין כאראַקטער, אַ דאנק וועלכע דער קרן פון דער נאטור בלייבט אומבארירט. ביזטו אויך ביי דערדאָזיקער מיינונג?"

ווען ער וואָלט געווען אַ שילדערער פון מידות, אָדער אַ געזעלשאפטלעכער קריטיקער, וואָלט ער געקענט אָנשרייבן אַ גרינטלעכן טראקטאַט וועגן הייראַט און איר אַנטוויקלונג אין צוואנציקסטן יאָרהונדערט. ער וואָלט אפשר פאָרגעשטעלט די מאָטיוון, וואָס האָבן דערפירט אויפצולעזן די הייראַט. ער וואָלט

די אים באַקאנטע — און דאָס זייער אַ סך—חתונות פון לייכטזיניקייט, אָדער לייכטגלויביקייט נאָטירט מיט דערזועלבער טרוקנקייט און זאַכלעכקייט, ווי די חתונות פון מיטרייסנדיקער ליידנשאפט און בלינדער זינלעכקייט; חתונות, געשטיצט אויף אַמביציע, פוסטקייט, שוואכקייט, געלט־גיריקייט; חתונות, וואָס שטיצן זיך אויף גוטהארציקע שוואַכקייטן, אָדער אויף אַ פארבייגייענדיקער, בשותפותדיקער ליבע; חתונות, וואָס זענען געשלאָסן געוואָרן אין א פולקומענער גלייכגילטיקייט, אָדער אין א פריערדיקע רעזיגנאַציע; ער וואָלט געקענט צייכנען טיפן פון מענער, וואָס דעראָבערן די פרוי מיט כיטרעקייט, ווי מען דעראָבערט א פאָסטן; מענער, וואָס קומען אַריין אין פאַמיליען־לעבן, ווי אין אַ שענק, אָדער אין א קאָרטן־הויז; מענער, וואָס האָבן געהאַט דעם אויסוואַל צווישן חתונה־האָבן און זעלבסט־מאָרד, און האָבן זיך אָנטשלאָסן אויפן ערשטן; מענער, וואָס האָבן אויסגעהאַלטן זייערע געליבטע מיטן געלט פון זייערע פרויען, וואָס האָבן פון זייערע פרויען געמאַכט פראָסטיטוטקעס און פון זייער הכנסה געשפילט די ראָל פון גרויסע לייט אין דער געזעלשאַפט, וואָס האָט געוווּסט פון אַלץ און געהאַלטן אָבער פאַרמאכט די אויגן, ביז עס איז געקומען צו אַ סקאַנדאַל; מענער, וואָס זענען לאַנגע יאָרן אָפּגענאַרט געוואָרן און וואָס וואָלטן מיטן גאַנצן לייב־און־לעבן גאַראַנטירט פאַר דער געטרייקייט פון זייערע חברטעס; מאָראַלישע פוילענצער, וואָס האָבן געהאַלטן פאַר געווינטשן נאָרנישט צו וויסן, און דאָס כּדי נישט צו פארלירן זייערע באַקוועמלעכקייטן; שוואַכע בריאים, וואָס זענען געוואָרן פאַנטאָפּל פון דער פרוי, און א זעלכע, וואָס האָבן אַ תּל געמאכט פון דעם קערפּער פון דער פרוי, ווייל זיי האָבן געהאט אזא ידיעה וועגן אים, ווי דער קצב וועגן זייד.

ער וואָלט געקאָנט דערציילן פון פרויען, פאַר וועלכע דאָס באַל־קלייד איז מער ווערט געוועז, ווי דאָס געזונט פון אירע קינדער, און וועגן אנדערע, וואָס זענען געפאַלן צו דער מדרגה פון הויז־חיות, אָפּט אויס מורא פאַרן מאן, און אָפּט

אויס פאַרבלענדונג אין אים; וועגן אזעלכע, וואָס האָבן פאַרערט
דעם מאַן, ווי גאָט, און אין זייער געצגדיגעריי האָבן זיי בעסער
געוואָלט לאָזן זיך ס'האַרץ צערייסן, ווי לאָזן זיך איבערצייגן,
אַז דאָס איז בלויז אַ נעבעכדיקער שטערבלעכער, וואָס פאַרמאָגט
אַן אָדערל אויף הולטייכטווע; וועגן אזעלכע, וואָס האָבן פאַרלוירן
זייערע כוחות, האָבנדיק יעדעס יאָר אַ קינד, בעת דער פאַמיליען=
קאָפּ האָט מיטן געפיל פון דער דערפילטער פליכט פאַרבראַכט
גאַנצע נעכט אין קנייפּעס, קלובן, אָדער ביי מעטרעסעס; וועגן
אַזעלכע, וואָס האָבן די שווער=אויסגעהאָרעוועטע גולדנס פון מאַן
גרינג פאַרשווענדעט און אַזעלכע, וואָס האָבן אָפּגעשפּאָרט, ווי
אַן אויג אין קאָפּ, יעדן גראָשן, בעת די מענער האָבן אין
שלימזלדיקע אָפּעראַציעס אַרויסגעוואָרפן הונדערטער טויזנטער;
וועגן פוריען פון ווילטעטיקייט, וועגן אזעלכע, וואָס זייער ווי-
בונג איז נישט קיין היים געווען, ווי דער וואָקזאַל, און פון
אַ זעלכע, וואָס זענען מיט נשמות און מוחות פון מיגדיעריקע
פאַריאָכט געוואָרן אין פאַמיליען=לעבן און פאַרלוירן געוואָרן
דערין.

ער וואָלט געקענט דערציילן און שילדערן, ווי אַזוי די=
דאָזיקע אַלע מענטשן, פאַר נאָך פאָר, האָבן זיך געוואָרפן אין
פאמיליען=לעבן, לייכטזיניק און אומווויסנדיק, האַלב=פרעמד איינער
דעם אנדערן, אָן געניגנדיקע אחריות און אָן גייסטיקער געזעצט=
קייט, געבאַרטע און אָפּנארנדיקע; ווי אזוי זיי האָבן אונטער=
געשריבן א קאָנטראַקט, וואָס נישט האַלטן אים האָבן זיי שוין
בדעה געהאט, ווען זיי האָבן צוגעלייגט די פעדער און דער
טינט האָט זיך נאָכגישט ׳ געהאט אויסגעטרוקנט; ווי זיי האָבן
געבוירן קינדער, פאר וועלכע דאָס לעבן פון די עלטערן איז
געווען אומרו און פּיין; ווי זיי זענען געקומען אין פאמיליען=
לעבן, דער מאַן אָדער די פרוי, און ווי זיי האָבן געשטרעבט,
דער ערשטער אָדער די צווייטע, אָדער ביידע צוזאמען, צו באַ=
פרייען פון זיך; ווי זיי האָבן זיך געקריגט; וואָס פאר א שנעלן
זכרון זיי האָבן געהאט; ווי באלײדיקנד זיי האָבן גערעדט פון

זיך; ווי זיי האָבן זיך אוועקגעוואָרפן; ווי אזוי שנאָה, פאראכטונג, איבערגעזעטיקייט און אָפּשטויסונג האָבן אָפּגעווישט יעדן מענטשלעכן כבוד. יעדע דערינערונג, אז מען האָט אַמאָל געשווירן.

ער וואָלט דאָס אַלץ געקענט באַווייזן און צום סוף וואָלט ער נאָך געקענט האָבן אַ סאַטיספאַקציע אין אַ סטאַטיסטיק פון שטאָלענע פאַקטן און פון ירושה־רעכט.

אָבער עס דאכט זיך, אז זיין ברוסט איז געווען אַ תהום, אין וועלכן יעדע קלייניקייט, יעדער פּאָרשטייער פון דעמדאָזיקן מין, איז אריינגעפאלן, ווי אַ שטיין אין אַ ברונעם. ער האָט אים באהאלטן אין דער טיפעניש, מען האָט אים שוין נישט געקענט אָנרירן און נישט דערזען.

די זיך איבערחזרנדיקע איינטעניקייט רופט אַרויס אַ פּאַראַליזירנדיקן איינפלוס אויפן געדאנק. נישט געקוקט דערויף, דאַרף מען נישט רעכנען, אז דאָס טאַקע איז געווען די לאַסט, וואָס האָט גענוג דייטלעך געפּרעסט דעם אדוואָקאַט לוידין, און עס האָט נישט געהאַט קיין שום שותּפותדיקעס מיט דער לאַסט פון ארבעט. אפשר וועלן דאָ קומען אין באַטראַכט די אומשטענדן, וועלכע ער אליין האָט נישט געקענט נעמען צום חשבון, און די אומשטענדן זענען געווען שטאַרקער, שווערער און אומעטיקער, ווי יעדע באַגעגעניש, פאַרהער און פאַרהאַנדלונג מיט די צדדים. זייער מעגלעך, אַז דער פּראָטאָקאָל מיט זיינע טרוקענע אויסרעכנונגען און רעגיסטראַציעס, האָט אַמאָל בעסער פאַר אים גערעדט, ווי דער ברייטסטער מינדלעכער באַריכט, ווי יעדער מין זיפצן און אומצופרידנקייטן, וועלכע מענער און פרויען האָבן אויסגעשפּרייט אַרום אים. יאָ, אַ סך האָט זיך באהאַלטן אונטער דעם; דעריבער איז נישט דאָס, וואָס האָט גערעדט, געווען די אַנטשיידנדיקע זאַך, וואָס נעמט אַראָפּ די בעלמע פון אויג, נאָר דאָס, וואָס האָט געשטעקט אונטער דעם. מען דאַרף אין אכט נעמען, אז ער האָט געקענט און געמוזט קענען אַלץ, וואָס האָט געשטעקט אונטער דעם, די פּאַרשידנאַרטיקע און אומעטיקע לאַבירינטן פון הילפלאָזיקייט, די פּעק

מיט באַשריבענעם און געדרוקטן פּאַפּיר, די דאָקומענטן פֿון פּאַראַט און שווינדל, געפּאַנגען אין פאַרשידענע פּאַפּירן, געהיטענע און אויפֿבאַוואָרנטע, און דערנאָך געל־געוואָרענע אין אַ רעגי־סטראַציע־בוך. דאָס זענען געווען ווי שליסלען, מיט וועלכע ער האָט געקענט עפֿענען זייערע היימען, די נעסטן פֿון שנאה און מחלוקת, די שלאָפֿצימערן, אין וועלכע זייערע קושן זענען פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין סם, און די אומאַרמונגען—קראַמפּן פֿון צאָרן. ער האָט געקענט זייערע געהיימע וועגן, דאָס ליכט פֿון זייערע באַציונגען, פֿאַר וועלכע מען האָט זיך געשראָקן. צו קענען די אַלע זאַכן איז געווען זיין אויפֿגאַבע. עס האָט זיך אין זיי געפֿינען אַן אַרסענאַל פֿון זיך באַקעמפֿנדיקע באַווייזן; זיי זענען פֿול געווען מיט זכרון און פֿאָרשטעלונגס־קראַפֿט; ווי די בודע פֿון אַ קרעמער איז פֿול מיט ווערעמדיקע שמאַטעס, אַזוי זענען זיי אָנגעפֿילט געווען: מיט אומריינקייט און מאָדנע זאַכן, קליינלעכקייטן און מיאוסקייטן, מיט אַ באַפֿלעקט בעט און אַ בישט־באַצאָלטער רעכנונג פֿון דער מאָדיסטקע, מיט אַ נישט־דערטרינקן גלאָז קאַווע מיט אַרשעניק און אַ זאָקן־בענדל, וואָס איז געפֿינען געוואָרן אין אַ ווינונג אויף אַ ווייל, מיט אַ גע־פֿעלשטן מעלדונגס־צעטל — און מיט אַ נאָכגעמאַכטן וועקסל. דערנאָך בריוו, בערג מיט בריוו, בערג מיט ליגנס, בערג מיט ליידן, יסורים און באַטריגערישע צוזאָגן; בריוו, אין וועלכע מען האָט זיך געהאַנדלט, באַשווירן, געשאָלטן, געזידלט, באַ־שולדיקט, געחנפֿעט, אויסגעלאַכט, געבעט/ט; נישט־אָרטאָגראַפֿישע בריוו און בריוו אין דעם איידלסטן סטיל; האַנדלס־בריוו: „איך טייל אייך מיט", און דערנאָך אַ קאַלטע ענדערונג אין פּאָעטישע געפֿילס־אויסברוכן; פֿאַרעטערישע בריוו מיט דראָונגען, שפּיאָנאַזש־בריוו, געצווינגענע בריוו, רירנדע דאָקומענטן פֿון ליבע, מחילה און פֿול מיט זשאַווערדיקן האַס און גהינומדיקע בלבולים.

לוידינס שווייגן האָט אויף די אַלע בריוו אַרויפֿגעלייגט אַן אייביקן זיגל.

# VIII

ער האָט נישט געהאַט קיין טבע צו זיפצן אונטער א משא. די אייבציקע באַדוירונגס־ווערטער, וואָס מען האָט זייט עטלעכע חדשים געהערט פון זיין מויל, זענען געווען: „עס האָבן זיך אָנגעזאַמלט אַ סך ענינים. ווהין וועט דאָס אַלץ דערגיין?" אָבער שנעל האָט ער צוגעגעבן: „איך זאָג עס נישט צוליב זיך, נאָר בכלל"... און ביי דידאַקטיקע ווערטער האָט ער זיך באמיט אָנצווואַרפן אויף זיין פנים אן אויסדרוק פון זאָרגלאָזיקייט און צופרידנקייט.

הגם עס האָבן אים דערשעפט די פלערליי באראטונגען, קאָנפערענצן, דיקטאטן, אויסגלייך־פּרוּוון, אינפאָרמאציעס, טעלעפאָנישע שמועסן און זיצונגען פון געריכט, האָט אויף זיין פנים זיך געפונען דערזעלבער שמייכל, וואָס האָט ווי אָפּגעלייקנט אַלע אָנשטרענגונגען. אַמווייניקסטנס אַזוי לאַנג, ווי ער האָט זיך געפונען מיט מענטשן און געמוזט זיין גרייט צו רעדן מיט זיי.

ווען ער איז געווען אַליין אין צימער, ווייט פון דעם אָבסערוואַטאָרס אויגן, איז דער שאָטנהאַפטער שלייער אראָפּגעפאַלן פון זיין פנים, די מוסקלען־שפּאַנונג איז שוואַכער געוואָרן, דער שמייכל האָט זיך אויסגעלאָשן, אַ טיפער קנייטש האָט זיך באַוויזן צווישן די ברעמען און לוידין האָט זיך געוואָרפן אינעם פאָטעל, כדי אַ פּירטל שעה צו קוקן פאַר זיך.

אין אָנהויב פון לעצטן הערבסט האָט אים פּיאַ איינמאָל געטראָפן אַזוי. ער האָט נישט געהערט, ווי זי קומט אריין; זי

איז געשטאַנען אויף דער שוועל אָן באַוועגונג און געקוקט אויף אים, דערנאָך איז זי אָן אַ וואָרט ווידער פאַרשווּנדן. געפּינעדיק זיך הינטער דער טיר, האָט זי איין האַנט צוגעשטעקט צום פּנים, און אין אירע אויגן האָט זיך אָפּגעשפּיגלט אַן איבעראַשונג. מיט קיין איין וואָרט האָט זי זיך נישט אַרויסגעכאַפּט פאַר אים, אַז זי האָט אים באַמערקט אין זיין איינזאַמקייט.

אַזוי ווי אַ מענטש, וואָס פאַלט אַראָפּ פון אַ טורעם, קען אין משך פון עטלעכע סעקונדן אַדורכלויפן אַ סך יאָרן פון זיין לעבן און זעט פאַרגעסענע פּרטים אין אַ קלערער ליכט, ווי אין די צייטן, ווען זיי זענען פאַרלוירן געגאַנגען אין דער לויפנדיקער ווירקלעכקייט, איז דעריבער מעגלעך, אַז אין מוח פון מענטש לויפן אַדורך אין אַן אויסערגעוויינלעכער שנעלקייט פּנימער, געשטאַלטן, שמועסן און געשעענישן, בעת ער גייט אַדורך דעם קאָרידאָר פון דער וווינונג, בעת ער גייט אויף די טרעפּן אין דער הויך, אָדער ווען ער עפנט אָדער פאַרמאַכט די טיר פון זיין קאַנצעלאַריע.

אין יעדער קליינער און צופעליקער טהאַט פון דעם מענטש שטעקט וואַרשיינלעך אַ גאַנץ געוועב פון דער וועלט. די אויסערלעכע טעטיקייט ווערט אַריינגעצויגן אין דער אינערלעכער עקזיסטענץ, אָבער די אינערע וועלט איז אַ שוואַרצער טייך, וואָס זיינע ברעגן זענען פאַרשטעלט פון אַ פינצטערניש. אַמאָל צינדט זיך אין דער הויך אַ פייערדיקע קויל; אַמאָל גיט אַ פלאַטער אויף אַ באַוועגונג פון שרעק און איין זאַך באַהעפט זיך מיט דער צווייטער. אפשר אַנשטייט פון דעם בלויז אַ חלום און אפשר אויך אַ באַשלוס. אָבער צי קענען דען דידאָזיקע באַשלוסן נישט זיין אַ פּועל־יוצא פון חלומות, און די שרעק פאַרן באַשלוס — אַ שרעק פאַרן חלום, וועלכן מען קען זיך דערמאָנען און וועלכער איז נאָך נישט רייף געוואָרן? די נשמה אַרבעט אָפּט אַזוי לאַנג איבער אירע חלומות. ווי דער מוח איבער די געדאַנקען.

בעת לוידין קוקט זיך צו צו זיין צימער און צו די

זאכן, וואָס געפינען זיך דערין, צו וועלכע ער איז שקלאפעריש צוגעבונדן, דאן דאכט זיך, אז ער טראכט וועגן עפּעס איינזאמעס און נישט־אנגענעמעס און בעת ער לעשט אויס די לאָמפּ, הערן די זאכן פארזינקן אין אַ פינצטערניש, וואָס האָט שוין אין דעמזעלבן צימער און אין דער זעלבער שעה זיך שוין אויסגעשפרייט א פינף־זעקס טויזנט מאָל; פון דער ווייטקייט פון יאָרן, ווו די פאַרגעסענע פרייהייט האָט באַפליגלט דעם טראָט, דערהערט זיך א געשריי, ווי אָן אָפּגעלעבט געפיל; אָבער דער וועג צוריק אַהין איז באַוווינט מיט גייסטער.

אין דעם שפּיל פון פראגן און תשובות, מיט וועלכן זיינע טעכטער און עטלעכע זייערע פריינדינס זענען פארנומען געווען און אין וועלכן ער האָט זיך אויף א וויַיל באטייליקט, האָט אים די שיינע לויראַ ארנדט געפרעגט: „וואָס וואָלט איר געוואָלט זיין, ווען איר וואָלט נישט געווען איר?” ער האָט געענטפערט מיט אַ שמייכל צו דער גרויסער פאַרוואונדערונג פון די יינגע דאמען: „איך וואָלט געוועז אַזוי צופרידן דערפון, וואָס איך בין נישט איך, אַז קיין שום אנדערן וואונטש וואָלט איך מער נישט געהאַט”. אז מאַרלענע האָט שפּעטער זיך באמיט אויסצוטייטשן דידאָזיקע ווערטער, האָט ער אַ ביסל אַ פאַרדאגהטער געזאָגט: „א שאָד די מי, מיין קינד; איר דאַרפט זיך האלטן ביים שכל. א מענטש אין מיין עלטער דארפט דערלויבט זיין צו זאָגן עפּעס נישט קלוגעס”. מארלענע האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ.

שטיל און איינזאַם שטעלט ער איצט די טריט אויף דער גאס (אין זוניקע פרימאָרגנס שיקט ער דעם אויטאָ פאָרויס און גייט א שטיקל צופוס); ער ציט מיט די אַקסלען צוליב א געשמאַקלאָזן פלאקאט, שמייכלט זאנפט, ווען קליינע יינגלעך פאלן אים אריין צווישן די פיס, נעמט אַראָפּ דעם קאפעלוש, ווען עמ׳צער גריסט צו אים און. גלייכצייטיק פאַרנעמט ער זיך אוואי מיט דעם באַרישן געדאנק, אַז ער וואָלט שוין נישט געוואָלט זיין ער, ווי מען וואָלט געקענט אוועקווארפן דעם

אייגענעם כאראקטער, ווי אן אָפּגעטראָגענעם בגד. (פארוואָס? פרעגן מיר מיט מארלענען; פאַרוואָס וויל ער נישט זיין — ער? ווער קען ער דען אייגנטלעך זיין? און פארוואָס וויל ער אזוי גערן נישט זיין ער?) לוידין הערט די אייגענע ווערטער: „מען קען אַ מאָל עגידן דערציילן אַ חלום; זאָל ער אים באשיידן".

וואָס פאר אַ חלום? דאָס איז לחלוטין נישט קיין חלום; ער האָט זיך נאָך נישט געחלומט; ער וועט זיך נישט חלומען; דערווייל איז עס נאָך אן איינזאם געפיל.

עס איז שווער צו דערקענען דאָס לעבן פון טעטיקע און פראקטישע מענטשן אין זייערע פארשיידענע ענדערונגען, לוידין העלפט מענטשן דערקענען זייערע טעותים און אַ דורכזעגן זייערע קייטן. עס דאכט זיך, אז ארום אים אַליין ליגן אזוי פיל קייטן און זענען אַזש געוואָרן פאַר אים תפיסה-מויערן.

ער האָט אַן אויסזען פון א גייסטיק-העכערן, רויקן, העפלעכן, געמיטלעכן און, אין אַ סך פאלן, וויציקן מאַנספער-שין. אָבער וואָס איז ער באמת? ווער איז ער באמת?.

פארוואָס ברענגען אים א מאָל אריין אין כעס גראָ-ברוינע קאָסטיומען, אין וועלכע זיינע טעכטער קליידן זיך בעתן פרישטיק? גראָ-ברוינע קאָסטיומען רייצן אים. זיי דערמאָנען אים, אז מארלענע און רעלי דארפן גיין אין דער שול און שפעטער זיך ווידמען נוצלעכער טעטיקייט. האסט ער די נוצלעכקייט? גראָ-ברוינע קאָסטיומען דערמאַנען אים גאַסן-פייגל, וואָס זיצן ווינטער דערשראָקענע אויף א פלאָט און טשווירקען דערפרוירענע. אָבער די העלע, קלוגע אויגן פון מארלענע זענען אין אים איינגעקוקט מיט אזא פאַרלאַנג און דערפארונג צוגלייך, אז א מאן פון פראקטישן לעבן וואָלט זיך געמוזט שעמען, אז ער זאָל איר נישט זיין גלייך. אלס נישט איינגעגעבענע תשובה האָט ער בלויז א בליק, וואָס צעברעכט זיך אָן דער קראפט און אמת פון דער יוגנט.

דאָס צימער שמעקט מיט זויבערקייט. א געמיטלעכע זיצט פיאַ נעבן טיש און שמירט ברויט מיט פוטער. זי זאָגט:

— מיר האָבן צוויי גראַד קעלט. איר מוזט אָנטון װאַרעמע מאַנטלען, מיידלעך.

די אַם ברענגט דעם קליינעם הובערט; ער איז פריש אויסגעבאָדן, און זיין ראָז פנימל גלאַנצט, ווי אַ פלעצל באַשמירט מיט אַ פעטיקייט, ווען מען נעמט עס אַרויס פון אויוון. דאָס גומענע אייזעלע שטייט רויק און מעלאַנכאָליש, ווייל עס ווייסט, אַז עס וועט נישט אויסמיידן זיין גורל, די הענטלעך פון קליינעם אויסטיטי וועלן אים צערייסן און פאַרקירצן ס'לעבן. עטלעכע יעדן טאָג זיך איבערחזרנדיק שפּאַסן און אומפאַרשטענדלעך־קליינגעענדיקע געפילפּילע ווערטער און לוידין געזעגנט זיך האַרציק מיט אַלעמען.

ווער איז ער באמת? וואָס איז ער אין דער ווירקלעכקייט? פרעגן מיר נאָכאַמאָל.

# IX

שבת, ווען דער זייגער האָט געשלאָגן ניין, האָט זיך קאָנ־ראַד לאַנץ באַוויזן אין לוידינס קאַנצעלאַריע. דאָס איז געווען אַן איינגעמאַכער בנין אויף פישערמאַרקט, מיט אַ סך גאָנעקלעך טרעפּן, טויערן, הייף און הייפלעך; דער גרעסטער טייל דורכגענג זענען געווען פינצטער, אַזוי אַז באַטאָג האָט זיך געוויזט ברענען עלעקטרישע ליכט.

דער יונגערמאַן איז געזעסן אין וואַרטע־צימער; אַ חוץ אים האָבן זיך נאָך דאָ געפינען אַ העֶר און אַ פרוי, וואָס האָבן די גאַנצע צייט נישט אַרויסגערעדט צווישן זיך קיין וואָרט, נישט איבערגעקוקט זיך מיט אַ בליק, הגם זיי זענען געווען מאַן און ווייב, און אַ שמוציק־אויסזעענדיקער מאַנספּערשוין, וואָס האָט געלייענט אַ צייטונג און כסדר געהוסט.

ער האָט נישט לאַנג געוואַרט. אַן אַלטער דינער האָט אַ רוף געטון זיין נאָמען. דאָקטאָר לוידין איז שוין געשטאַנען אין פוטער און אין דיקע הענטשקעס אין קאָרידאָר, אין וועלכן עס האָט אָפּגעקלינגען דאָס טרוקענע קלאַפּעריי פון אַ שרייב־מאַשין.

— איך בעט איר זאָלט מיר הונדערט מאָל מוחל זיין, — האָט לוידין זיך אָנגערופן, ווען זיי האָבן זיך געזעצט אין אויטאָמאָביל, — וואָס איך וועל די צייט פון פאָרן אויסנוצן אויף אַדורכלייענען עטלעכע אַקטן. אַזוי ווי צוועלף אַ זייגער מוז איך זיין אויף דער געריכטס־פאַרהאַנדלונג, פעלט מיר אויס צייט.

קאָנראַד לאַנץ האָט נישט־דרייסט אַ שאָקל־געטון מיטן קאָפּ. ווייזט אויס, אַז אַ געריטער פון דעם באַרימטן אַדוואָקאַטס

גוטער באַציונג צו אים, וואָס האָט זיך אויסגעדריקט אין דער פאָרם פון הילף, האָט ער נישט געוווּסט, וואָס צו ענטפערן.

לוידין האָט געעפנט זיין פּאָרטפעל.

— אָט האָט איר יענעם מיסטישן פּאָרטפעל, — האָט ער געזאָגט מיט אַ דורכגעטריבענער מינע, — איר קענט זיך ווידער פאַרגינען אים אָנצוקוקן.

ער האָט זיך אומהיימלעך צעלאַכט, אַרויסגענומען אַ בלויען באַנד און זיך תיכף פאַרטיפט אין לייענען.

אין אַ פינף און פירציק מינוט אַרום האָט דער שנעל־לויפנדיקער אויטאָ זיך געפינען אין קאָטטינגבּרון. דער שאָפער האָט געפרעגט עטלעכע מענטשן וועגן הארטמאַנסהאָף און אַ ן וייטערדיקע פינף מינוט אַרום האָבן זיי זיך געפינען אויפן אָרט.

דאָס איז געווען אַ הויז נעבן שאָסיי, ענלעך צו אַ ווילע. אין פראָנט, אויפן ערשטן שטאָק, האָט זיך געפינען אַ הילצערנער באַלקאָן, אַ צווייטער, אַ קלענערער, האָט זיך געפינען אויפן צווייטן שטאָק, אונטער אַ שאַרפן שפּיץ. דער געלער ליים־טונק אויף דער מויער איז אויף פאַרשידענע ערטער געווען צעפּלאַצט און צעקרישלט, באַזונדערס אויף דער מערב־זייט. זיי זענען געגאַנגען דורך אַ גרינצייג־גאָרטן. לינקס, אויף אַן עטוואָס געבערגלטן באָדן, זענען געלעגן ברעטער און אָפּגעשיילטע ביימער־שטאַמען. פאַרן איינגאַנג פון הויז האָט אַ יינגער פויער געהאַקט האָלץ. ער האָט פיינטלעך געקוקט אויף די נייע געסט. צוויי יינגלעך זענען אַרויסגעלאָפן פון הויז, פאַרביי נעבן לוידינען און לאַנצען און אויף דער גאַס זיך אָוועקגעשטעלט נעבן אויטאָ.

— איז פרוי הארטמאַן אין דער היים — האָט זיך לוידין געווענדעט צום פויער, וואָס האָט געהאַקט האָלץ. דער פויער האָט גלייכגילטיק אַ ציגעטון מיט די אַקסלען.

— אַ פרויען־געשטאַלט איז אַרויס פון קאָרידאָר.

— וואָס פאַרלאַנגט דער הער? — האָט זי דרייסט געפרעגט,

אָנמעסטנדיק די געסט וואָס איינער איז אזוי קנאַפּ ענלעך געווען צום אַנדערן: דער ערשטער דערוועקט אַכטונג. איז אָנגעטון שטאָטיש, עלעגאַנט, קאָרפּולענט; דער צווייטער — אָרעם געקליידעט, אין אַ דינעם, אויסגעריבענעם מאַנטל, מיט אַ נישטזעכערן בליק און מיט מער, ווי אַ באַשיידן אויסזען. זי איז געווינט אָפּצושאַצן מענטשן מיט איין בליק לויטן אויסזען; איז זי גאָרנישט געוואָר געוואָרן.

אַז לוידין האָט געזאָגט זיין נאָמען, האָבן זיך אירע דינע, כמעט פאַרבלאָזע ברעמען אויפגעהויבן; אָנווייזנדיק אויף זיין חבר, האָט ער דערמאַנט דעם נאָמען לאַנג. זי איז בלייך געוואָרן, מיט דער האַנט האָט זי געוויזן אינעווייניק אין הויז. שעפּטשענדיק עפּעס וועגן נישט פאַרגעברייט זיין און וועגן שבתדיקער אָרדנונג, און ווען זי האָט אין ספקות זיך אַרומגעקוקט אין שמאָלן קאָרידאָר (ווי זי וואָלט געקלערט, אין וועלכן צימער זי זאָל זיי אַריינפירן), האָט זיך אויסגעוויזן, ווי זי טראַכט וואָס פאַר אַ צוועק דער וויזיט האָט און צו וואָס זי דאַרף זיך גרייטן. זי האָט געעפנט די טיר פון א גרויס צימער מיט אלט, שווער, נאָך גוט מעבל, ווייכע פאָרהאַנגען און א ברייטן גרינעם קאַפּלע-אויוון. זי האָט אויסגעדריקט באַדוירן, וואָס דער אויוון איז נישט געהייצט, אָבער אין די אַנדערע צימערן קען זי קיינעם נישט אריינפירן; אַז די קינדער וואָלטן היינט געווען אין דער שול, איז אן אַנדערע זאך, דאַן וואָלט זי געהאַט אין דער הויך אַ פריי צימער; אָבער די שול האָט מען נעכטן געשלאָסן אויף א וואָך צייט; עס זענען געווען פאַלן פון דער פּאָקן-קראַנקהייט און עס קומט פאָר אַן איינשפּריצונגס-אינספּעקציע. — דאָס אַלץ האָט זי געזאָגט מיט א קאַלט, שנעל צעשטרייט קול, וואָס האָט געהאַט פאַר אַ ציל צו פאַרדעקן איר אויפרעגונג. זי האָט אוועקגערוקט צוויי שטול פון טיש, האָט צוגעטון די האַנט צו די פּאָרענטשעס און געמאַכט א באַוועגונג, ווי זי בעט זיצן.

זי האָט געטראָגן אַ גרויען, געשטריקטן, ביז צום האַלדז

פּאַרקנעפּלטן, וואָלענעם קאַפּטאַן, אַ וואָלן קלייד און אַ בלוי פּאַרטעך. זי האָט געקענט אַלט זיין אַ יאָר פערציק. לויט איר פּויל, ווייניק צעקנייטשט פּנים און מיטל־וויקסיקן, גאַנץ מונטער געשטאַלט און לויט די כּסדרדיקע וואַקלענדיקע, האַסטיקע און כּסדר אומרויִק זיך איבערחזרנדיקע באַוועגונג האָט מען זי געקענט אָננעמען פאַר אַ סך ייִנגער. אַלץ אויף איר איז געווען ריין, און אירע הענט, מיט וועלכע זי האָט געפירט אַליין אַ דאָרפישעווירטשאַפט, זענען פּשוט געווען צו באַוווּנדערן מיט זייער זויבערקייט. בלויז די האָר פון נישט־ליבלעכער ברוינער קאָליר זענען עטוואָס געווען פאַרפּלאָנטערט אַרום קאָפּ און איבערן נידעריקן שטערן.

לוידין האָט זיך געזעצט וואַרטנדיק העפלעך, ביז פראוי האַרטמאַן וועט זיך אויך זעצן. קאָנראַד לאַנץ איז געשטאַנען דערווייטערט פון זיי, קוקנדיק מיט אַ געמאַכטן אינטערעס אויף אַ פּאָרצעלאַנענער טאַסע אין פּאָרצעלאַנענע טעלער.

— די חשובֿע פראוי וועט מוחל זיין, — האָט לוידין אָנגעהויבן אין אַ שטאַרק־איבערגעטריבענעם, אויסגעזוכטן העפלעכן טאָן. — וואָס איך וועל אַלס סיבה פון מיין וויזיט מוזן דערקלערן, אַז איך קום אין אויפטראַג פון מיין קליענטקע, פריילין קאַראָלינע לאַנץ. פריילין לאַנץ האָט, ליידער, נישט געקענט מיטקומען מיט מיר, דער־בער איז איר ברודער, הער לאַנץ, אַזוי גוט געווען און מיטגעפאָרן מיט מיר. עס האַנדלט זיך וועגן אַ קלייניקייט, מיט וועלכער איך מוז אייך באַאומרויִקן, וועגן פעסטשטעלן אַ פאַקט. מיר וועלן פאַרטיק ווערן מיט צוויי ווערטער. איך וואָלט גערן וויסן, ווו עס געפינט זיך די צוואה פון אייער פאַרשטאָרבענעם מאַן און דער־בער בעט איך אייך, איר זאָלט מיר אויף מיין פראַגע געבן אַן ענטפער.

פראוי האַרטמאַן איז געזעסן אויף איר שטול גלייך ווי אַ ליכט. הערנדיק, האָט זי אויף קיין רגע נישט אַראָפּגעלאָזט איר בליק פון לוידינס פּנים און ניט געענדערט איר געזיכטס־אויסדריק, איר האַלטונג האָט אַרויסגעוויזן אַ שטאַרקע פאַר־

איבטערעסירונג צו לוידינס רייד, זי האָט זיך אָבער ניט געלאָזט פאַנגען פון אדוואָקאטס פריינדלעכן געשפרעך. זי האָט געענטפערט אין א שארפן טאָן:

— איך ווייס ניט פון קיין שום צוואה. צוליב וואָס זאָל איך זיך ערשט דערמיט נאָכאמאָל פארנעמען? די פריילײן לאַנץ איז דאָך אליין געוועזן אויבן אין זיין צימער. זי האָט זיך דאָך אליין געקאָנט וועגן דעם איבערצייגן. איך האָב איר געזאָגט: ביטע זוכן. זי האָט געזוכט און גאָרניט געפונען. וואָס וויל מען אַלזאָ ווידער פון מיר?

יאָ, דאָס איז פאַר אייך אומבאקוועם, — האָט ער געענטפערט. — אָבער אַ צוואה האָט דאָך עקזיסטירט. אין דעם איז דאָך ניט צו צווייפלען. אייער פארשטאָרבענער מאַן האָט וועגן דעם דייטלעך דערקלערט אזוי אז יעדער מין מיספאַר־שטענדניש איז אויסגעשלאָסן. מיר וואָלטן ניט געלייגט קיין שום אכט אויף די זוכענישן אין אייער הויז, ווען מיר וואָלטן, צום באדוירן, געקענט אויסגעפונען דעם פערזאָן וועלכער איז אין באזיץ פון דעם דובליקאט פון דער צוואה. מיר האָבן געגנוג סיבות צו באשטעטיקן אז עס האָט עקזיסטירט אַ דובלי־קאט אָדער גאָר אַ שפעטערע רעדאקציע פון דער צוואה וועלכע איז געוויס אויפבאהאלטן ביי א באַשטימטן פערזאָן.

לוידין האָט מיט זיין געזיכטס־אויסדריק נישט פאראטן, אז ער האָט דערוואַרט אַ ווירקונג פון דער, פון דער זייט ארייגעוואָרפענער באמערקונג. ער האָט מכלומערשט ווי נישט באמערקט, ווי די רעכטע האנט פון פרוי בריגידע הארטמאן האָט קראמפיק געדריקט איר קני. איבעריקנס האָט זי גלייכגילטיק אויסגעזען ווי פריער. ארום איר מויל האָט אפילו געשפילט אַ לייכט שמייכעלע.

— דאָס איז פאַר מיר גלייכגילטיק, — האָט זי געזאָגט מאכנדיק מיטן קאָפּ א העסלעכע באַוועגונג. — וואָס גייט דאָס מיך אָן? ער האָט דאָך געקאָנט מאכן מיט זיין געלט וואָס ער האָט געוואָלט. איך ווייס נישט, וואָס מיר קען געשען. דאָס געלט ליגט דאָך גאָך אין באנק. ביטע. די ירושה־פארהאנדלונגען

האָבן זיך נאָך אינגאנצן ניט אָנגעהויבן. אַלזאָ ביטע. מיינע קינדער האָבן א פון געריכט באשטימטן אויפזיכט, איך אליין האָב מיין אַדוואָקאַט: וואָס קאָן מיר געשען, ביטע?

לוידין האָט ארויסגעוויזן אַ פאַרוואונדערונג.

— ווי אזוי פארשטייען זי עס, געערטע פרוי? — האָט ער געפרעגט, האלטנדיק זיך אין דער געזעלשאַפטלעכער פאָרם פון פירן געשפרעכן מיט דער גאַנצער אויסגעהאלטנקייט, וועלכע האָט אים שוין ניט איינמאָל געהאָלפן דערגרייכן ענלעכע צילן,

— ווי אַזוי פארשטייען זי עס: וואָס וועט געשען, וואָס זאָל אייך געשען? איר טוט זיך שלעכט דערקלערן דעם צוועק פון מיין באזוך...

אָ ניין, — האָט פרוי בריגידע האַרטמאַן שאַרף איבער־געריסן, — איך קאָן זיך דערויף. מען וויל מיך ציען פאַו־דער צונג. איך בין דאָך ניט קיין היינט־צייטיקעס פייגעלע, וועמען האָט דאָס האַרטמאַן געהאַט אויסער דער פריילין לאַנץ? קיין לעבעדיקן נפש. ער האָט דאָך געהאט צופיל פארדרייט דעם קאָפּ, — זאָל מיר גאָט מוחל זיין, אויב דאָס איז אן עבירה, — אים ער זאָל האָבן וועמען געשאָנקן דאָס צוטרויען. דאָס וועט איר מיר שוין נישט אַיינרעדן, הער דאָקטאָר, איר וועט מיר אנטשולדיקן הער, אָבער ביי אונז אויפן דאָרף רעדן מיר אָפענע איין און דרייסיק. איך ראַט אייך נאָר הער, איר זאָלט אויסגעפינען דעם פערזאָן וועלכער באַזיצט דעם דובליקאט. ביטע. ביז צו דעם מאָמענט האָבן מיר נאָך גענוג צייט זיך צו באשליסן דערוועגן.

איר שטימע איז געוואָרן שארף און אדורכדרינגענד. זי האָט געקוקט אויף לוידינען ווי אַ דעצידירטע פרוי, אין דער־פילונג פון אירע באשטימטע רעכט, ניט אָפּצוטרעטן אויף קיין האָר פון אָרט.

— די זאך האלט א ביסעלע אנדערש, געערטע פרוי, — האָט לוידין געזאָגט כמעט שטיל און מיט דער גאנצער גאסט־פריינדלעכקייט; — איר קוקט דערויף ניט מיט קיין געהעריקן

בליק. זאָלן מיר אפילו אָנעמען, דאָס קיין דובליקאַט איז ניטאָ, וואָס מיר וועלן דערווייל עס לאָזן אין אַ זייט, דאָך ווייסט איר ניט פרוי, צו מיר באַזיצן ניט קיין עדות, וועלכער וועט זיין גרייט צו שווערן וועגן דער דערקלערונג פון אייער מאַן אין שייכות מיט דער ערשטער צוואה. און אויב מיר זאָלן אַפילו דעם עדות ניט געפונען, וועט דער ריכטער, אויב די געריכטס־פאַרהאַנדלונג וועט פאָרקומען, און איך פאַרזיכער אייך אַז זי וועט פאָרקומען, קענען אייך אויסהערן אונטער אַ שבועה. איר וועט מוזן פון אייער זייט שווערן, אַז איר האָט די צוואה אי נישט געזען, אי ניט זיך צוגערירט צו איר, ווי אויך פון איר ניט געוויסט. דאַמאָלס וועט די זאַך זיין דערליידיקט, דאָס הייסט דער־ליידיקט ביז צו דעם מאָמענט, ביז מיר וועלן האָבן באַווייזן אין דער האַנט, אַז די צוואה, הגם עס איז באַלייגט געוואָרן אַ שבועה, האָט זיך געפינען ביי אייך אין הויז און איר האָט דערפון געוויסט. וועגן אַ דריטן פערזאָן קאָן קיין רייד ניט זיין. מיט דעם מאָמענט וואָלטן מיר אויסגעוויזן אייער פאַלש שווערן. אויף די פאָלגן דאַרף איך אייך ניט באַמערקן. איך בעט איבער הונדערט מאָל איר זאָלט מיר מוחל זיין, אָבער א ר האָט מיך געצווינגען צו דער יוריסטישער לעקציע; איך דערקלער זי פאַר אייך און דערמיט דערפיל איך אויך מיין פליכט.

ער איז אויפגעשטאַנען און זיך פאַרנויגט.

בריגידע האַרטמאַן איז אַלץ געזעסן אַן אויסגעגלייכטע. אָבער יעצט האָט אויך איר צווייטע האַנט קראַמפּיק אַרומגענומען איר צווייטע קני. אַ מאָמענט האָט זי געשוויגן ווי אַ פאַרשטאַרטע, שפּעטער, אויפהויבנדיק זיך און לאַנגזאַם פאַלייגנדיק די הענט האָט זי געזאָגט:

— איר דערציילט מיר שיינע זאַכן. איך דאַנק אייך זער. איך דאַנק אייך פאַר אייער לעקציע, הער דאָקטאָר. אָבער וואָס האָט עס צו מיר, פרעג איך אייך. צו בין איך אַנטלאָפן פון דער היים, אָדער ער? ער איז אַוועק ניט זאָרגנדיק וועגן גאָרניט. אַזוי ווי איך זאָג עס אייך, אין אַ געוויסן טאָג איז ער נעלם

געוואָרן ניט זאָגנדיק קיין וואָרט, און דאָס ווייב, די קינדער, דאָס הויז און דיווירטשאַפט האָט דער טייוול געקאָנט צונעמען. צו האַנדלט אַזוי אַ מאַן, פרעג איך ? אַזוי האַנדלט אַ פאָטער? ווי איז דאָס געשריבן אין וועלכן קאָדעקס, אויב איר ווילט מיך לערנען, פרעג איך ? צו איז דאָס דערלויבט ? צו עקזיסטירט דאָס ערגעץ אַחוץ אפשר ביי די האָטענטאָטן, און איך ווייס ניט צו אפילו ביי זיי, זאָל אַ פאָטער אַנטלויפן הענדום פענדום ווי פון אַ שענק אַרויס ? ער זאָל מיט זיך נעמען, זייט מוחל, יונגער הער, די ערשטע בעסטע יידענע און נעלם ווערן אויף שטענדיק ? און פאַרלוירן געגאַנגען אין דער פרעמד ווי אַשלעפער ? און מיט זיין פלייש און בלוט זיך באַגאַנגען ווי מיט אַ זאַך וואָס מען וואַרפט אויפן מיסט ? ווי איז דאָ די וויסנשאַפט, ווי די רעכט, פרעג איך ?

זי איז אַריינגעפאַלן אין כעס. די ליפן זענען בלייך און דין געוואָרן. אום העכער און שנעלער זי האָט גערעדט, אַלס שאַרפער האָט זיך אַרויסגעוויזן דאָס פעלן אַ צאָן אין די רעכטע אויבערשטע קינבאַק. מיט אַ פלאַמיקן בליק האָט זי אָנגעמאָסטן ביידע מענער. קאָנראַד לאַנץ האָט געוואָנדן צו איר זיין בליק און געקוקט אויף איר דערצערנט. לוידין האָט אַרויסגעוויזן אַ מינע, אַז ער הערט אויפמערקזאַם און גיט אָן אַ פאַרווינדערונג.

— איר זענט פרוי, וואָס אַן אמת, ווערט ביילייד-געפילט אויב די זאַך האַלט אַזוי, — האָט ער געזאָגט מיט אַ רחמנות-טאָן ; — אָבער לויט דעם, וואָס איך האָב געהערט וועגן אייער פאַרשטאָרבענעם מאַן, איז דאָס געווען, ווי איך מיין, אַן ערלעכער און ניט קיין פלינקער אָנצונעמען אַ וואָסערע באַשלוסן. דערפון לאָזט זיך פאַרשטיין, אַז ער האָט גענוג פאַרזען זיין פאַמיליע, איידער ער האָט געזוכט צו אַנטלויפן צו אַ צווייטער פרוי, איך בין זער פאַרוווּנדערט. און איבערהויפט וואָלט מען געדאַרפט פאַרשטיין, דאָס ער האָט זיך פאַרשטענדיקט מיט אייך וועגן די מעגלעכקייטן, פון אַ גט אָדער פאַנאַנדערגיין זיך, אַז ער האָט געפאָדערט פרייהייט פון אייך. אַמווייניקסטענס אויף אַזוי פיל איז ער אייך שולדיק געווען. צו האָט ער דאָס ניט געטון ? איך

בין ווירקלעך פֿאַרוואונדערט....

בריגידע האַרטמאַן האָט זיך לייכט פֿאַררייטלט. דאָס איז געווען אַ שאָטן, וועלכער איז אָבער באַלד פֿאַרשוווּנדן. אויף אַ מאָמענט האָט זי פֿאַרלוירן די הערשונג איבער זיך. זי האָט געקוקט אויף לודינען מיט אַ חשד, שפּעטער האָט אַ באַזונדער, טרויעריקער שמייכעלע זיך באַוויזן אויף איר פּנים. זי האָט אייניקע מאָל פּראָבירט צו רעדן, דערנאָך האָט זי ווידער פֿאַרהאַקט דאָס מויל. זי האָט אָנגעהויבן צו גיין איבער דער שטוב, אַזוי ווי זי וואָלט געווען אַליין. אָן שום סיבה האָט זי געצויגן בײַ שטריקל פֿון דער גאַרדין און די גאַרדין האָט זיך צוזאַמענגעצויגן אין פֿאַלדן.

— אַ גט, — האָט זי פּלוצלונג שאַרף אַרויסגערעדט. — מען קען וועגן דעם אַ סך רעדן. פֿרײַהייט. איך קאָן דאָס וואָרט. צו האָסטו ניט גענוג פֿרײַהייט? האָב איך אים געפֿרעגט; דו לויפֿסט דיר בײַטאָג און בײַ נאַכט ווי דיר געפֿעלט נאָר אַליין; צו שטער איך דיר אפֿשר? וואָלט ער זיך געהאַלטן בלויז אַ ליבהאַבערין. ביטע איך באַשטײ דערויף. טו, וואָס דו ווילסט. אָבער אַ גט? צו דעם האָב איך ניט געהאַט קיין רעכט. צו איז די הייראַט עפּעס אַ שטיקל פּאַפּיר, וואָס מען קען צערײַסן, ווען איינעם גלוסט? אָבער מען רעדט און מען רעדט אַלץ דערוועגן. גוט שיין, ווען דאָס זאָל דיך גליקלעך מאַכן, זאָל זײַן אַ גט, זאָג איך. אָבער אַזוי-ווי-זוי וויל איך זײַן פֿאַרזיכערט.... איך מוז האָבן אַ באַשײַניגונג פֿון מײַן אומשולד פֿאַר דער וועלט. שיין, געמאַכט. שפּעטער רופֿט זיך דאָס געוויסן בײַם מענטשן אָפּ. איך בין אַ פֿרוי. איך בין אַ מאַמע. מען טאָר דאָס נישט. ווי וועל איך קענען קוקן מײַנע קינדער אין די אויגן אַרײַן? פֿרעג איך אים, און פֿרעג איבערהויפּט בײַ זיך. מען האָט דאָס מיר געקאָנט פֿאַרוואַרפֿן ביז צו דער ענדע פֿון מײַן לעבן. זײַ צונעמען דעם פֿאָטער, איך בין אַ מאַמע? דאַמאָלס האָט זיך אָנגערופֿן אַ שטים אין מײַן האַרצן, וועלכעס האָט גערופֿן: ניין, בריגידע. (מיט אַ משונהדיקער ליידנשאַפֿט האָט זי זיך געקלאַפּט און דער ברוסט). אין שלאָף זײַנען געקומען צו מיר די ייִנגלעך און מיך געבעטן אויף דער קני: מאַך דאָס נישט,

מאַמע. ווען איך בין געשטאַנען ביים קבר פון מיינע עלטערן, האָב איך געהערט זייער שטימע: זינדיק נישט, מיין קינד. צו האָב איך נישט געהאַט די פליכט צו פאַרהאַלטן דעם מאַן, באַקעמפן אין אים דעם בייזן גייסט? דער מענטש וואָלט נישט געהאַט קיין שום רעליגיע אין זיין נשמה, ווען ער וואָלט געבליבן אַ שוואַכער. אָ, ניין, אָ ניין.

זי איז געגאַנגען אַהין און צוריק, וואָס אַמאָל שטאַרקער אויפגערייצט, אַ פּאַרטיפטע אין זיך, אָדער ווי זי וואָלט נאָך גערעדט צו אים, וועלכער איז שוין פון לאַנג נאָר אַ שאָטן. דאָס איז געווען אַן איינגעגעסענע דערמאָנונג פון געשפּרעכן, אויסגיסונג נ ון גיפטן און נקמהישער פרייד פון פאַרוווּנדן זיך:

— איך וועל עס אים קיינמאָל נישט מוחל זיין, קיינמאָל, נישט ביים לעבן און נישט נאָכן טויט, — האָט זי געזאָגט קריצנדיק מיט די ציין. אין דעם איז געווען אַזאַ ערלעכע שינאה און נישט-דערשטילטע פאַרביטערונג, אַז לוידין, נישט קוקנדיק אויף אַלעם וואָס ער האָט געזען און געוווּסט, האָט עפּנטלעך נישט געקענט זיך פאַרטיידיקן פאַר דעם איינדרוק. דאָס ער האָט פאַר זיך אַ מענטש, וועמענס תּביעה ס'איז אַ שטרייטלעכע און וועמען מען טאָר נישט שטראָפן.

— נישט צו מיר געהערט די זאַך צו משפּטן, — האָט ער דעפינטיוו געזאָגט. — איר האָט פריער געזאָגט דאָס איר האָט אייער אַדוואָקאַט; ראַט זיך מיט אים: אין קעגנפאַל, ווען איר וואָלט די זאַך געוואָלט מיט מיר דערליידיקן, בין איך אויך גרייט צום דינען. עס גענוגנט מיר בלויז צו מעלדן, איך וועל וואַרטן, ביז איר וועט קומען.

— ביטע, — האָט פרוי האַרטמאַן געזאָגט שטייענדיק שטייף קעגן זיי, צוקוקנדיק זיך צו זיי מיט אַ געקנייטשטן שטערן און אַדורכבויערנדע אויגן. עס האָט זיך אויסגעדאַכט, ווי זי וואָלט נאָך געוואָלט עפּעס זאָגן, אָבער די צונג האָט זיך אָפּגעזאָגט איר צו פאָלגן. מען האָט געהאַט דעם איינדרוק, אַזוי ווי זי וואָלט מיט אַ ווידערווילן געפילט די פערזענלעכע קראַפט פון

לוידינען און האָט זיך געשראָקן פאר זיין אוועקגיין ווי פאר אַן אומגליק, קעגן וועלכן זי האָט זיך געמוזט פארטיידיקן. אָבער זי איז געבליבן שטום.

אַהיימפאָרנדיק אין דער שטאָט איז לוידין געזעסן מיט פארמאַכטע אויגן אין ווינקל פון אויטאָבוס. קאָנראַד לאַנץ, הגם ער וואָלט גערן געוואָלט הערן זיין מיינונג, האָט דאָך מורא גע־האַט איבערצורייסן די שטילקייט.

— אָט האָט איר, — זאָגט ענדלעך לוידין שטיל, נישט־אויפהויבנדיק די ברומען, — אָט האָט איר אַ פּון בלוט און פלייש געקנעטענעם טיגער פון גערעכטיקייט.

— און אויף וואָס קאָן מען זיך רעכטן נאָך דעם אַלעמען? האָט דער יינגערמאַן געפרעגט טרויעריק.

— מיר וועלן זען. זי וועט קומען, דעמאָלס וועלן מיר זען.

— איר רעכנט ווירקלעך, הער דאָקטאָר, אַז זי וועט קומען? — האָט קאָנראַד געשאָקלט מיטן קאָפּ מיק פאַרצווייפלונג.

— נישט בלויז וואָס איך רעכן, נאָר איך בין זיכער. און אויב איך האָב קיין טעות, דערוואַרט אונדז נאָך געוויס גרויסע איבעראַשונגען.

## X

זונטיק אינדערפרי האָט פּיא צוזאַמענגענומען, אַזוי גוט ווי יעדע וואָך, די רעכנונגען, וועלכע זי האָט פון איר ווירט-שאַפטס-געלט נישט געקענט באַצאָלן און האָט נישט געדאַרפט צו באַצאָלן, און געגאַנגען מיט זיי צום מאַן. לוידין איז געזעסן ביים שרייב-טיש אין דער ביבליאָטעק. אויף דער גאַס איז גע-פאַלן אַ שניי.

— צום באַדוירן, איך מוז דיר שטערן, פרידריך, — האָט פּיאַ געזאָגט, — אָבער דו ווייסט דאָך: דער זונטיקדיקער עקזאַמין.

— געוויס, מיין דעפּאַרטעמענטס-שעף, פּראָבירט לוידין זיך צו וויצלען. — פליכט איז פליכט. נו וואָסערע אומעטיקע איבעראַשונגען ? ווייז די מוראַדיקע טעקע.

דאָס געוויטער האָט באַשעדיקט די אייזערנע צוים און מען האָט דאָס געמוזט פאַרעכטן און עס ברענגען צו אָרדנונג. אין קעלער האָט געפּלאַצט די וואַסער-רער און מען האָט געמוזט אריינזעצן אַ נייע. פאַר טעלעפאָן. מוירער-אַרבעט אין דער קוך. געקויפט אַ וואַש-מאַשין און אַן עלעקטרישן אויוון אין דער פרעס-שטוב. קאָקס אין דער גלאָז-שטוב. צוזאַמען פינף און דרייסיק און אַ האַלבער מיליאָן.

ווען לוידין האָט אַדורכגעקוקט די רעכנונגען, איז פּיאַ געשטאַנען נעבן אים, אָנגעלעגט אָן אים מיטן אַקסל.

ער האָט נישט געמאַכט קיין שום פאָרוואורף. ער האָט געהאַט צו פּיאַס ווירטשאַפט די גרעסטע צוטרוי און עס וואָלט געווען דאָס גרעסטע פאַרברעך צו קריטיקירן די איינקויפן, וואָס

זי האָט געמאַכט. ווען זי האָט ווידער פאַרלאָזט דאָס צימער, האָט ער איר נאָכגעקוקט, דערוואַרטנדיק אַ באַגריסונג אָדער אַ שאָקל מיטן קאָפּ, ווען זי האָט זיך אויסגעדרייט ווידער אין דער טיר. און ווען זי האָט אַ מאָל געטון מיט דער האַנט, איז זיין פּנים שוין גרייט געווען צו אַ פרייגטלעכן ענטפער. דערנאָך האָט ער זיך ווידער אַריבערגעבויגן איבערן שרייב-טיש, אָבער אנשטאט פאַרטצוזעצן דעם אָנגעהויבענעם בריוו, האָט ער גע- צייכנט אויפן לעש-פּאַפּיר פאַרשידענע באַבערדטע און אַנדערע פּראָפילן.

פּיאַ איז געזעסן ביים טעלעפאָן. צו ערשט האָט זי זיך באַקלאָגט פאַר דעם מילך-הענדלער פאַר די שלעכטע צוגע- שטעלטע מילך; שפּעטער האָט זי געהייסן צוליבן זונטיק זיך פאַרבונדן מיט דער פּריוואַט-וווינונג פון טאַפּיצירער און האָט זיך געהייסן דערקלערן פאַרוואָס די זאַפּע אין עס-צימער איז נישט פאַראַכטן, הגם דער מאַטעריאַל ליגט שוין ביי אים צוויי וואָכן אין וואַרשטאַט: ער האָט פאַרזיכערט צו קומען פרייטיק אָדער ער וועט צושיקן זיין געהילף און אַזוי ווייטער. צום סוף האָט עס איר זיך צוגעגעסן און האָט אויפגעהערט.

אַ פאַרטראַכטע האָט זי געקוקט פאַר זיך. אַלע די זאַכן, צוימען, רערן, וואַש-מאַשינען, אייוועַנס, קוילן-לאַדונגער, קאַנען מילך, באַשעדיקטע קוכן-פּליטן און די נייע איבערשלאַג אויף דער זאַפּע האָבן זי אַרומגערינגלט, יעדע זאַך האָט געהאַט צו איר אַ באַזונדערע ביטע. עס איז נישט געווען קיין מינוט אויף אָפּריען אָדער נאַכדענקן, אַז אַ זאַך, פול מיט פּרעטענסיעס און בענייטיקטע אין הילף, איז נישט פאַרביי איר אויג. דאָס הויז איז געווען מיט זיי פול. זיי זענען געהאַנגען, געשטאַנען, גע- לעגן אין יעדן צימער. מענטשן זענען געווען אין דער אַלגע- מיינער מיינונג דאָס דער מענטש נויטיקט זיך אין זאַכן. די אַרט אויפפּאַסונג איז לגמרי געווען פאַלש און נישט זאַכלעך: אין דער ווירקלעכקייט איז געווען אַזוי, אַז די זאַכן האָבן אויף אַ חוצפּהדיקן און אומפאַרשעמטן אופן געבריכט און געפאָדערט

דעם מענטשן און לויט זייער איינזען אויסגענוצט זיין כח און צייט.

די ביכער האָבן פאַרלאַנגט מען זאָל זיי אָפּווישן פון שטויב. די קלאַמקעס העבן געפאָדערט, זיי זאָלן גלענצן ווי א שפיגל. די טעפיכער האָבן פאַרלאַנגט, מען זאָל זיי אויסרייניקן פון שטויב. די שענק האָבן פאַרלאַנגט, מען זאָל זיי אין אָרדנונג ברענגען. דאָס בעטגעוואַנט האָט פאַרלאַנגט, מען זאָל עס איבערציען. די פּאָדלאָגעס האָבן פאַרלאַנגט, מען זאָל קערן. די זאָקן האָבן פאַרלאַנגט מען זאָל זיי פאַרצערעווען. די גאָרטן-סטעזשקעס האָבן פאַרלאַנגט, מען זאָל זיי אויסגלייכן. די בלומען האָבן פאַרלאַנגט, מען זאָל זיי באַשפּריצן. עס איז אין דעם נישט געווען קיין מאָס און נישט קיין זין. עס האָט נישט גענוגנט זיי צו באַפרידיקן איין מאָל, אָדער צען מאָל; זיי זענען אַלס געקומען אויף דאָס נײַ און יעדעס מאָל געהאַט די זעלבע טענות. אויב מען האָט זיך צו זיי נישט צוגעהערט אַמאָל, איז אַנטשטאַנען אַן אומאָרדנונג, אַ שטויב און שמוציקייט, אַזוי אַז עס האָט זיך געפאָדערט דאָפּלטע אַרבעט און אָנשטרענגונגען און דערצו נאָך געוויסנסביסע.

פּיאַ איז געווען באַהערשט דורך די זאַכן; אפילו צווישן איר און אירע קינדער האָט זיך געפונען אַ באַריקאַדע פון זאַכן. איר הערט: מאָרגנע רופט די באָטן; רעלי קאָן נישט געפונען דאָס פראַנצויזישע לייענבוך; די אָם פאָדערט דאָס צווייטע פרישטיק; דאָס שטובן-מעדל קרעכצט, זי האָט ערגעץ פאַרטון די שליסלען פון ווייַן-קעלער; די קעכין ברומט ווייל דער אויוון ברענט נישט גוט. הגם פּיאַ מוז נישט אַליין ברענגען די באָטן, געפונען דאָס לייענבוך, דערלאַנגען דאָס פרישטיק, אויסזוכן די שליסלען פון קעלער און דערברענען דעם אויוון, איז זי אָבער דאָך די אינסטאַנץ, צו וועלכע אַלעס ווענדעט זיך, און דער העכסטער טריבונאַל; זי מוז ראַטן, באַרויקן, צוגעבן מוט, אויסלאַכן, געבן געלט, דאָס לויבן און דאָס פאַרשווערן, סאיז איר בלויז נישט דערלויבט צו קלערן וועגן זיך.

די געסט קומען נישט צו איר; זיי קומען אין הויז. ווען זי גייט אַרויס מיטן מאַן אין טעאַטער אָדער אויף אַ וויזיט, לויפֿן איר די זאַכן נאָך, פֿלאַפּלענדיק און קריגנדיק זיך, אַזוי ווי אין אַנדערסענס מעשהלעך. אויב עס זאָגט איר עמיצער אַ קאָמפּלימענט צ. ב. אַז זי איז שיין אָדער רייצענד, דערמאָנט זי זיך דאָס מען ברויך מאָרגן פֿרי שיקן אין דער אַפּטייק נאָך פּודער פֿאַר דעם קליינעם הובערט.

ווען דער בריוו-טרעגער קומט אין הויז, ווייסט זי דאָס ער האָט נישט פֿאַר איר קיין בריוו, גאָרנישט וואָס זאָל האָבן אַ שייכות צו איר אייגענער פּערזאָן, קיין שום סודות, און אַפֿילו קיין שאָטן פֿון עפּעס, וואָס זאָל געהערן נאָר צו איר. ווייל ווי איז זי? ווי איז פּיאַ?

צי עקזיסטירט נאָך עפּעס אַ פּיאַ? צי שטעקט דען נישט ווירקלעך פּיאַ אין די זאַכן, אין די צוימען, אין די וואַסער-רערן, אין דעם זאָפּע-איבערשלאַג, אין די מילך-קאַנען, אין די באָטן, אין די טעפּיכער און קלאַמקעס? צי שיינט פֿאַר איר דער זון-אונטערגאַנג? צי זינגט פֿאַר איר נאָך עפּעס אַ זינגערין? צי קען זי זיך נאָך פֿרייען? צי קען זי נאָך טרויען? צי בענקט נאָך איר האַרץ? צי נעמט זי אַנטייל אין דער וועלט? אָדער צי איז זי נישט אָבער ווירקלעך בלויז אַ שעכטל מיט צעטעלעך, אויף וועלכע עס געפֿונט זיך אַ רשימה פֿון זאַכן, לויט דער ריי, מיט אָנגעמערקטע פּרייזן און באַשעדיקונגען?

אָבער פּיאַ ווייס עס נישט. אַזוי גוט ווי זי ווייסט נישט ווער זי איז, אַזוי גוט ווייס זי נישט וואָס איר פֿעלט. זי פֿרעגט נישט, באַמיט זיך נישט, פֿיליזאָפֿירט נישט; זי קוקט; זי שאַפֿט; אָבער אינאָווענט איז זי מיד. זי איז נאָך נישט געוואָרן צו קיין אַנדער אַרט לעבן, אַמווייניקסטענס ביז צו דער יעצטי-קער מינוט; זי קען נישט קיין אַנדערעס; דער אַרט וואָס איז איר צוגעטיילט געוואָרן, ווייזט איר אויס דער איינציקער פֿאַר איר מעגלעכער, און זי פֿלייסט זיך אים זיך צוצופּאַסן.

## XI.

דירעקט פאַרן מיטיק האָט פרוינדאָרפער געגעבן צו וויסן דאָס ער וועט נישט קומען, ער גייט אויף די נאָכמיטיק־פאָר־שטעלונג אין טעאטער, ער וועט ערשט קומען אום צוויי אויף אַ גלעזל שווארצע קאַווע. זיי זענען געווינט געווען צו אַזעלכע אומאַרטיקייטן פון זיין זייט, און קיינעם האָט עס טאַקע נישט געוווּנדערט, אַ חוץ דער פרוי ראַטמאַן, וועלכע האָט זיך צוליב דעם גיט אַזוי שטאַרק געפרייט; ווען אָבער שפּעטער איז דער געשפּרעך אַריבער אויף עפּעס אַנדערש, האָט זי אינגאַנצן פאַר־געסן דערוועגן און אויפגעהערט צו ריידן וועגן זאַכן וואָס זאָלן האָבן אַ שייכות צו דער פּערזאָן פון פרוינדאָרפער. אויסנאַמס־ווייזע האָט זי אַנטייל גענומען אין אַלגעמיינעם מיטיק־מאָלצייט; זי האָט געליטן אויף אַזויפיל חולאתן וויפל שעהן און טאָג און אין איר איינגעוואָרצלטן עגאָיזם האָט זי זיך געהאַלטן ניט בלויז אַלס צענטראַל־פּונקט פון הויז נאָר אפילו פון גאַנצן לעבן וועלכעס זי האָט געקענט פון צייטונגען און געשפּרעכן. וויפל מאָל לוידין האָט זיך צו איר געוואָנדן, וואָס ער האָט אפילו גערן געטון, האָט זי אויף אים געקוקט מיט שווארצע, פאַרגלאָצטע און איבערגעשראָקענע אויגן, אַזוי ווי זי וואָלט זיך ערשט געוואָלט דערמאָנען ווער עס רעדט צו איר, שפּעטער האָט זי אַשאָקל געטון מיטן קאָפּ אין געגעבן אַזאַ ענטפער וואָס האָט גאָרניט געהאַט קיין שייכות צו דער געשטעלטער פראַגע. רעלי און מארלענע, אין מאָמענטן פון אָפּגעלאָזענע צרע, האָבן זי גערופן צווישן זיך „מוטער פינסטערארהאָרן“,

דערבײַ האָבן זײ אויסגעזען װי צװײ אומשולדיקע מלכימלעך, װעלכע דערמאָנען זיך די װעלט-לײדן.

פרוינדאָרפער איז געקומען פריער װי מען האָט זיך גערי‌כט. פרוי פּיאַ, אַזוי גוט װי מארלענע און רעלי, איז אַװעק צו זיך אין צימער, װען ס'האָט זיך דערהערט זײַנע טריט, זײַן פּײַפן מיט דער נאָז און באַלד האָט זיך ארײַנגעקײַקלט איבער דער שװעל אַ גרויסער קלאָץ פון פעטס און פלײש, זײַן גוף.

ער איז געװען װי אַן אויװן, װעלכער האָט צוליב זײַן פאַרנעם ארויסגערופן אַ נישט-פּראָפּאָרציאָנעלע טעטיקײט. אַזוי װי אַן אויװן האָט ער פון זיך אַרויסגעבלאָזן כּסדרדיקע װאַרעמקײט, אַזוי װי ער װאָלט געברענט בײטאָג און בײַנאכט, ער האָט פון זיך אַרויסגעלאָזט װאַרעמקײט און גוטמוטיקע פלאַפּלערײַ, און פון צײַט צו צײַט אַפילו רויך און סאַדזעס, נעמלעך אויסערגעװײנלעך דרײסטע ציניזמען, צװײדײטונגען און בײסנדיקע באמערקונגען װעלכע האָבן אַ שלעכטן אײַנפלוס אויף גוט-דערצויגענע מענטשן און איז די סיבה װאָס מיט זײַן אָנקומען האָט מען בעהאלטן די קינדער, יונגע מײדלעך און אין אַלגעמײן ס'גאַנצע ייִנגװאַרג אויף אַ זיכער אָרט. פּיאַ האָט מיט איר בליק און פערזאָן אים אַזוי צעשלאָגן, אַז אין איר אָנװעזנהײט האָט ער זיך געהאלטן אין די ראַמען. װען ער האָט געהאט צו זאָגן עפּעס ביט אָרנטלעכעס, האָט זי אויף אים אַזאַ קוק געטון, אַז ער האָט זיך גלײך פארלוירן און אָנגעהויבן זיך קראַצן אין קאָפּ און אין פארלעגנהײט כּסדר געװאָרפן די ציגאַר פון אײן עק מויל צום צװײטן.

ער איז אַלט געװען פופצן און פירציק יאָר, און אויסגעזען האָט ער װי אַן עלעגאַנטער גימנאַזיסט. זײַנע העלע, געלײַקטע האָר האָבן זיך צונויפגעזאמלט אין אַ קינסטלערישע פריזור. ער האָט געהאט פעטע, פײַכטע און געגאָלטע ליפּן, אַ טיף-צעשײדטע באָרד, שװאַמיקע באַקן, ריזיקע שפּיציקע אויערן און ריזיק באַװאַקסענע הענט. באַװעגונגען האָט ער געהאט

אזעלכע, אזוי ווי ער וואָלט פריער געמוזט רעדן צו זיין גוף ער זאָל אים געהאָרכזאַם זיין, ווי א פויל פערד איידער עס שטעלט אַ טריט. ווען ער האָט זיך אַוועקגעזעצט, האָט מען געהאט דעם איינדריק דאָס ער וועט זיך ערשט אויפהויבן דאן, ווען די שטוב וועט שטיין און פלאמען.

אין די אדרעסן־ביכער און אין די מעלדונגס־צעטלען איז ער געווען פאַרצייכנט אַלס פריוואט־געלערנטער. קיינער האָט אָבער ניט געוווסט פון וואָס ער לעבט. ער איז געווען אזוי ווי אַ ציגיינער. ער האָט געהאַט א פאַרמעגנס, ער האָט עס אָבער פאַרלוירן בעת דער אינפלאנציע. ער האָט געהאט צוויי הייזער אין שטאָט, וועלכע האָבן אָבער קיין שום איינקונפטן ניט געבראַכט; ער האָט געשריבן וויסנשאַפטלעכע אַרטיקלען פאַר צייטונגען און זשורנאַלן, וועלכע קיינער האָט ניט געלייענט, הגם זיי זענען אָפט געווען הומאָריסטיש און אינטערעסאַנט, אָבער ניט פּאָפּולער. ער האָט געגלעכט געלעבט אָן געברויכן. ניט געקענט קיין איבעריקעס, ניט געפאָדערט פון קיינעם קיין הילף, און ביי דעם באַגרענעצטן אַרט לעבן, האָט ער נאָך געפונען אומדערוואַרט געלט, עמיצן אַרויסצוהעלפן, אָדער נאָכצוקומען יענעמס אַ גלוסטינג.

ער האָט געהאַט אַ קליין, ווייס הינטעלע וועלכעס איז געווען זיין נאָענסטער פריינד מיט וועלכן ער האָט זיך ניט געקענט שיידן. אפילו היינט האָט ער אים מיטגעבראַכט מיט זיך. ער האָט דאָס הינטל אָפּגעגעבן אין דער גאַרדעראָבע, ווי ער דערציילט, עס צו באַהאַלטן און דאָרט האָט זיך נעבעך דאָס באַשעפעניש אַזוי שטאַרק דערשראָקן פאַר די מענטשלעכע מאַנטלען אין היטן, אז עס איז אַזש קראַנק געוואָרן אויף נערוון. ס'איז גענוג געווען צו זען זיין בליק; עס האָט זיך אָן זיי אָפּגעשפּיגלט עקל און מורא. ווען מען זאָל נעמען אין אַכט, ווי אומאַנגענעם עס שמעקט פאַר אַ הונט דער מענטש, איז זיך ניטאָ וואָס צו וווּנדערן אַז זייער אָנטאָן איז פאַר אזאַ דעליקאַט באַשעפעניש אויך אַזוי אומדערטרעגלעך.

ער האָט געררופן זיין הונט, הער שמיט. דאָס איז געווען אַ קונדעל מיט אַ מויל און פיס פון אַ ים-חזיר, אָבער שטענדיק געווען ערלעך, קלוג און דיסקרעט. „הער שמיט" האָט קיינמאָל ניט געבילט: ער האָט בלויז געברומט. פּרווינדאָרפער האָט געהאַלטן אַז ער שטאַמט פון גאַנץ ווייט און זיין פּאַטערלאַנד איז אָדעס, פון ווי ער איז אין דער מלחמה-צייט אַהערגעקומען קיין מערב און עס געפעלט אים נישט דאָ. ער האָט טיטולירט דעם הונט הער, גערעדט צו אים איידל און מיט ערע, און געלויבט זיין אומשולדיקייט, און זיינע ריינע, ווי ער זאָגט, קריסטלעכע מידות.

זיינע באַציונגען צו זיין זון מיקאָלאַי איז געווען פאַרשידנארטיק אָפּגעשאַצט. א טייל האָבן געזאָגט אַז ער קאָן אים ניט פאַרטראָגן און האָט אַ ווידערווילן צו אים, פון דער צייט ווען אין דעם יינגערמאַן האָט זיך דערוועקט אַ נייגונג צו מוזיק. די האָבן מפלומערשט געהאַט רעכט, ווייל פּרווינדאָרפער האָט אַלעמאָל גערעדט מיט גלייכגילטיקייט וועגן זיין זון מיקאָלאַי. ער האָט געהויבן מיט די אַקסלען, און אים גערופן ליריקער און סענטימענטאַליסט; ער האָט געהאַט מיט אים מחלוקתן וועגן געלט וועגן באַציונגען צו אַנדערע, וועגן א בוך, וועגן אַ וואָרט; ער האָט אים געזידלט, ער האָט חוזק געמאַכט פון אים, ס'רוב אין דער אַנוועזנהייט פון אַנדערע, פון זיין ניט-דרייסטקייט, און אַלעס וואָס מיקאָלאַי האָט געטון האָט ער ניט גענומען ערנסט. מיקאָלאַי האָט געשטאַמט פון א צוזאַמענלעבן מיט א פרוי וועלכע האָט געלעבט מיט פּרווינדאָרפערן ניט קיין גאַנצע דריי חדשים. ווען זי איז אַוועק פון אים, האָט זי געזאָגט דאָס מען קען צוליב נויט נאָך ווויינען מיט אַ משוגענעם, מען קען אויס נויט ווויינען מיט אַ קאַרגן, מען קען אויס נויט ווויינען מיט אַ מיזאַנטראָפּ; אָבער ווויינען מיט אַ משוגענעם און קאַרגן מיזאַנטראָפּ גייען אַריבער די מענטשלעכע כוחות. פּרווינדאָרפער דערציילט עס אַליין פאַר אַלע ווער ס'וויל נאָר הערן. באַלד נאָכן פאַנאַנדערגיין זיך האָט זי אים געבערענגט דאָס קינד, און פאַר-

שווינדן. ער האָט וועגן איר שוין קיינמאָל נישט געהערט. ווען ער האָט גערעדט וועגן איר, וואָס ס'איז געשען זער אָפט, האָט ער גערעדט טרוקן, אַז די באַציונג צו א פרוי איז אַ פּאַרטיע־האַנטעאוס אין זיין לעבן, אָבער די איינע, וואָס האָט אים אָנגעצויגן, האָט געהערט צו די קינדערישע, זעלבסט־פאַרבלענדענדע פּרויען מיט אַ קרענקלעכע בייגונג צו זידלערייען; דאָך האָט ער זיך געשטיקט און דער אטמאָספערע פיר און צוואנציק שעהן, דערפון איז דער זון. ווען ער וואָלט זיך געכאַפּט און דער דריי און צוואַנציקסטער שעה, וואָלט ער זיך אַרויסגעקריגן פון דעם פּלאָנטער.

איין מאָל, אין אַ ווינטערדיקן טאָג פאַר דער מלחמה ווען די אומצופרידנהייט און בונטאַרישקייט האָבן געפערלעך געשטורעמט צווישן די פעלקער, איז לוידין אַרויס פון פאַרלאמענטס-טויער, ווי ער האָט קאָנפערירט מיט אַ דעפּוטאַט און איז אַריינגעפאַלן אויף א פאַרזאַמלונג פון שטרייקענדע אַרבעטער, וועלכע האָט געציילט העכער דריי טויזנט מענטשן, ס'רוב איז עס געווען יונגע מענטשען, אַלס יונגער זיי זענען געווען אַלס געפערלעכער האָבן זיי אויסגעזען; זעכצן- און זיבצן-יעריקע האָבן זיך געאיבט אין שרייען און פייפן, און האָבן באַוואָרפן די רייטער־פּאָליציי מיט שטיינער. מיטן אויגנבליק האָט זיך לוידין געפונען אין אַ שטאַרקן געשטופּעריי און זיך אָנגעשטרענגט זיך אַדורכצושטיפן, ער איז אָבער פאַרהאַלטן געוואָרן פון אַן אומגעוויינלעכער סצענע. אַ זער שטאַרקער פאַרשוין, פארהאַלטן פון דער מאַסע, אזוי ווי ער, איז צוליב זיין דיקקייט און קאָמישן אויסזען באַשאָטן געוואָרן מיט זידלערייען; עטלעכע דרייסטע יינגלעך האָבן אפילו זיך געפרופּט אויף אים צו וואַרפן. לוידן וויל אים קומען צו הילף, אָבער יענער האָט סאָפּענדיק געוואַלטיק זיך קוים ארויסגעקריגן. מיט אַ ווינדערלעכע געשיקטקייט איז ער אַרויף אויף אַ מיסט־קאַסטן און אָנגעהויבן צו רעדן פיל וויניקער אזוי:

חברים! אָדער בעסער קאָלעגן! צו איז עס דען דערוויזן

געוואָרן דאָס מען איז דיק נאָר דערפאר ווייל מען עסט גענדזענע לעבערלעך אָדער טרופלעס? ווער האָט מיך שוין דען באזוכט אין מיין טעגלעכע רעסטאָראַן און געזען, אַז אַנשטאָט א בעפשטיק, געבראָטענס, אָדער א פולקע פון א הירש און אַ טאָרט פון טשעקאָלאַד עס איך מיט טרערן אַ דאַר שטיקל פלייש מיט כריין? זאָל דער אַרויסטרעטן! זאָל ער אַרויסטרעטן דרייסט! מיין בויך, זאָגט איר? אָבער ווי אַזוי בין איך צו אים געקומען, ווי איז זיין נאַטירלעכע געשיכטע פון זיין אַנטוויקלונג? דאָס איז ניט קיין בויך פון פעטיקייט; דאָס איז אַ בויך פון אָרעמקייט, דאָס איז אַ בויך פון תּענית, א בויך פון זאָרגן, נישט קיין קאַפּיטאַליסטישער בויך. חברים, אפשר איז מיין געליבט מאכל גאָר זוירע אוגערקעס; אפשר שוין אין דער צייט, ווען און לאַנד ביי אונז האָט זיך נאָך קיינעם ניט געחלומט צו קלערן וועגן בייע דעראָבערונגען פון דער אַלגעמיינער פאָלקס-בויט האָב איך זיגרייך פארטיידיקט די שטעלונג: זאָל לעבן דער הערינג און דאָס זוירע קרויט! און צווישן אונז גערעדט, חברים: צו זייַנען אַלע פרעסערס רונדיק? צו, ווען מיר וועלן די זאך גרינטלעך באַטראכטן, האָט די מערהייט פון זיי ניט קיין אָפּגענאַרערישע סוכאָטעס, פאָדעמדיקע דאַרקייט? ווען איר וואָלט אַזוי ווי איך שטודירט די בורזשואַזע בייכער, וועלכע פעטיקט זיך פון אַרבעטערס שווייס, דעמאָלס וואָלט איר מער-וויניק מיטלייד געהאַט אויף מיין פעטס, ווייל דאָס איז אַן אומשולדיק פעטס, אַן ערלעך פעטס.

ער האָט געהאַט און זיך עפּעס קאריקאַטוריסטישעס אין דער פאָרם פון מארק אַנטאָניושס, שטייענדיק אזוי אויף דעם מיסט-קאסטן מיט אַ געלעכטער און א ציגאר אין מויל און פאַרטיידיקט זיין גראָבן בויך.

אייניקע האָבן געברומט, פילנדיק, אַז ער חוזקט פון זיי. די מערהייט האָט געלאכט און געלאָזט צורו.

לוידינגען האָט געוויילט די סצענע, ער האָט זיך פארשטענדיקט מיט דעם רעדנער; זיי זענען געגאַנגען בייַנאַנד דורך

די גאַסן; פון דעם טאָג אָן האָבן זיי זיך רעגולער באַגעגנט אין דער קאַפע, וועלכע פרוינדאָרפער האָט באזוכט, שפּעטער האָט פרוינדאָרפער אָנגעהויבן באזוכן לוידינען, לוידין האָט אויך אמאָל באזוכט פרוינדאָרפערן און אַזוי ארום איז אנט־שטאַנען איינע פון די מענערישע באקאנטשאַפטן, וועלכע באַשטייט נישט בלויז פון איבערגעבן זיך די געדאַנקן און איבערלעבענישן איינער פאַר דעם צווייטן, נאָר אויך אויף דעם סימפּאטישן און ווייניק זאָגנדיקן צוזאמענלעבן און אַ געוויסע צופרידנהייט, וואָס איינער געפינט אינם צווייטנס אַטמאָספערע.

# XII

הגם ער האָט זיך אַנטקעגנגעשטעלט האָט אָבער דאָך פּיאַ געטראָפן דאָס ער האָט נאָך נישט געמיטיקט, און האָט גע־הייסן דערלאַנגען נאָכאַמאָל צום טיש. ער האָט געשמאַק גע־שלינגען דאָס פלייש, גרינצייג, סאַלאַט, קאָמפּאָט און לעגומינעס אַלעס אין אַ גרויסער מאָס, אויסגעליידיקט דאָס צוגעוואַרעמטע טאַר אים פלעשל „טשעמבערטינע" און האָט פון צייט־צו־צייט צוגעוואָרפן א ביסן דעם הינטל אונטערן טיש, וואָס פּיאַ איז דערפון געווען זער אומצופרידן, ווייל זי האָט געשראָקן פאַר די ריינקייט פון טעפּיך. הער שמיט איז געזעסן באַשיידן און קליין ביי די ריזיקע פיס פון זיין הער.

ער האָט דערציילט דאָס צוליב אַ געוויסע אַקטיאָרקע האָט ער געמוזט גיין אין טעאַטער; דעם אמת געזאָגט, איז ער גע־גאנגען צוליב מיקושן, וועלכער שאַצט זי זער הויך, ווי ס'דאכט זיך; זי הייסט לודוויקע דערקום; מ'האָט זי אַראָפּגעבערענגט פון בערלין; וואָס אַן אמת האָט ער א קנאפּע פאָרשטעלונג וועגן די בערלינער אימפּאָרטן, אָבער דאָך איז ער געגאַנגען, ווייל מיקוש האָט אים נישט אָפּגעלאָזט. דאָס יינגל קאָן זי שוין פון זומער; דורך אַ געוויסע צייט איז דערקום געווען אין יעדן דריטן וואָרט; דערקום און דערקום אָן אַן עק; דער נאָמען האָט שוין געגומען שפּילן אויף די נערוון; דערקום; צו קלינגט עס נישט ווי אַ מיטל צום שטאַרקן אָדער א נייע צומישונג צו ליקער? נו, שפּעטער איז דער פאַראכטעטער נאָמען אַראָפּ פון דעם יונגעלס ליפּן; היינט אינדערפרי האָט מען אים געבערענגט

פלוצים אַ בילעט; דאָס איז די ערשטע גרעסערע ראָלע וואָס די דערקום האָט דאָ געשפּילט אין אַ פראַנצויזישער פּיעסע. וואָס אַן אמת האָט ער מיך נישט שטאַרק צוגערעדט; ווען דאָס אינ־טערעסירט דיך, טאַטע, טאָ גיי, האָט ער געזאָגט; די אָפּנאַרע־רישע גלייכגילטיקייט האָט אָבער אים אינטריגירט פּרווינדאָרפּער'ן דעם פאָטער, און ער איז געוואָרן גייגעריק, און אַזוי ווי ער האָט שוין לאַנג געהאַט אַ חשד אַז צווישן מיקאָלאַיען און דער דערקום קומט עפּעס פאָר, האָט ער זיך גענומען און געגאַנגען אין טעאַטער.

דאָס מיידל האָט אים גוט געפאַלן. פאַרשטייט זיך אַז דאָס פּובליקום האָט איבערגעטריבן ווי געוויינלעך, און האָט איר איינגעאָרדנט אַ נישט אָרנטלעכן שטורם פון איבעראַשונג. ס'איז ווערט אַנערקענונג דער שיינער טאַלאַנט אין דעם ליבן פּאַך: אַ פרומען-טייוול אין אַ נאַיווע נשמה; אַ זיסע פרוכט אין אַ ביטערער שאָל; אָבער אַלעס אין אַ היינטוועלטיקער, כיטרער איינפּאַסונג. פאַר אים איז מיקוש אַ ספּעקטאַקל אין אַ ספּעקטאַקל. ער איז געזעסן אַ בלאַסער, מיט טראָפּנס שווייס אויפן שטערן; ער האָט געציטערט לויט דער פאָרשריפט, און ווען די קורטינע איז צום לעצטן מאָל געפאַלן, איז ער אַרויס שנעל ווי ער וואָלט געהאַט בויכווייטיק.

פּרווינדאָרפער האָט געשאָקלט מיטן שאַרבן און האָט גע־פינטלט מיט די פייכטע אויגן דאָ צו לוידינען, דאָ צו פּיאַן, מיט קיין נישט-זיכערן בליק, ווי ער וואָלט געפאָרשט געהיים צו זיין דערציילונג געפעלט אָדער נישט.

— צווייטנס, דער קליינער האָט בדעה היינט צו קומען נאָכמיטיק דאָ אַהער, — האָט ער געזאָגט; — ער האָט געזאָלט האָבן צוגעזאָגט מאַרלענען, אַז ער וועט מיט איר שפּילן אויף פיר הענט.

— ניין, מאַרלענע האָט אים געוואָלט זינגען, — האָט פּיאַ געענטפערט, — אַן איטאַליעניש ליד. זי האָט זיך געאיבט

פלייסיק אַ גאַנצע וואָך. דאָס קינד האָט אַ פּרעכטיקע שטימע. איר מוזט אַמאָל אויסהערן.

פּרווינדאָרפער האָט מיט שרעק געמאַכט אַ פאַרטיידיגנדיגן זשעסט מיט דער האַנט.

— ווער, איך, פּרוי פּיאַ? — האָט ער געזאָגט. — יעדער געזאַנג קלינגט פאַר מיר, ווי אָפּשניצן אַ בליי, וואָס איז דאָס ערגסטע גרילצן אויף דער וועלט.

די הערן זענען איבערגעגאַנגען אין דער ביבליאָטעק. פּרווינדאָרפער האָט זיך ברייט צעזעצט אויפן פאָטעל, אָנגערוי־כערט אַ ציגאַר, פאַרלייגט די הענט אויפן בויך און געקוקט פאַר זיך. הער שמידט איז געגאַנגען נאָך אים און געדרימלט ביי זיינע פיס, מיטן קאָפּ צווישן די לאַפּעס.

לוידין איז זיך אַדורכגעגאַנגען דורכן צימער.

עס האָט זיך אָנגעהויבן אַן אייגנאַרטיק געשפּרעך. מען האָט עס געהערט, ווי לוידינס מאָנאָלאָג; פּרווינדאָרפער האָט נאָר בלויז געגעבן פאַרשלאָפענע ענטפערס, ער האָט געווידמעט, מכּלומרשט די ווערטער פון זיין פריינט אַ שוואַכן אינטערעס, האָט פויל געווינקן מיט די אויגן, אינגאַנצן אַריינגעטון אין דעם פּראָצעס פון פאַרצווייפלונג, ער האָט געבלאָזן פון ז ך דעם רויך און פון צייט־צו־צייט זיך געוואָנדן מיט אַ פראַגע:

— ווי איז אייער מיינונג, הער שמידט?

נאָר ווען לוידין האָט זיך צו אים אויסגעדרייט מיטן ריקן, האָט ער געקוקט אויף אים מיט זיינע האַלב־פאַרמאַכטע אויגן אויפמערקזאַם און מיט פאַרוואונדערונג, ווייל דאָס וואָס ער האָט געהערט, איז געווען פאַר אים אַ גרויס נייעס און ס'האָט אים געצוווּנגען, ווי ס'ווייזט אויס, צו טרויעריקע געדאַנקען.

פּרווינדאָרפער איז מכּלומרשט אַ פילאָזאָף, וואָס קלערט ער וועגן מענטשענס יאָך און זיין אומפאַרענדערלעכקייט פון זיין כאַראַקטער? האָט לוידין געפּרעגט שמייכלענדיק כיטרע. אָדער אין גרונט גענומען וואָס איז דאָס אַזעלכעס וואָס מען רופט כאַראַקטער? ווי שווער און גלייכצייטיק אומרויק איז דער מוז

פאַרצושטעלן זיך, דורכן גאַנצן לעבן, מיט דעם זעלבן אינדיווידואום; רעאַגירן טאָג נאָך טעג אויף די זעלבע סיבות און אויף דעם זעלבן אופן! עס זעט אויס ווי אַ תפיסה-שטראָף: דו, פרידריך לוידין, ביזט פאַרמשפּט, צו זיין דורך פינפציק יאָר, אָדער גאָר פינף און פינפציק, צי גאָר זעכציק דער און דער, און טאַקע פרידריך לוידין און נישט אַנדערער, דו ביזט פאַרמשפּט אויף דער און דער שטאָט, אויף דעם און דעם הויז, אויף די און די טעטיקייט און ס'איז דיר נישט דערלויבט אפילו מיטן קליינעם פינגער צו מאַכן אַנדערש ווי דאָס פּאַסט פאַר דער זאַמלונג וואָס טראָגט די עטיקעטקע פרידריך לוידין.

עס עקזיסטירן דאָך אָבער מאָמענטן פון געהיימען בונט, ווען עפּעס אַ פּלעמל אין מוח אָדער אין דער נשמה רייסט זיך אַרויס אין אַ געביט פון אַן אַנדערן איך. און וואָס, ווען אַזוי עמיצן צ. ב. עסט זיך צו זיין אייגענער איך? ווען כ'זאָל אַזוי אים מיד מאַכן אין אַ געווויסן טאָג גרונטלעך און אומהיילבאַר צוגעגעסן פון דעספּאָטיזם פון זיין אייגענעם כאַראַקטער? זאָלן מיר זיך פאָרשטעלן: אַ דאָקטאָר האָט געגוג פאַרענדערלעכע היפּאָטעזן פון זיין לערע פּונקט אַזוי ווי דאָס וועטער; ער האָט געגוג צו טון אין זיין פאַך, וואָס צווינגט אים צו באַנוצן זיך מיט פאַרשידענע מיטלען; ער האָט געגוג בעטנדיקע אויף הילף, בליקן פון בריאים געאָפּפערטע דעם טויט, וואָס ס'קאָן זיי גאָרנישט העלפן; ער האט געגוג פראַגן, אויף וועלכע ער האָט נישט קיין ענטפער און דאָך פרעגט ער זיי; געגוג רעצעפּטן, מעטאָדן און רעגולן, ווען ער זאָל זיך ווילן אַרויסרייסן, וועט אים די רעם איינהאַלטן; ווען ער וואָלט זיך געוואָלט פאַרנעמען מיט אַן אַנדער פאַך, וואָלט ער געמוזט מאַכן אַן אנטדעקונג, אַז ס'איז אים נישט געגעבן געוואָרן די פעיקייטן, וואָס עס באַזיצט אַ טישלער ביים היבלען אַ ברעט; ער באַזיצט מעגלעך אַ פאַמיליע; באַזיצט קינדער; דאַמאָלס וועט יעדע אַנדערע פרייע באַשעפטיקונג און באַשטימונג געשטערט ווערן און וועט מוזן ביז דער לעצטער מינוט ווייטער אַרבעטן דאס וואָס ער האָט

אָנגעהויבן צום ערשטן, ארבעטן אומבערחמנותדיק, אומפארענדער־לעך, ער זאָל אפילו ברויכן צוליב דעם משוגע ווערן.

קיין שום סימן אויף פרוינדאָרפערס פנים האָט ניט אַרויסגע־וויזן, אַז דעם חברס רייד זאָלן מאַכן אויף אים אַ ווערלכן ס'איז איינדרוק, אָדער ער האָט געזאָלט דערפון ארויסצוען א קאָנסעק־ווענץ. ער האָט זיך בלויז פויל באַוועגט אין קוים פויל אַרויסגערעדט:

— איך האָב דאָס דאָך שטענדיק געזאָגט: דער גאַנצער פלאַנעט האָט זיך ניט איינגעגעבן, די מענטשהייט־אינסטיטוציע, אויב מען קאָן זי נאָך ביי היינטיקן טאָג אַרומנעמען מיטן בליק, איז א לעכערלעכקייט. מען דאַרף אריינטראָגן אַ ווירקזאַמע אַנקלאַגע. ס'איז נאָר אַ פראַגע צו וועמען. ס'פארשטייט זיך אַז מען באקומט אן ענטפער: צו גאָט. אָבער די איינציקע מעלה פון גאָט איז אייגנטלעך דאָס, וואָס ער עקזיסטירט ניט. צו זענט איר ניט ביי די זעלבע מיינונג, הער שמידט?

ער האָט זיך צעלאכט.

לוידין האָט אַראָפּגענומען אַ בוך פון אַ פאַך, האָט און אַן אויפגערעגטן צושטאַנד איבערגעוואָרפן אייניקע בלעטלעך און עס צוריקגעשטעלט אויף דעם זעלבן אָרט. די גאַנצע חכמה פון די חכמים פירט אונז ניט ווייטער, האָט ער פאָרטגעזעצט; אַפילו אזוי ווייט, אז די קייט פון פאַך וועקסלען אויף אן אַנשטענדיקע פרייהייט. אַזוי גוט ווי מיטן דאָקטאָר, אַזוי גוט מיטן לערער; און אזוי ווי מיטן לערער, אַזוי אויך מיטן גלח; אזוי ווי מיטן גלח, אזוי מיטן אדוואָקאט. אָ, ביטערקייטן! ווען מען וואָלט געקאָנט אַרויסגיסן דאָס גאַנצע ביטערניש, וואָס מען טראָגט אין זיך וואָלט די גאַנצע שטאָט געוואָרן דערמיט פאַרגאָסן.

ער איז געגאנגען איבערן צימער מיט די הענט אויפן ריקן. פרוינדאָרפער האָט גערויכערט און געשוויגן. פון דער מוזיק־שטוב האָט זיך געהערט א דומפּיק געזאנג פון מאַרלענען.

וואָס האָט לוידין נאָך געהאט צו זאָגן? וואָס האָט ער נאָך געקאָנט זאָגן? ער איז געגאנגען אַ הין און צוריק, האָט

אויסגעגלייכט אביסל דאָס בילד אויף דער וואַנד וואָס איז קרום געהאָנגען. ער האָט אויסגעגלייכט אַ שפּיץ פון טעפּיך. ער האָט געעפנט די טעקע, זיך צוגעקוקט צו דער צייכנונג ביז זעענדיק זי. שפּעטער האָט ער ווידער גענומען שפּאַצירן איבערן צימער, די הענט פאַרלייגט אויף הונטן.

פּלוצים איז ער שטיין געבליבן האַרט ביי פּרווינדאָרפערן און געזאָגט:

— עס איז מיר זער אומאַנגענעם, טייערער עגידיוש, וויפל מאָל, ווי פריער ביים טיש די לאַכסט אויס דיין זון מיקאָלאַי. כ'האָב דעם איינדרוק, ווי איינער וואָלט געשפּעט דער־פון, אז אַ דורך גאָט באַגייסטערטער מאָלער ווייזט אים אַ ריינער און שענער בילד פון אים אַליין. און פאַרוואָס טוסטו עס? טו נישט דאָס, עגידיוש. צוואָס אימנישט דערנידריקן דעם בחור און אונזער גוטער מיינונג. פאַרוואָס אים עפּעס צעשלאָגן אויף שטיקלעך? לייכטזיניק פאַרקלענערן? קוק, זיי די זעכצן און אכצן-יעריקע זענען דאָך אונזערע מלווים און מיר, זייערע בעלי־חובות, זייבען זיי אַזויפיל שולדיק אַז עס לאָזט זיך ניט אויס דריקן אין ווערטער. דו ווייסט אזוי אויך. ווער נאָך קאָן אַזוי ויסן ווי די זאַך האַלט, אויב ניט דו אליין? ווען איך וואָלט געהאט אזאַ זון וואָלט איך זיך געיאָגט נאָך זיין פריינדשאַפט, אַזוי ווי ער וואָלט געווען אַ גרויס פערזענלעכקייט, איך וואָלט זיך צו אים צוגעלעקט ווי אַ פּרויענצימער. ווייל אַ זון איז אַ וועג-ווייזער אין לעבן. מיר ווילן לערנען, אָבער מיר געבן די וואָס ווילן פליען, נאָר קילעס. טעכטער מוז מען היטן; צו פינפצען יאָר זענען זיי פערטיקע מענטשן, מיר האָבן שוין ניט די הערשאַפט איבער זיי, און אין אַ געוויסן טאָג יאָוועט זיך קווידאם און אייגנעט זיך צו זיי זיין רעכט, און ווען מיר מאַכן דעמאָלט עפּעס אַ מינע, מאַכן מיר עס אַמקליגסטן. מיין הובערט ליגט נאָך אין די ווינדעלעך, און וואָסערער ער וועט זיין, און צו וועט זיין, דאָס איז אַ פראגע. דו אָבער האָסט אַ יונגען אָדלער אין דיין נעסט און די האנדעלסט ווי דאָס

וואָלט געווען א קאַפּקע. און דאָס אַלעס צוליב פּאַנפּאַראָנאַדע.

פּרווינדאָרפער האָט געוואָרפן אַ בייז־באַהאַלטענעם בליק אויף לוידינען אָבער ער האָט גלייך די אויגן אַראָפּגעלאָזט צו דער ערד. ער האָט צופרידן זיך באַלעקט.

פליסנדיק זיך גלייכצייטיק אָנצונעמען א געהעריקע מינע און דאָס אַלעס איז געווען אַזוי מאָדנע, אַז ער האָט א ווייל מורא־געהאַט, מען זאָל עס נישט באַמערקן. נאָר באַלד האָט ער איינגעזען, אַז דער פּחד איז אָן גרונט און ער האָט זיך בסוד געוויילט.

— יאָ, יאָ, — האָט ער א ברום געטון מיט רחבות, — א שיינער נאָכמיטיק־שמועס, וואָס די גוטע מאכלים האָבן פארשיינערט און מילד געמאַכט. שיין. שיין. דו וואַרפסט ווערטער אויף מיין קאָפּ. זאָל איך זאָגן: פייערדיקע קוילן?

ער האָט זיך הילכיק צעלאַכט, בעת לוידין האָט זיך אויסגעדרייט מיט ווידערווילן און געבעטן מוחל צו זיין. לוידינס גוטע מיינונג וועגן יוגנט האָט אים פאראינטערעסירט. אויב פרידריך לוידין, געוויסערמאָס אַ דערפאַרענער קענער פון וועלט און מענטשן, גייט אזוי אנטשלאָסן אריבער אויף דער זייט פון די אָפּטימיסטן, מוז מען פאַרחידושט ווערן. טומל? ווילגעפעלן? ניין. ער, עגיד פּרווינדאָרפער, ווייסט נישט, וואָס אָנצוהויבן מיט די יונגעלייט. פאר אים איז די יוגנט אַ וועגמעטרישער שטח פון פּוסטאונפּאסקייט, פינצטערקייט, משוגענע ליידיקגייערישע שטיקלעך — און פאַלשע פּרעטענציעס. די זייגטיקע דורכשניטלעכע יוגנט, און ווארשיינלעך די יוגנט פון אַלע צייטן, איז אַזוי שרעקלעך נאריש ביים אָפּשאַצן דאָס לעבן, פונקט אַזוי ווי זי איז פרעך אין איר זעלבסטבאַוווסטזיין און אומפעיקייט צו הערשן איבער זיך. צו וואָס געבן איר אָרעאָלן? ער אין זיין באַנקראָטירטן מצב האָט בכלל נישט אָרעאָלן. ער האָט זיי שוין לאַנג, איידער ער האָט איבערגעטרעטן די שוועל פון דער פריצייטיקער זקנה, פאַרקויפט צו ביליקע פרייזן.

פלוצלונג, — און דאָס דערפאַר, ווייל לוידין האָט אַרויס־

געוויזן זיינע געפילן צו מיקאָלאיען, — האָט ער זיך דער־מאָנט, אז ער האָט אויפן שרייב־טיש פון זיין זון געפינען דעם פּאָרטרעט פון לודוויקא דערקום, און עס באהאלטן אין קעשענע. און געטון האָט ער עס פון בייזקייט. דער יונגערמאַן קוקט אויף דער וועלט מיט צופיל־ראָמאַנטישע אויגן. איבאָוונט, אז ער וועט אהיימקומען, וועט ער דעם פּאָרטרעט צוריקלייגן אויפן טיש, ווייל אַנדערש וועט דאָס ייגגל מיינען, ווער ווייס וואָס פאר אן אַטענטאַטן מען פּלאַנט אויף אים. זאָל לודין א פּאָרש־טון מיט זיין אומפּאַרטייאישן בליק פון א נשמהקענער: זאָל ער וויסן, אז ער האָט דאָ פּאַר זיך א פּאָרטרעט פון אַ קאָמעדיאַנטקע; אָבער — מען דאַרף זיין פּאָרזיכטיק, כדי נישט צו בּליאַמירן זיך.

ער האָט אַ זוך־געטון אין דער סורדוט־קעשענע און צו־ערשט ארויסגענומען עטלעכע באַנקנאָטן, דערנאָך א שטיק שאָקאָלאַד מיט צוגעקלעבטע פּיצלעך ברויט; דערנאָך עטלעכע שטיקלעך ציגאַר; ענדליך די פּאָטאָגראַפיע, אויף וועלכער מען האָט אָנגעזען סימנים פון געפינען זיך אין קעשענע; ער האָט די פאָטאָגראַפיע דערלאַנגט לודינען.

לודין האָט מיט אַ שמייכל אַראָפּגעבלאָזן פון פּאָרטרעט דעם שטויב, אש און טאַבאַק און זיך צוגעקוקט צו אים. זיין פּנים איז ערנסט געוואָרן. ער האָט אַראָפּגעלאָזט אַ האַנט, זי אויפגעהויבן אויפסניי און זיך ווייטער צוגעקוקט.

—יאָ,—האָט ער אָנגעהויבן מיט א מאָדנע פּאַרטראַכטקייט, — דאָס איז יעדנפאַלס אַן אומבאַשרייבלעך־אמתדיק, אומשולדיק און אויפריכטיק פּנים.

פּרוינדאָרפער האָט אַ כריקע־געטון; לודין האָט אים אָפּ־געגעבן דאָס בילד, וואָס פּרוינדאָרפער האָט צוריקגעלייגט אויפן אומריינעם אָרט אין דער קעשענע.

## XIII

אז מארלענע האָט פארענדיקט זינגען די אַריע, איז זי אַ בלאסע און אַ ציטערדיקע געשטאנען ביים קלאַוויר און געקוקט אויף מיקאַלאַיען, וואָס האָט נישט אוועקגענומען די פינגער פון די קלאַווישן, נישט רעדנדיק קיין וואָרט. ער האָט געקוקט אַזוי באַוווסטלאָז אויפן קלאַוויר, ווי ער וואָלט נישט דערהערט קיין איין טאָן פונ'ם געזאַנג און ווי עס וואָלט אַקאָמפּאנירט נישט ער, נאָר עמיץ אנדערש, וואָס אויף זיין אָרט האָט ער זיך צו־פעליק געפינען. אירע אויגן זענען פול געוואָרן מיט טרערן, וואָס זי האָט זיך באמיט צו באהאלטן. זי איז צוגעגאַנגען צו דער זאָפע, אויף וועלכער עס זענען געזעסן רעלי און לוירע ארנדט און געזאָגט מיט א געמאַכטער פרייקייט:

— איך האָב באלד געזאָגט, אז עס וועט מיר נישט גע־לונגען. היינט איז א שלעכטער טאָג.

רעלי האָט אַ האסטיקן שאָקל געטון מיטן קאָפּ און דער־קלערט מיט א הילכיק קול, אז מארלענע האָט נאָך קיינמאָל נישט אזוי גוט געזינגען, ווי היינט. לוירע, וואָס איז געווען נישט־מוזיקאליש, האָט געטרייסט מארלענען, ווי א מיידל, וועמען דער נישט־דערפאָלג פון אפילו איר בעסטער פריינדין פאַר־שאַפט נישט קיין פארדראָס. לוירע אַרנדט איז געווען זייער אַ שיינע, זי איז געווען געוויקסיק און אין איר עלטער אומגע־ווייניטלעך אַנטוויקלט; אָבער זי איז געווען אַ ביסל נישט־געשיקט אין דער פיגור און אין דער באַוועגונג און איז צוליב זיך, צוליב איר גוף, איר צונג, איר שפּראַך. כסדר אַריינגעפאלן אין

א פלוצלונגנדיק שווייגן און אין אַ פייניגנדיקער פאַרדאַגהטקייט.

דערווייל האָט זיך מיקאָלאַי פרווינדאַרפער אויפגעטרייסלט פון זיין נישט-באַטירלעכער פאַרטראַכטקייט. ער האָט זיך אַ ריס געטון פון אָרט, צוגעגאַנגען צו מאַרלענען, אָנגענומען אירע ביידע הענט און האַרציק געזאָגט:

— זייט מוחל, פריילין מאַרלענע, איך בין נישט געווען איבעריק אויפמערקזאַם, אָבער ערשט אין דער לעצטער רגע האָב איך זיך נישט צוגעהערט; אַזוי פיל זאַכן גייען מיר אַדורך אין קאָפּ; און דער קאָפּ טוט מיר אָפּט וויי. פריילין רעלי איז גערעכט, איר האָט היינט זיך אַליין איבערגעשטיגן. איר האָט אין קול עפּעס אַזאַ מילדקייט אַזאַ אויפריכטיקייט; אַז איר וועט זיין פאַרזיכטיק און באַזונדער זיך פאַרנעמען מיט דעם אויפשטייג בעתן זינגען, קען עפּעס ווערן דערפון.

מאַרלענע האָט געקוקט אויף אים מיט אומגלויבן; זיין פנים האָט אָבער נישט געזאָגט קיין ליגנס; זי האָט דעריבער תיכף אויפגעפלאַמט אין דאַנקבאַרקייט. פאַר רעלין איז מאַרלענעס געזאַנג געווען דער שענסטער קאָנצערט און דעם יינגערמאַנס ליוב-ווערטער האָבן איר אויסגעוויזן צו זיין נוגע איר אַליין און קנאַפּ. מען האָט דאָס אויך געקענט אָנזען אויף איר פנים.

— איך וועל מער נישט שפּילן, — האָט מיקאָלאַי געזאָגט, פאַרמאַכנדיק די אויגן. — לאָמיר בעסער שמועסן. איך מוז באַלד אוועקגיין. ניין, בעסער זאָל מען נישט שמועסן. איך וואָלט געוואָלט לייענען שיינע געדיכטן. האָט איר נישט קיין שיינע געדיכטן?

די איידעלע, ליידנשאַפטלעכע שטריכן פון זיין פנים האָבן אביסל קאַליע-געמאַכט דיברילן מיט די דיקע איינרעמערס, וואָס ער האָט געטראָגן. זיין הויט-קאָליר איז געווען בלייך, כמעט ווייס. די ליפּן, אָן פוך, האָבן זיך ווייט אַריינגעשניטן אין די באַקן און זענען פעסט באַהאָפטן געווען, ווי ביי דעם רוב מוזיקער; די טונקעלע, גלאַט-פאַרקעמטע האָר זענען אַראָפּ-געפאַלן אין לאָקן נעבן רעכטן שלייף און אויפן דאַרן שטערן.

ער איז געווען הויך געבויט, שלאנק, אין די באוועגונגען און אין דער זשעסטיקולאַציע אמאָל אומגעווייגלעך לעבעדיק און אמאָל געבונדן. ער איז געווען אַזוי נישט ענלעך צום פאָטער, אַז פרעמדע מענטשן, זעענדיק זיי צוזאַמען, האָבן זיי אפילו נישט אָנגענומען פאַר קיין קרובים.

פון דער רגע אָן, אין וועלכער ער איז אַריינגעקומען אין סאלאָן, איז זיין בליק און זיין געדאַנק פול געווען מיט אומרו; מארלענע האָט דאָס באלד פון אָנהייב אָן דערפילט און דעריבער איז זי אויך געוואָרן אומרויק, אָבער זי האָט געוווסט צו פאַרבאָרגן אירע געפילן און אויסגעוויזן צו זיין רויק. לוירע אַרנדט, וואָס האָט באַוונדערט מאַרלענען נישט ווייניקער, ווי רעלי, האָט א קוק געטון דאָ אויף מיקאָלאיען און דאָ אויף איר פריינדין און זי האָט אומרויק און פאַרשנד געגומען אָבסערווירן, צי צווישן זיי ביידע איז דאָ אזוינס, פון וועלכן זי ווייסט נישט. הגם זי האָט זיך נישט געקענט פארגלייכן מיט מארלענען אין שארפאויגיקייט און אין וואכזאמקייט, האָט זי דאָך געקענט באמערקן, ווי מיקאָלאי איז געווען צעמישט און ארויס פון דער שטימונג און האָט זיך אָפט געכאפט פארן קאָפ, ווי ער וואָלט זיך אָנגעשטרענגט, אויפכאפנדיק עפעס א געדאנק, און נישט געהערט וואָכ מען רעדט צו אים.

שפעטער, ווען די שוועסטערן זענען געווען אליין, האָט מארלענע ליב-געהאט אויסצוגיסן א שטראָם פון חוזק אויף דעם „טריומווויראט פון די פארערערינס״, זי האָט געהאלטן פאר זייער חוזק דאָס, וואָס אלע דריי שארן זיך צום יינגערמאן, וואָס האָט בלי־ספק נישט אין זינען עפעס אנדערש, ווי א פירטל טוץ באלעבאטישע גענדזלעך. זי האָט זיך אליין נישט געשוינט, אויב זי האָט געהאלטן, אז זי האָט א סיבה צו זיין נישט צופרידן פון איר אויפפירונג. אָבער רעלי האָט קאלט דערקלערט, אז זי רעכנט זיך נישט צו צו דעם דריי־בונד. וואָס שייך יענע אנדערע צוויי איז זי ביי דערזעלבער מיינונג, וואָס מארלענע.

איצט איז אויך זי אַנטציקט געווען מיט מיקאָלאַיס פאָרשלאַג. אויפן טיש איז געלעגן אַ ביכל פּאָעמען. מיקאָלאַי האָט גענומען דאָס ביכל און איבערגעמישט עטלעכע זײַטלעך. דערנאָך האָט ער עס פאַרמאַכט און געלייענט פון זכּרון קאָנראַד מייערס אַ פּאָעמע. ער האָט געענדיקט:

כ'האָב אַן איינציקן צייכן דערזען
און אַן אויפשריפט אין מאַרמאָר באַרירט.
קיין ציפער, קיין נאָמען פאַראַן, בלויז אַ ווינטש:
אַך, פרעג נישט אויף מיר!

דערנאָך האָט ער געלייענט עפּעס אַנדערש:

איך האָב דיך אין חלום אין הימל
געזען, אָ, מיידעלע זיס!
דו ביזט בײַ אַ טײַכל געזעסן
און האָסט דיר געוואַשן די פיס.
דו האָסט דיך אָן אויפהער געוואַשן
די פיסלעך פיל ווייסער ווי שניי,
און איילנדיק מאָדנע באַלד ווידער
די אַרבעט געטוען אויפסניי.
געפרעגט האָב איך: מיידעלע זאָג מיר,
וואָס ווינסטו און וואַשט זיך בײַם טײַך?
ווײַל איך בין געגאַנגען מיט דיר אין אַ שטויב —
געענטפערט דאָס האָט זי מיר גלײַך.

—שיין, אָבער טרויעריק,—האָט רעלי געענטפערט זאַכלעך.
מיקאָלאַי האָט איר געגלעט די האָר, ווײַל ער האָט זי באַך געהאַלטן פאַר אַ קינד. די צוויי אַנדערע מיידלעך האָבן זי אָנגעמאָסטן מיט אַ בליק פול פאַראַכטונג. מיקאָלאַי האָט ווידער געעפנט שטעפּטערס אַ באַנד און מיט דערזעלבער פּשטות און פאַרטראַכטקייט, ווי ער האָט דעקלאַמירט די לידער, האָט ער געלייענט:

„טורמאַלין איז פינצטער און אויך זייער פינצטער
איז די לעגענדע...

מאַרלענע האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ, זי האָט געקענט יעדעס וואָרט פון דערדאָזיקער לעגענדע.

אָבער מיקאָלאַי, איבערלייענענדיק נישט קיין גאַנצע דריי זייטן האָט פאַרלוירן דאָס געדולד, אוועקגעלייגט דאָס ביכל, זיך געזעצט צום קלאַוויר און אָנגעהויבן צו אימפּראָוויזירן. דאָס, וואָס ער האָט געשפּילט, איז געווען פול מיט פייער און טאַלענט, אָבער א ביסל פאָרמלאָז; ער האָט אָנגעהויבן זינגענדיק און באַלד איז ער פון בראַזגנדיקע, הילכעדיקע טענער אַריבער צו עלעגישע אנגענעמע קלאַנגען, וואָס זענען זיך צעשווימען אין אַ געפּרעסטן פּיאַנאָ-סטאַקאַטאָ.

ער האָט זיך אַ ריסגעטון פון אָרט מיט א געלעכטער און געזאָגט, אַז ער מוז אַוועקגיין. אַשאָד, האָט לוירע געשעפּטשעט. אָבער איך בין דאָ באַגאַנגען נאַרישקייטן, האָט ער געזאָגט, משוגענע נאַרישקייטן. מאַרלענע האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ און אים פריינדליך דערלאַנגט די האנט וואָס ער האָט געדריקט אַזוי שטאַרק, אַז זי האָט געשריגן.

בעת ער איז געגאנגען צו דער טיר, איז אין צימער אַריין פּיאַ. זי האָט אים פאַרווינדערט אָנגעקוקט, ווייל זיין אויסזען האָט זיך געוואָרפן אין די אויגן. ענטפערנדיק העפלעך אויף די פראגן פון דער הויז-פרוי, האָט ער זיך געזעגנט מיט איר. אויף דער שוועל האָט ער זיך דערמאָנט, אַז ער האָט נישט געגעבן די האנט לוירען און רעלין און ער האָט זיך שנעל אומגעקערט.

# XIV

צומאָרגנס אינדערפרי, מאָנטיק, אַ זייגער ניין, ווען לוידין האָט געזאָלט פאָרן אין דער שטאָט אַריין, האָט אָנגעקלינגען איינער פון די לאָקאַטאָרן פון הויז, אין וועלכן פּרוינדאָרפער, וואָס האָט אליין נישט געהאט קיין טעלעפאָן, האָט געוווינט; מען האָט געבעטן, אַז דער הער דאָקטאָר לוידין זאָל אַזוי גוט זיין און תּיכּף קומען צו דאָקטאָר פּרוינדאָרפער. לוידין האָט אָבער געמוזט זיין אין דערזעלבער צייט אין געריכט און אַזוי ווי ער האָט קיין שלעכטס נישט געקלערט, רעכנדיק, אַז דאָס איז איינס פון פּרוינדאָרפערס שטיקלעך, האָט ער באַפוילן, אַז בעת מיטיק זאָל מען אים צעוויסן טון אין דער קאַנצעלאַריע, ווייל ביז דעמאָלט האָט ער נישט די מעגלעכקייט פריי צו זיין פון דער אַרבעט.

א זייגער עלף האָט טעלעפאָנירט אין דער קאנצעלאריע פיאַ. ער האָט קוים דערהערט איר קול. ער איז איבעראַשט געוואָרן. זי האָט באַפוילן, אַז ער זאָל נישט פאַרלירן קיין רגע צייט און קומען צו פּרוינדאָרפערן. זי אַליין געפינט זיך אין זיין וווינונג. וואָס איז געשען? — האָט לוידין געפרעגט. מען האָט זיך געוואַקלט; אַ פּויזע. מיקאָלאַי האָט זיך אין דער פאַרגאנגענער נאַכט דערשאָסן, האָט געקלינגען די קוים דערהערבאַרע תּשובה. מיט אַ ציטערדיקער האַנט האָט לוידין אוועקגעלייגט דעם אַפּאַראַט.

דעם שאָפער האָט ער באַפרייט אויף צוויי שעה. ער האָט געהייסן רופן א טאַקסע-אויטאָ. אין אַ פירטל שעה אַרום איז

ער אַרויפגעגאַנגען אויפן פירטן שטאָק פון פּרוינדאָרפּערס הויז. דאָס איז געווען אַ שטאַרק־אָפּגעלאָזן הויז אויף דער זעקסשימעלגאַס. אויפן דריטן שטאָק זענען געשטאַנען עטלעכע מענטשן, וואָס האָבן עפּעס געשעפּטשעט. אויפן פירטן שטאָק איז געשטאַנען פיאַ נעבן דער טיר פון קאָרידאָר. פון דער וווינונג האָט זיך דערהערט פּרוינדאָרפּערס צאָרנדיק קול; ער האָט זיך מיט עמיצן גוט געקריגט.

— גוט, וואָס דו ביזט געקומען, — האָט פיאַ געזאָגט מיט פאַרבלאָזע ליפּן; — איך בין דאָ נישט־נויטיק און אָן כחות.

לוידין האָט אַ קוק געטון מיט אַ פרעגנדיקער מינע, ווייל ער האָט נישט געקענט פאַרשטיין, וואָס דאָס געשריי באַדייט.

— איך פאַרשטיי עס נישט, — האָט פיאַ געזאָגט, ציענדיק מיט די אַקסלען און דערשטיקנדיק א זיפץ. — ער האמפערט זיך מיטן סטרוזש צוליב טאָפּל־פענצטער, און דערנעבן ליגט א מת. איך פאַרשטיי עס נישט!

זי האָט לוידינען דערלאַנגט די האנט און איז אַראָפּ פון די טרעפּן. ער איז אַריין צו פּרוינדאָרפּערן. אין מיטן צימער, אין וועלכן עס האָט געהערשט אַן אומאָרדנונג און וואָס איז נישט געווען געהייצט, איז געשטאַנען עגיד אין אַ פאַרפלעקטן, שמאָל ברוינעם, מאַנטל מיט צעשויבערטע האָר און מיט אַ פּנים אויסגעקרומט פון צאָרן און האָט כמעט באַוווסטלאָז געשריגן אויפן סטרוזש, וועלכער איז געשטאַנען אַן איינגעבויגענער, פינטלנדיק כיטרע מיט די אויגן און האַלטנדיק דאָס היטל אין דער האַנט, און געדולדיק אויסגעהערט די זידל־ווערטער. עס האָט זיך געהאנדלט וועגן אַ שלעכט אריינגעשטעלט טאָפּ־פענצטער, וואָס דער ווינט האָט די פאַרגאַנגענע נאכט אַראָפּגעריסן פון האַקן און עס געוואָרפן אויפן הויף. דאָס וועכטער־פאָרפאָלק האָט אויך באַדינט פּרויבדאָרפּערס וווינונג.

לוידין האָט זיין פריינט צו גוט געקענט, כדי צו פאַרשטיין מיטן ערשטן אויגנבליק, וואָס דאָסדאָזיקע געקריגעריי

באַדייט. אַריינקומענדיק אין צימער, איז פּרוינדאָרפער שטיל־געוואָרן און געקוקט אויף אים, אַ ביסל מיט אַ ווידערווילן, אַ ביסל מיט פאַרוואונדערונג, און מיט פאַרקרומטע ליפּן, אויף וועלכע, עס האָט זיך געדאַכט, אַז עס ליגט אַ שמייכל. ערשט איצט האָט לוידין באַמערקט די שרעקלעכע ענדערונג אין פּרוינדאָרפערס פּנים. ער האָט אויסגעזען, ווי ער וואָלט געווען נאָך אַ געשלעג; אויפן שטערן, איבער דער לינקער ברעם, האָט זיך אַפילו געפינען אַ צעראַצטער צייכן.

דער אויסגעוידלטער סטרוזש איז אַרויס. דאָס הינטל, וואָס האָט זיך באַהאַלטן הינטערן אויוון, איז אַוועק, בילנדיק עטלעכע מאָל הייזעריק.

— ביזט געקומען, הער שמידט! — האָט פּרוינדאָרפער געברומט אָן אָטעם, אָפּווישנדיק זיך מיטן אַרבל דעם שטערן, וואָס איז געווען נאַס פון שוויס, — דו זאָלסט מיר שוין מער נישט איבערלאָזן איבער דער שוועל די דאָזיקע מענטשלעכע חיה, הער שמידט.

באַלד דערנאָך האָט ער זיך געווענדט צו לוידינען מיט אַ געברום ווי ער וואָלט חשק געהאַט אַרויסצופּלאַצן אין אַ געלעכטער; דאָס געברום איז זיך אָבער צעפלאָזן אין עפּעס אומבאַשטימטעס, פאַרפלאָנטערטעס און נישט־דערזאָגטעס.

— דו ביזט געווען מיטוואָך? האָסט אים געזען? קוק זיך צו צו אים. די אַמטלעכע פּערזאָנען זענען שוין דאָ געווען. דער דאָקטאָר, דער טרומנע־צושטעלער, אַ פּאָליציי־קאָמיסיע, אַלע זענען שוין געווען. מיר האָבן געהאַט אַ סך וויזיטן, נישט אמת, הער שמידט? נישט אַנגענעמע וויזיטן. גוט, וואָס פּרויפּיאַ איז געקומען. ליידער האָבן מיר זי נישט געקענט אויפנעמען ווי געהעריק. גיי אַריין און קוק אים אָן, לוידין...

ער וואָלט נאָך געווען אַ סך אַזוי גערעדט, ווען לוידין וואָלט נישט אַרויפגעלייגט אַ האַנט אויף זיין אַקסל. דעמאָלט איז ער שטיל געוואָרן און אַראָפּגעבויגען דעם קאָפּ. דערנאָך האָט ער זיך אויסגעדרייט און מיט אַ שווערן טראָט איז ער

אריין אין שלאָפּצימער.

ניקאָלאיס צימער האָט זיך געפינען אויף דער צווייטער זייט פון סאלאָן. אזוי ווי דאָ, זענען אויך דאָרט די פענצטער געווען אָפן און זענען ארויסגעגאַנגען אויפן הויף; די מויערן, וואָס האָבן זיך געזען דורכן פענצטער, זענען געווען גראָ פון נעפּל. אויפן בעט איז געלעגן דעם יונגערמאַנס טויטער קערפּער, א ליילעך האָט אים באדעקט אַזש ביז צום האלדז. אויף דער רעכטער זייט פון שטערן, אויף וועלכן עס זענען געפאלן די געדיכטע לאָקן, האָט לוידין דערזען א קליינעם, רונדיקן, רויטן פלעק. אויף דעם אָרט, דורכן מוח-ביין, איז א דורך די קויל. דאָס פנים האָט געהאט אויף זיך עפּעס א דורכנעמענד-רויקעס; עס איז געווען צעגאָסן דערויף אן אנגענעמע, מילדע שטילקייט. די ווייסקייט פון די באקן האָט זיך שוין בלאָ געשאָטנט; אויך די נאָז האָט שוין אויסגעזאָגט, אז דער טויט שלאָפט נישט. דאָס, וואָס ער האָט נישט געהאַט די ברילן אויף זיך, האָט די איידעלע, דינע, נאָך נישט רייפע שטריכן צוגעגעבן עפּעס פייערלעך-שיינעס, אזוינס, וואָס פארגייט קיינמאָל נישט.

לוידין איז געשטאנען אויסגעגלייכט, אָן באוועגונג, מיטן קאפּעלוש אין די הענט. פון דער נאָנט און פון הויף האָט זיך דערהערט אַ פּלוידעריי פון דינסטן, א געבראַזגעריי פון כלים, דער רויש פון וואסער-קראנען. לוידין האָט הויך געפרעגט:

— פארוואָס?

דערדראָזיקער פארוואָס איז געשטאנען פאר אים, ווי אַ סלופּ אין דער גרויסער ווייטקייט, א סלופּ, צו וועלכן ער מוז גיין אָן זיין ווילן און הערט אָן זיי ווייסן.

# XV

ווען ער איז צוריקגעקומען צו פּרווינדאָרפערן, האָט ער אים געטראָפן ליגן אויף דער זאָפע. דאָס צימער איז געווען ווייטער אין אומאָרדנונג, אומאַנגענעם און קאַלט, ווי די אנדערע צימערן. עס איז געווען אי א שלאָף־צימער און אי אַן אַרבעט־צימער. די ברייטע, אַלט־מאָדישע, מיט גרינעם באַשלאַג באדעקטע זאָפע האָט ביינאכט אויך געדינט פאַר אַ געלעגער. אויף דער וואַנט זענען געהאָנגען עטלעכע פאמיליע־פּאָרטרעטן, אַ סטודענטיש היטל, אַ קאַליע־געוואָרענער מזרח־טעפּיך, עטלעכע כינעזישע מאסקעס, א פאך ביכער און אויף א הילצערן שענקל זענען געלעגן דער מוח און די ציין פון אַ שקעלעט פון אַ הינטל. אויפן שרייב־טיש און אויף דער פּאָדלאָגע זענען געלעגן מלבושים, מאַנוסקריפּטן און ליידיקע ציגאַר־שעכטלען.

לוידין האָט זיך געזעצט; די געפלאָכטענע שטול איז געווען צעריסן.

— די מאָרגנצייטונג שרייבט, — האָט פּרווינדאָרפער געזאָגט, אויסקרומענדיק די ליפּן, און געוויזן אויפן בלאט, ווילנדיק איינריידן לוידינען, אַז ער האָט עס געלייענט, — אַז א געוויסער אַמעריקאַנער נביא האָט פאָראויסגעזאָגט, אַז אין יאָר טויזנט ניין הונדערט פינף און פירציק וועט דער אָקעאן איינשלינגגען אייראָפּע. דאָס זאָגט א סך צו. דערדאָזיקער מענטש וואָלט אָבער געקענט פאָרלייגן אויף א מאפּגעבנד אָרט, אַז די קאטאסטראָפע זאָל פאָרקומען עטוואָס פריער, און וואָלט נאָך אַזוי־ארום אונדז געברענגט נוצן. וואָס זאָגסטו דערצו?

— לאָז צורו מיט אזעלכע זאכן, עגיד, — האָט לוידין געזאָגט ערנסט.—צו וואָס אזא פארס? מיר זענען אליין.

פרוינדאָרפער איז שטיל געוואָרן און אויסגעדרייט דאָס פּנים צו דער וואנט. דאָס שווייגן האָט לאנג געדויערט.

— ווען איז עס געשען? — האָט לוידין ענדלעך איבער־געריסן די שטילקייט.

פרוינדאָרפער, האלטנדיק ווייטער דאָס פּנים געווענדעט צו דער וואנט, האָט געענטפערט, אז ער ווייסט נישט; דריי פירטל אויף ניין איז די אויפרוימערקע געקומען אין זיין צימער; זי האָט, ווי שטענדיק, געבראַנגט פרישטיק מיקאָלאַיען. דער פּאָליציי-דאָקטאָר האָט פעסטגעשטעלט, אז דער טויט איז געקומען מיט פיר־פינף שעה צוריק. ער פרוינדאָרפער, האָט גאָרנישט געהערט, קיין שום שאָס. ער איז אַ ודאי שטארקער געשלאָפן, ווי געוויינלעך. קיינער אין הויז האָט גאָרנישט געהערט.

— האָט מיקאָלאַי איבערגעלאָזט אַ בריוו? — האָט לוידין געפאָרשט.

— ניין, קיין שום בריוו.

— האָט עגיד נישט געפינען עפּעס אַ באַשריבן פּאַפּיר?

— ניין.

— האָט עגיד אין זיין אויפפירונג און אין די געשפּרעכן נישט באַמערקט עפּעס פאַרדעכטיקעס?

— ניין; פון נעכטן מיטיק אָן, בעת זיי זענען געפאָרן צוזאמען אין טעאַטער, האָבן זיי גאָרנישט גערעדט צווישן זיך.

— האָט נישט פרוינדאָרפער וועלכע עס איז השערה וועגן דער סיבה פון זעלבסטמאָרד?

— קיין שום השערה. אפשר האָט די ליבע צו דער אַקטיאָרקע גורם געווען; אזאַ חשד קען מען האָבן.

ווידער א לאַנגדויערנד שווייגן.

מיטאיינמאָל האָט פרוינדאָרפער גענומען זיך באַקלאָגן, אז זיבן עטלעכע שעה פילט ער אַ רייסעניש אין דער ברוסט און ער האָט געבעטן, לוידין זאָל אים ברענגען דעם וואָלענעס

פלעד, וואָס ליגט אויף א שטול נעבן שרייב־טיש. לוידין האָט געבערענגט דעם פלעד און בעת ער האָט א־ם אַרויפגעוואָרפן אויף זיין פריינט, האָט פּרוינדאָרפער פּלוצלונג אַ כאַפּגעטון לוידינס הענט אין זיינע, זיי לאַנג געהאַלטן און וואַרעם געדריקט. ער האָט דאָס געדולדיק איבערגעטראָגן. ער האָט געקוקט אויף פרוינדאָרפערן, וואָס האָט געהאט פאַרמאכטע אויגן און געטרייסלט מיט די ציין.

אין עטלעכע מינוט אַרום האָט ער צוריקבאַקומען דעם פריערדיקן הוזקדיק־גלייכגילטיקן געזיכטס־אויסדרוק. ער האָט איצט מיטגעטיילט זיין פריינט אַ מאָדנע ידיעה. קודם־כל האָט ער געפרעגט, צי לוידין האָט צוריק פאַרדעקט דעם מת מ־טן ליילעך, צי ער האָט איבערגעלאָזט דאָס ליילעך אַראָפּגערוקט. אז לוידין האָט געזאָגט, אז ער האָט דאָס ליילעך נישט אַראָפּ־גערוקט, האָט ער איבערגעגעבן, אז אויפן נאַקן, צווישן די אַקסלען, געפינט זיך א ווונד, וואָס שטאַמט פון אָפּבריען זיך פון בראַנד. וואָס איז נישט עלטער, ווי אַ פיר־פינף טעג; וואָס זאָל באַדייטן דידאָזיקע טיף־אויסגעבערענטע ווונד אין דער גרויס פון א גראָבן פינגער פון אַ מאַן?

— מיקאָלאַי האָט זיך געמוזט פאַרוווּנדן, — האָט לוידין געענטפערט מיט ספקות.

— שווער צו פאַרשטיין, ווי אַזוי עס האָט זיך געקענט נעמען אַ ווונד אויפן נאַקן, — האָט פּרוינדאָרפער געזאָגט א ביסל אין כעס. מען דאַרפט די זאַך אונטערזוכן. האָט ער צו־געגעבן. דערקום וואָלט געקענט געבן דערקלערונגען אין דעם ענין. פאַרוואָס זאָל עס דערקום נישט וויסן? אויב ער האָט געהאַט מיט איר באַציונגען, דאַרף זי דערפון וויסן. איז לוידין נישט ביי דערדאָזיקער מיינונג?

— מען קען נישט וויסן, צי ער האָט געהאַט באַציונגען מיט דער דערקום, — האָט געזאָגט לוידין, וואָס האָט איצט פאַר די אויגן געזען דאָס בילד פון דער אַקטיאָרקע, דאָס פּנים מיט דעם „אויסדריק פון אומבאַשרייבלעכער ערלעכקייט און

אומשולד", ווי ער האָט זי נעכטן כאַראקטעריזירט. — ניין, ניין, מען קען עס נישט וויסן.

פרוינדאָרפער האָט געשוויגן. ער האָט געביסן די פינגער. פּלוצלונג איז ער אויסגעבראָכן אין א געלעכטער, אַ לאַנג, הילביק, בייז, ספּאַזמאטיש געלעכטער. לוידין האָט זיך דערשראָקן. ער האָט נישט געפּרוווט איבערייסן דאָס געלעכטער פון א האלבמשוגענעם, געפּייניקטן מענטש. זיינע ליפּן האָבן געציטערט. דערנאָך איז ווידער געוואָרן שטיל. פרוינדאָרפער האָט געביסן די נעגל. לוידין האָט געקוקט פאר זיך.

ווען ער האָט זיך שוין געגרייט אוועקצוגיין, צוזאָגנדיק צו קומען אינאָוונט, האָט זיך באַוויזן אַ פרוי, וואָס פּיאַ האָט אויסגעזוכט, און וואָס האָט געזאָלט פירן די באלעבאטישקייט פרוינדאָרפערן. זי האָט געהייסן פּוילינע בלום און האָט געהאט א ליבע, רויקע באַנעמונג. פרוינדאָרפער האָט זיך נישט אַנטקעגנגעשטעלט. דערנאָך זענען געקומען נאָך אנדערע מענטשן, פריינט און באַקאַנטע פון דער שטאָט, וואָס האָבן זיך דערוווסט פון אומגליק.

# XVI

אינם טאָג פון דער לויה איז מארלענע אהיימגעקומען ערשט ארום זעקס אינאָוונט און איז גלייך אוועק צו זיך אין צימער, ווו רעלי איז געזעסן בײם טיש און געמאכט די שול־ארבעטן. מארלענע האָט זיך געזעצט נעבן איר און אָנגעשפארט דעם קאָפּ אויף די הענט. זי איז געווען בלייך און געהאט פאררויטלטע אויגן.

— וואָס מאכט לוירע? האָט רעלי געפרעגט.

זי וויינט און וויינט אָן אויפהער, — האָט מארלענע געענטפערט, — גאנצע צוויי שעה האָב איך געפרווט זי באַרויקן. די פרוי פראָפעסאָר ארנדט האָט טעלעפאָנירט נאָכן דאָקטאָר.

רעלי האָט א שאָקל געטון מיטן קאָפּ און ווייטער געשריבן.

— וועגן מיר פרעג נישט — האָט מארלענע געזאָגט.

רעלי האָט זיך אָנגערופן:

— שטילער, שטילער, מארלענע.

זי האָט זיך אומגעקוקט אין צימער און א ציטער געטון ווי אין שוידער. זיי האָבן כמעט נישט געגעסן און נישט געטרונקן. זיי האָבן כסדר גערעדט וועגן איינאונדערזעלבן. זיי האָבן אָן אויפהער געזען בלויז דאָס שיינע פנים אין מתים־שטארקייט און אין טויט נאָך שענער, ווייל זיי האָבן דעם טויט נישט געקענט. זיי האָבן זיך דערמאָנט זיינע לעצטע ווערטער און ווי ער האָט נאָכאמאָל צוריקגעקערט פון דער טיר, כדי צו געבן די האנט רעלין און לוירען.

זיי האָבן נישט בלויז נישט געקענט דעם טויט, נאָר זיי האָבן אויך נישט געגלויבט אין אים. זיי האָבן געזען אינם טויט עפּעס אַן אָנשטעל, אַ שפּיל. עס האָט זיך געטראַכט וועגן אַ געהיימנישפולן אַנטלויפן און אַ געהיימנישפולן צוריקקער נאָך אַ לענגערער-לאַנגער צייט. אומפאַרגעסלעך איז געווען דער ווייטיק פון צעשיידונג און איבער אַלעם — די פּייניקנדיקע רעטעניש פון דער טאַט.

זיי האָבן זיך צוגעהערט, וואָס מען האָט גערעדט אין הויז וועגן דעם אומגליקס-פאַל. זיי האָבן געלייענט די נאָטיצן אין די צייטונגען. זיי האָבן זיך אומרויִק געפרעגט איינע די אַנדערע און האָבן מורא געהאַט פאַר די אויפקלערונגס-ווערטער. אין דער שול האָט מען גערעדט דערוועגן און שטיל און הויך האָט מען דערמאָנט דעם נאָמען פון דער אַקטיאָרקע. מען האָט דערציילט, אַז שוין אַנדערע מענער האָבן זיך דערהרגעט, אָדער זיך פאַרלוירן צוליב דערדאָזיקער אַקטיאָרקע. איינע, אַ באַזונדערס-דערפאַרן מיידל פון דער העכסטער קלאַס, וואָס האָט זיך אינטערעסירט מיט אַזעלכע זאַכן, האָט אפילו דערציילט, אַז אַ רייכער און ערנסטער אינדוסטריעלער, דער קאָנסול אַלטאַכער, אַ באַקאַנטער פון אירע עלטערן, האָט צוליב דערזעלבער אַקטיאָרקע פאַרלאָזט דאָס ווייב און דריי קינדער.

מען האָט אָבער דערין נישט געזען קיין שולד. די יוגנט האָט, הגם מיט אַ געוויסער איבעראַשונג, געבויגן דעם קאָפּ פאַר דעם העלדישן געשעעניש. עס איז אַוועק די צייט, ווען דער אויפוואַקסנדיקער דור האָט געמאָסטן די קרבנות און דראַמען צוליב ליבע לויט די שילדערונגען פון דער פאַרוועלקטער ליטעראַטור. עס איז געקומען אַן אַנדערע צייט. דאָס לעבן האָט געהאַט זיין מאָס אין זיך און עס האָט גערעדט צו נשמות אָן שיינמאַכנדיקע פאַרמיטלערס. זיי האָבן געהאַט אויגן, זיי האָבן געהאַט חושים און זיי האָבן זיך באַנוצט מיט זיי צו להכעיס די אָפּגעלעבטע מיינונגען.

אין שווייגנדיקע שעהן האָבן זיך די שוועסטערן געווידמעט

דעם אָנדענק פון געליבטן פריינט. רעדנדיק וועגן אים, האָבן זיי געמוזט האָבן די זיכערקייט, אז זיי זענען אליין, און אפילו דעמאָלט האָט רעלי נאָכגעקוקט, צו זי האָט די טיר פארשלאָסן. זיי האָבן אויסגערעכנט די מעלות. וואָס האָבן אים אונטערשיידט פון אַנדערע, זיי האָבן זיך דערמאָנט שמועסן, וואָס זיי האָבן געפירט מיט אים, געוויסע קאָמישע און מאָדנע געוווינהייטן, וואָס ער האָט באזיצט, למשל דאָס, וואָס ער האָט געקלאפּט מיט די שפּיצן פינגער, וואָס ער האָט אביסל גע־שטאַמלט, אָפּט האָט דערדאָזיקער פעלער זיך שטאַרקער אָנגעזען, ווי שטענדיק.

עס האָט געטראָפן, אז דערמאָנענדיק זיך אַזעלכע זאכן, האָבן זיי גענומען הארציק לאַכן.

— געדענקסטו, ווי באריש ער האָט געקוקט, ווען ער האָט אראָפּגענומען די ברילן און געפּוצט די גלעזער מיט אַ טאשן־טיכל? — האָט רעלי, למשל, געפרעגט.

און מאַרלענע האָט צוגעגעבן:

— און אַנשטאָט ברילן האָט ער געוואָלט אָנטון אויף דער נאָז דאָס טאַשן־טיכל...

זיי האָבן זיך געטרייסלט פון געלעכטער.

אָבער ביינאכט, ווען זי האָט פארלאָשן די לאָמפּ, האָט רעלי זיך אריינגעגליטשט אינם בעטל פון דער שוועסטער און ביידע זענען זיך געלעגן שעהן אין די אָרעמס ציטערדיקע און שטומע.

דערווייל האָט נישט געקענט בלייבן פאַרבאָרגן, אז רעלי האָט אָנגעהויבן אַרויסצווייזן אַן אומגעוויינלעכע עמפּינדלעכקייט פאר די דערשיינונגען פון טאָג־טעגלעכן לעבן. זי האָט אויפ־געציטערט, בעת זי האָט דערהערט א הויך געשריי, זי איז לייכט בלאַס געוואָרן; אָפּט איז זי דערשראָקן געוואָרן, ווען בלויז עמיצער האָט זי גערופן. זי האָט מורא געהאַט אַ דורכ־צוגיין אין טונקלען צימער און זי האָט געקריגן אומבאַגרינדעטע אָנפאלן פון צאָרן, אָדער פון בייזע שטימונגען.

מאַרלענע איז געוואָרן וואָס אַמאָל מער פאַרשלאָסענער אין זיך און קאַלטער און וואַכזאַמער אין באַציונג מיט עלטערע און קאָלעזשאַנקעס. פיאַ האָט שוין לאַנג געהאַט אַ סיבה האַרב צו באַקעמפן אין דער טאָכטער פאַלן פון נישט־געהעריקער אויפפירונג, אָבער איצט האָט זי געהאַט אויסצוואָרצלען אין איר אַן אומאויפהערלעכן אינערלעכן בונט, וואָס האָט נישט געגעבן קיין שום פּאַקטן, ביי וועלכע מען זאָל זיך קענען אָפּשטעלן. און דערמיט אַליין האָט זי זיך נישט געגעבן קיין שום געווער, מיט וואָס מען זאָל קענען קלוג און מיט דערפאָלג אויסראָטן דעמדאָזיקן בונט. סוף וואָך איז מאַרלענע ווידער שפּעט גע־קומען אַהיים, און ווען פיאַ האָט זי געפרעגט, פאַר וואָס זי איז אַזוי לאַנג נישט געווען אין דער היים, האָט זי רויק דער־קלערט, אַז זי איז געווען מיט לוירע אַרבּדט אויף שפּאַציר און זי האָט נישט געקענט געדענקן די צייט. דערויף האָט פיאַ געזאָגט, אַז איר דערקלערונג איז שוין נישט גענוגנד דער־מיט, וואָס זי קען נישט דערלויבן, אַז זי זאָל זיך ארומשלעפּן אָן געזעלשאַפט מיט אַ פריינדין ביזן שפּעטן אָוונט. אפשר איז דאָס וואָרט „ארומשלעפּן זיך" נישט געווען אויפן אָרט; אפשר האָט פיאַ באַדויערט, וואָס זי האָט עס אַרויסגערעדט; אָבער מאַרלענעס תשובה איז געווען מאָדנע מיט איר דרייסטקייט.

— עס איז נישט וויכטיק, צי מען מעג, אָדער נישט, — האָט זי געזאָגט, — איבעריקנס האָט יעדע פון אונדז געהאַלטן געזעלשאַפט דער אַנדערער.

— מאַרלענע! — האָט זיך מיט אויפרעגונג אָנגערופן רעלי, וואָס איז געשטאַנען נעבן דער שוועסטער.

מאַרלענע האָט געצויגן מיט די אַקסלען, און נעבן די שיינע ליפּן האָט זיך געמאָלט עקשנות און האַרטקייט. פיא האָט זי אָנגעקוקט. זי האָט שטיל געפרעגט:

— ווען דער פאָטער וואָלט דיך געפרעגט, וואָלסטו אויך אַזוי געענטפערט?

— אויב ער וואָלט זיך אינטערעסירט דערמיט, וואָס איך

צו מיט מיין צייט, וואָלט איך איס אַזוי געענטפערט, — האָט מאַרלענע געזאָגט. — עס וואָלט טאַקע זיך געהאַנדלט, צי מיר וואָלטן זיך געקענט פאַרשטענדיקן, צי נישט.

— ווילסטו אפשר, אַז ער זאָל זיך מיט דיר פאַרשטענדיקן דאָרט, ווו ער האָט אַ רעכט צו באַפעלן ? — האָט פיאַ געפרעגט אַ פאַרחידושטע.

— ער האָט נישט קיין רעכט צו באַפעלן, — האָט מאַרלענע געענטפערט אַן אומגעווינלעך-בלייכע, מיט אַראָפּגעלאָזטע ברעמען; — בעת ער באַפעלט, מוז איך האָרכן, אָבער דעמאָלט איז די געהאָרכזאַמקייט אומניצלעך און שלעכט. וואָס ווייסט ער פון מיר ?

פיאַ האָט געשוויגן און געקוקט אויף איר.

— וואָס ווייסט ער פון מיר ? — האָט מאַרלענע איבער-געחזרט פאַרעקשנט, דריקנדיק די רעכטע פויסט און נישט אויפהויבנדיק די אויגן.

פיאַ האָט פאַרלאָזט דאָס צימער.

— מאַרלענע, דאָס איז דאָך די מאַמע, — האָט רעלי בעשעפּטשעט אַ פאַרוואונדערטע.

מאַרלענע האָט אַראָפּגעריסן פון זיך דעם מאַנטל, קאַפּעלוש און די הענטשקעס, זיך געוואָרפן אויפן בעט און גענומען טיף און לאַנג שלוכצן, נישט קענענדיק זיך באַהערשן. רעלי, וואָס איז שטאַרק דערשראָקן געוואָרן, האָט זיך אַראָפּגעבויגן צו איר, געגלעט איר איבערן קאָפּ און זיך באַמיט צו באַרויקן זי מיט ווייכע ווערטער.

— מען קען זיי נישט געבן צו פאַרשטיין, — האָט מאַרלענע געזיפצט, שלוכצנדיק אינם קישן; — עס דאַכט זיך מיר, אַז קיין שום זאַך טוט זיי נישט וויי. עס ווייזט אויס, אַז זיי פאַרמאָגן גאָר קיין נשמה נישט, זיי ווייסן גאָרנישט, זיי פאַרשטייען גאָרנישט...

דאָס אַלץ האָט געהערט פיאַ, וואָס איז געשטאַנען הינטער דער טיר, נישט כדי זיך אייגצוהערן, נאָר אָט-אַזוי זיך, פאַר-

קלערנדיק זיך אין עגמת־נפש. זי איז ווידער אריין אין צימער, האָט געבעטן רעלין, זי זאָל זי איבערלאָזן אליין מיט מארלענען. רעלי האָט געפאָלגט און געהאט דערביי אַ מינע ווי זי וואָלט דער מאמען געגעבן מוט און געדאנקט.

— שטיי אויף, מארלענע, און קום דאָ צו מיר, — האָט פיא געזאָגט, בישט ווילנדיק זיך וויזן פאר א הילפלאָזע.

מארלענע האָט זיך אויפגעשטעלט און צוגעגאנגען צום טיש.

— זאָג מיר נישט איצט, מאמע, אַז איך בין נישט גערעכט, ווייל איך ווייס עס אַליין, — האָט מארלענע געפליס־טערט פארדאגהט.

—נו וואָס, מארלענע? מיינסטו, אז מודה־זייענדיק זיך אין פעלער, האָסטו זיך אָפּגעוואשן פון אים? דאָס וואָלט געווען א צו קליינער פרייז. נישט אמת?

עס האָט זיך אָבער ארויסגעוויזן, אז מארלענע האָט גאָרנישט געוואָלט זיך אָפּוואשן פון דער שולד. לויט איר מיינונג, קען זי זיך בלויז מודה זיין אין נישט אָפּהיטן די פאָרם. פיא האָט זיך נישט געקענט בעגנוגענען בלויז דערמיט, הגם, וואָס צוליב אָט דער לאגע און צוליב איר אומפעי־קייט צו יעדער מין פייערלעכער אינקוויזיציע, איז זי געווען גענייגט אָפּצוטרעטן.

מארלענע האָט געפלאמט מיט דער תאוה ארויסצורעדן זיך. זי האָט נישט געוואָלט הערן קיין באשולדיקונגען און שטיין אַלס תשובה־טוענדע ;ינדערין פאר דער מוטער, וואָס דערוואַרט עס אפשר, נאָר זי האָט אַליין געוואָלט זיין אַ באשול־דיקערין און פארלייכטערן איר געדריקט הארץ. אָבער ווי שווער עס איז איר געווען צו רעדן; ווי געפערלעך זענען די ארויס־גערעדטע ווערטער. זי האָט זיך געפילט נישט גוט ; די אטמאָס־פערע פון אירע עלטערנס הויז האָט זי צו אָפט געפרעסט ; קען זי רעדן דייטלעך און אָפן? איר געדאנק, אָנגעטון אין לבוש פון פארשידענע ווערטער, האָבן געמוזט פארווונדן די

מיטער, און דאָס ווייכער-מאכן די ווערטער מיט אַ בליק און מיט אַ באַוועגונג האָט גאָרנישט געהאָלפן. אַ מאָדנע זאַך: אַ נישט-דערוואַקסענע מאַמע — אַ באַוווסטזיניק קינד. אַ פרוי, געפאַנגען פון שטוב-זאַכן; אַ בלייך מיידל, וואָס האָט דערקענט זייער אומווירדיקייט און זייער אין אוממאַכט ברענגענדיקע וואָג; וואָס האָט געוויזן אויפן פאָטער, ווי אויף אַ רעטזלהאַפטער, נישט-באַקאַנטער פיגור, וואָס געהערט זיך אַליין, און דערמיט האָט זי דערוועקט אומרו אין זיין ווייב, יאָ די ערשטע פונקן פון אומרו. נו, מאַרלענע מוז דעריבער ווידער אָנווענדן איר גאַנצע געשיקטקייט, כדי אויסצומעקן דאָס, וואָס זי האָט געזאָגט. ניין, נישט אַזוינס האָט זי אין זינען געהאַט... נישט אַזוי דאַרפט מען עס פאַרשטיין... נישט אויף אַזאַ אופן... זי האָט טרויעריק אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ, צווייפלענדיק צי עס וועט מעגלעך זיין צוריקצושטעלן דעם שלום. האָט זי געקוקט אויף דער וואַנט.

אָבער עס איז געווען נאָך עפּעס: די הייבטיקע, פאַרעלטערטע און הינקענדיקע דערציונג. אויף דעמדאָזיקן וואָרט האָט זי כמעט געוויזן מיט אַ פינגער: פאַרעלטערט. זי האָט זיך נישט אַנטקעגנגעשטעלט דעם צוואַנג; דער צוואַנג קען אַמאָל זיין בייהילפיק; נאָר קעגן דעם איבעריקן צוואַנג, וואָס שטאַמט פון געוווינהייטן און לוקסוס, האָט זי זיך אַנטקעגנגעשטעלט.

— הייסט עס אַ פאַרברעך, אויב מען וויל דאָס, וואָס איז פאַלש און צעפוילט, דערווייטערן פון זיך, כדי נישט צופיל צו ליידן? — האָט זי געפרעגט, ווי אַ פאָלקס-טריבון. און דערנאָך איז געקומען דאָס, וואָס זי האָט נישט-דרייסטערהייט אָנגערופן אומערלעכקייט. — מוז איך מקריב זיין מיינע עלטערן די פרייהייט און דעם אמת בלויז דערפאַר, ווייל איך קריג פון זיי דערנערונג, מלבושים, וווינונג און אויפזיכט? הייסט דאָס נישט געשעפט, אין וועלכן מען שפעקולירט אויף שוואכקייט און זעלבסטשטענדיקייט? בין איך אפשר ווייניקער מענטש, אַ מענטש, וואָס איז באַשאָנקען מיט אַ ווילן און דערקענטניש-פעיקייטן

דערפאַר, וואָס איך מוז זיך צופּאַסן צו אַ ביאָלאָגישן פאַקט?

אַ גליק, וואָס דידאָזיקע קלינגענדיקע טיראַדע האָט געהאַט אַ קליינע צומישונג פון זעלבסט־חוזק, ווייל אַנדערש וואָלט פּיאַ אַריינגעפאַלן אין עצמת נפש נישט צו ראַטעווען זיך. אַ העלפט אָן חשק און אַ העלפט איראָניש האָט זי געקוקט אויף דער טאָכטערס פּנים וואָס האָט געפלאַמט פון באַגייסטערונג.

— איך בין נישט דערוואַקסן צו דיר, מאַרלענע, — האָט זי זיך מודה געווען מיט אַ זיפץ; — עס איז אַ שאַנדע, אָבער דו צעשמעטערסט מיך מיט דיין דרשה. וואָס אייגנטלעך ווילסטו? וואָס דאַרפט געשען? וואָס דאַרפט געענדערט ווערן?

— אָ, אַ סך! — האָט מאַרלענע אויסגערופן,— מען וואָלט געדאַרפט אַ סך ענדערן, אַ סך וואָלט געדאַרפט געשען.

אָבער וועגן דעם האָט זי נישט געקענט רעדן; די ווערטער וואָלטן איינס דאָס אַנדערע זיך אויפגעפרעסן אין איר. מען הערט כסדר, אפילו פון באַרימטע מענטשן, אַז דאָס לעבן איז אַזוי, ווי עס איז, און די מענטשן זענען אַזוי ווי זיי זענען; מען קען זיי נישט ענדערן. מען קען דערשטיקט ווערן פון פאַרצווייפלונג.

— קען מען זיי באמת נישט ענדערן, מאמע? ניין, קען מען זיי נישט ענדערן? ביזטו דערין איבערצייגט, מאַמע? למשל, ענטפער מיר, מאמע, אויפריכטיק: מיינסטו, אַז ניקאָלאַי האָט ג ע מ ו ז ט שטאַרבן? האָט מען עס נישט געקענט אויסמיידן? האָט זיך נישט געפינען קיין איין מענטש, וואָס האָט צו דעם נישט געקענט דערלאָזן?

— ווער? ווי אַזוי מאַרלענע? האָט פּיאַ געפרעגט מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם.

— איך זאָג גאָרנישט, מאַמע, גאָרנישט זאָג איך, — האָט מאַרלענע זיך צוריקגעכאַפּט, דערשרעקנדיק זיך פאַר די אייגענע ווערטער און זוכנדיק מיט ציטערנדיקע ליפּן אַן אויס־רייד... — בלויז אַלץ איז אַזוי... אַזוי גרויזאַם! האָט אים דען זיין פאָטער געקענט? אַזאַ מענטש ווי מיקאָלאַי איז נישט אַזוי

לייכט צו דערקענען. האָט דער פאָטער זיך געגעבן גענוג מי צו דערקענען אים? אפשר האָט ער אים גאָרנישט געקענט? אפשר האָט ער זיך קיינמאָל נישט פאַרטראַכט איבער אים? און דאָס איז שרעקלעך, מאמע, אַזוי שרעקלעך, אַז איך קען נישט טראַכטן דערפון. האָט אים דער פאָטער ליב־געהאַט, ווי ער זאָגט עס, דאָס קען איך נישט וויסן. ווי מיינסטו? און אויב אפילו יאָ — איז עס געווען אמתע ליבע, איז די אמתע ליבע אין אַזאַ פאַל נישט גענוג... דעמאָלט מוז זיין עפּעס אַנדערש, אַזוינס, וואָס פאַרכאַפּט און רייסט מיט יעדן צווייטן מענטש. עס איז אויך אַ צוואַנג, יאָ, יאָ, אַזאַ מאָדנער צוואַנג: די ווירקלעכקייט, פאַרשטייסטו, מאַמע? פאַרשטיי מיך!

ווירקלעכקייט! דאָס אייביקע וואָרט: ווירקלעכקייט. וואָס פאַר אַ כשופדיק וואָרט עס האָט זיך געפינען אינם מויל פון אַ זעכצעניעריקער? וואָס האָט עס געעפנט און וואָס האָט עס צוגעזאָגט? פיאַ האָט געשוויגן אַ צעמישטע. עס האָבן זי שטום־געמאַכט דער בונט און דער ים פון ווערטער אין דער טאָכטערס מויל, און אפשר דער אמת פון זיי, וואָס איז אפשר געווען אין הסכם מיט אירס אַן נישט־קלאָר געפיל.

— וואָס קען מען טון, מיין טאָכטער? — האָט זי געזאָגט מאַכטלאָז.

— אַך, מאַמע, — האָט מאַרלענע געענטפערט כמעט מיט אַ רחמנות־שמייכעלע, ווי זיי וואָלטן געביטן די ראָלן, וואָס די יאָרן האָבן זיי באַשטימט. זי האָט אַרומגענומען מיט די אָרעמס פיאַס האַלדז און איר אַ קוש־געטון אין באַק. און זי האָט זיך ווידער צעוויינט מיט דערלייכטערונג און באַפרייונג.

## XVII

לוידין האָט זיך אויפגעשטעלט און פאַרמאַכט אַ העפט מיט אקטן. ער האָט ערשט דערין אריינגעלייגט א נייעם אַקט. עס איז אויף אים געווען אויפגעשריבן דער נאָמען אַלטאַכער. מיט אַ שעה צוריק איז ביי אים געווען די פרוי קאָנסול אַלטאַכער. זי האָט געשילדערט פאַר אים אַן אומעטיק בילד פון פאַמיליען־לעבן, אָבער נאָר טיילוויז, ווייל פון בושה און צער האָט זי קוים געקענט רעדן. זי איז געקומען הערן אַן עצה. אָבער ער האָט, זעענדיק איר טיפע אומאנטשלאָסנקייט, נישט געוואָלט רעדן. די דערפאַרונג האָט אים געלערנט, אַז מענטשן, וואָס זוכן אַן עצה, האָבן פאַר קיין שום זאך אזוי נישט קיין מורא, ווי פאַר דעם אייגנטלעכן וועג, אויף וועלכן זיי דאַרפן גיין. צום סוף האָט זי צוגעזאָגט צו שיקן א שריפטלעכע רעלאַציע.

עס איז דאָרט אויך געפאַלן דער נאָמען דערקום. די העלדין? די פאַרפירערין? די שולדיקע? דערווייל האָט מען לויט די נישט־דרייסטע אָנצוהערענישן פון פרוי אַלטאַכער אַזוי געקענט מיינען. אָבער לוידין האָט קיינמאָל נישט ארויסגעגעבן קיין אורטייל אָן געניגנדע באַווייזן.

ער איז געווען שטאַרק אויסגעשעפּט. עס איז געוואָרן נאָך האַלב אַכט. ער איז אויפגעשטאַנען און געוואָלט ארויסגיין. אין דעם האָט דער דינער געמעלדעט, אַז פרוי בריגידע האַרט־מאַן בעט ווידער, מען זאָל זי אַריינלאָזן. לוידין האָט א פאַר־דאגהטער געקוקט פאַר זיך.

— נישט־גלויבלעך,— האָט ער געזאָגט.

נאָך אַ קורצן ישוב-הדעת האָט ער צוגעגעבן:

— פיר אַריין די פרוי.

זי האָט געטראָגן אַ שטעטישן פוטער און אַ שטעטישן קאַפעלוש. די הענט זענען געווען אָנגעטון אין בייע, גרויע הענטשקעס. בלויז די שיך זענען געווען דאָרפישע, ברייטע. לוידין האָט זי העפליך געבעטן זיצן. זי האָט זיך געזעצט. זי איז געווען צעטומלט, איז געווען דערשלאָגן און איז בייז געווען, וואָס זי געפינט זיך אין אַזא שטימונג. פון דער ערשטער רגע אָן האָט זי פון אַדוואָקאַט נישט אַראָפּגענומען קיין אויג, פונקט ווי ער וואָלט געווען עפּעס אַ ווילדע חיה, וועלכע זי האָט באַשלאָסן צו באַזיגן. איר בליק איז געווען אַן אַדורכבויערנדיקער און אַן אומרויִקער. זי האָט געזאָגט, אַז זי האָט לכתחילה בדעה געהאַט צו גיין צו איר אַדוואָקאַט, נאָר אויפן וועג איז איר איינגעפאַלן אַריינצוגיין צו אים, צום דאָקטאָר לוידין, און אַדורכרעדן זיך. זי האָט אָפּגעוואַרט אַ וואָך, אַלע מעגלעכע געדאַנקען זענען אַדורכגעלאָפן אין איר מוח. מיט דער גאַנצער רויִקייט פון געמיט, — קען זי דערקלערן, — וואַרט זי אויפן פּראָצעס. איר געוויסן איז ריין, קיין שום זאַך איז נישט פאַראַן ביי איר, וואָס איז גרעסער, ווי דאָס ריינע געוויסן. זי רייסט איבער די באַציִונגען מיטן אַדוואָקאַט, מיט וועלכן זי האָט געהאַט צו טון בעתן מאַנס לעבן, דערפאַר, ווייל ער פאָדערט אַ צו־הויכן האָנאָראַר, פון וואַנען זאָל זי נעמען אַזוי פיל געלט? זי מוז דאָך עפּעס אָפּשפּאָרן פאַר די קינדער. די קינדער קאָסטן צום מען מיט געלט, בפרט, ווען מען וויל זיי געבן אַ גוטע דערציִונג, וואָס איז, אגב, די פליכט פון יעדער מוטער. אָבער דער דאָקטאָר לוידין איז אַ גערעכטיק־דענקנדיקער מענטש און אין דעם ענין וועט ער האַנדלען, ווי ס׳געהער צו זיין, בפרט ווען זי איז ביים גוטן ווילן און איז געקומען געוואָר ווערן, צי די לאַנג וועט אירע פּרעטענזיעס האַלטן אין גרענעצן, אין וועלכע מען וועט קענען אַדורכקומען.

דאָס איז געווען אַ פֿאַרפֿלאָנטערט, הגם אָן ספֿק אַ פֿריער־אויס איבערגעלייגט געריידעריי, מיט אַ געמיש פֿון אַלערליי פֿאַרהאַנענע, ביטערע־פֿאַרבאָרגענע כּוונות, אַ שפּיל פֿון קמצנות, שפּאָרזאַמקייט, פֿאָרזיכטיקייט, ליגנס און פּחד. אין איר גריידעריי האָט זיך אויך געפֿילט אַ דרך־ארץ פֿאַרן אומהיימלעכן אַפּאַראַט פֿון געזעץ און אַנשטרענגונגען אויסצומיידן דעמדאָזיקן אַפּאַראַט מיט ביטערקייט, זייענדיק כּלומרשט גרייט אַדורכצוקומען און אַרויסווייזנדיק אַ ווילן צו שלום; זי האָט געמאַכט צוזאָגן, אָבער גלייכצייטיק האָט זי דיזעלבע צוזאָגן אַראָפּגערוקט ביז צו אַ מינימום. קודם־כּל איז עס געווען אַ נאַיוו שפּיצל: זי גיט זיך כּלומרשט איבער צו דער דיספּאָזיציע פֿון אַדוואָקאַט פֿון דעם צד שכּנגד. דאָס איז געווען אַן אופֿן אַרויסצוקריגן אָן געלט, אָדער אַמווייניקסטן, פֿאַר ביליק אינפֿאָרמאַציעס און אפֿילו צו געפֿינען זיך אונטער דער אויפֿזיכט און נישט האָבן אויף דעם הינטערשטן פֿראָנט אַ שונא.

אָן ספֿק, האָט זי דער איבערגלויבן און דער כּח־הדמיון אַריינגעוואָרפֿן אין שטח פֿון מאַכט פֿון דעמדאָזיקן מאַן, וועלכער האָט, ווי זי האָט געפֿילט, אַריינגעקוקט אין איר נשמה און וועלכן זי האָט צוגעשריבן, אַז ער ווייסט אַלץ אויף דער גאָרער וועלט. וואַרשיינלעך האָט זיך דאָס שולד־באַוווסטזיין דערוועקט אין איר ערשט דעמאָלט, ווען ער האָט זיך געוויזן פֿאַר איר. אין אירע אויגן, וואָס האָבן געבלישטשעט מיט אַ משוגע פֿייערל, האָט זיך געפֿינען אַן אויסדריק, וועלכער האָט געהאַט זיין מקור אין שלאָפֿלאָזע נעכט, אין קרענקלעכע פֿאַרלאַנגען אַראָפּצורעדן זיך פֿון האַרצן אין דער פֿאָרם פֿון געבן דערקלערונגען, הגם פֿאַרפֿירערישע און נישט־ריכטיקע דערקלערונגען, וואָס קענען איר ברענגען געוויסע נוצן צוזאַמען מיט איר רעהאַביליטאַציע.

לוידין איז דערויף געווען פֿאַרגעבריט. עס איז גענוג געווען בלויז צו הערן. זי האָט נישט דערהערט זיין באַמערקונג, אַז צוערשט וואָלט ער געוואָלט וויסן, ווי ווייט זי איז גרייט זיך צו פֿאַרטרויען פֿאַר אים. זי האָט זיך, ווייזט אויס נישט

געקענט דערוואַרטן ביז זי וועט קענען אויסגיסן פון האַרצן, וואָס האָט זיך אָנגעזאַמעלט אין איר: וועגן די עוולות, וואָס זי האָט געליטן, וועגן די מיספּאַרשטענדניש, וואָס איר האָט גע־טראָפן, וועגן די קרבנות, וואָס זי האָט געבראַכט און וועגן דעם גאַנצן יסורים־ברענגענדיקן לעבן מיט האַרטמאַנען.

ער האָט נישט געהאַט קיין אַכטונג פאַר איר. אָן דעם האָט זיך די זאַך אָנגעשלאָגן פון לכתחילה אָן. ער האָט קיינ־מאָל נישט געוווּסט, וואָס עס קומט אַ פרוי, ער איז געווען אין דעם פּרט אַ שלימזל. אַ שטומער און אַ טויבער איז ער אַדורך דאָס לעבן, צו קיינעם האָט ער נישט געהאַט קיין צוטרויען, אַ חוץ צו זיך אַליין. וועגן דעם, אַז מען קען זיין אין אַ גוטער שטימונג, גיין צו מענטשן, טיילן זיך מיט העפלעכקייטן — וועגן דעם קיין רייד נישט. וואַשן, קאָכן אַ גאַנצן טאָג, אַ גאַנץ יאָר. דער מענטש ווערט פּאַרזומפּיקט, פאַרלירט דעם ווערט. ער האָט זיך אין גאָרנישט באַטייליקט. הייסט דען נישט די רעליגיע מאַן און ווייב זיך דערגענטערן? שטייט נישט גע־שריבן אין דער ביבל: געגענט אייך און מערט אייך. אָבער מיט אים איז פון אָנהייב אָן שווער געווען. בלויז עבעס אַ קנאַפּע גלויסטונג; שפּעטער זאָגט זיך דאָך דער מענטש סיי־ווי אָפּ פון אַלץ. און דאַן האָט זי חתונה־געהאַט אַלס יונג מיידל; דאָס בלוט האָט זיינע געזעצן. אָבער ער? ער האָט נישט געפרעגט וועגן דעם. אַ וואַרעמע שטוב, וואַרעם עסן, אַ וואַרעם בעט, אַ חוץ דעם לאָז מיך צו רו. דאָס פאַרוואָרצלט זיך אין דער נשמה. מען הויבט אָן טון שלעכטס. די אמתע פרוי בעטלט נישט דאָס, וואָס קומט איר. זי האָט איר שטאָלץ. אָבער גאָט דערלויבט נישט צו שפּאַסן מיט זיך. אויך דער טייל, וואָס זיצט אין יעדן מענטש און טשאַטעוועט, לאָזט עס אויך נישט טון.

— וואָס, הער דאָקטאָר, וואָס אַזוינס איז צייט? — האָט זי ווייטער געצויגן מיט אַ מער־אויפגעפלאַקערט פייער, — די צייט איז אַ שטאַנג, וואָס דרעשעט אונדז. מען קען זיך נישט

רירן פון אָרט אַליין, מען קען נישט גיין אין צווייען, איינער מאכט אַ וועג אין לעבן דעם צווייטן און די צייט צערייסט דעם מענטשנס נשמה אויף שטיקער. וואָלט ער כאָטש געווען געמורמלט, ווען עס זענען נאָך נישט געווען קיין קינדער אויף דער וועלט. ווער האָט אים געשיצט, פרעג איך? איך בין סוף-כל-סוף נעקומען די לעצטע. איך פאַרשטיי מיין ווירדע. מיין כאָטער איז געווען אַ רעגירונגס-אינספעקטאָר... איינמאָל קומט ער צו מיר, מיין מאַן, און זאָגט: מיר טאָרן ביידע נישט זיין צוזאמען. עס דערוואַרט אונדז נישט קיין גוטס. ניין, איך דאנק דיר. בין איך עפּעס אַ צוגעקומען בעשעפעניש? פרעג איך אים. דו האָסט מיך גענומען א מיידל. האָב איך דיר נישט אַוועקגעגעבן אלץ? איך בין נישט אַזעלכע, וואָס מען קען וואַרפן. נו, גיס צו אייל צום פייער. אַ זייגער ניין אינדערפרי גייט זיך דער הער מאַנספערשוין אוועק. ער קומט צוריק ניין אינאָוונט. איך, א פארמאַטערטע פון אַרבעטן אויפן הויף, זאָג אַ גוטע נאַכט און לייג מיך שלאָפן. ער האָט זיך געמאכט אַ געלעגער אין דער הויך, וואָס איז קעגן די אָנגענומענע גוטע מנהגים. ער דרייט זיך ארום אין דער הויך. סטוק... סטוק... ער קריכט און קריכט ארום אין אַ ראָד. איך לויף אַראָפּ פון בעט און שריי ארויף אין דער הויך. די קינדער שלאָפן. אַ ווייל איז שטיל. אָבער דערנאָך ווידער: סטוק... סטוק... — מען גייט ווייטער ארום... באלד קומט ער אַראָפּ. ער שטייט אין דער טיר: בריגידע! וואָס אזוינס? איך וויל אַ רעד טון מיט דיר. גוט, לאָמיר רעדן. די אויגן פאַלן מיר צו. דאָס איז גאָרנישט, לאָמיר רעדן. ער זעצט זיך אויף דעם שטול און הויבט אָן צו רעדן. ער הויבט אָן פון אָדמען און חוהן און ענדיקט מיט זיין אומגליק און מיט זיין בויט. ביי מיר האָט זיך געענדיקט דאָס געדולד און גיב א געשריי אויף אים. דעמאָלט זאָגט ער צו מיר: איצט זעסטו שוין אַליין, וואָס דו ביזט און וואָז פאַר אַ גיהנם דו מאַכסט דעם מאַן. און אַזוי געשעט יעדע נאכט, אַ גאנצע וואָך און אַ גאַנץ יאָר. אַמאָל עלף ביינאכט, אַמאָל צוועלף.

און אַמאָל צוויי. איך האָב דאָך בלויז צוויי הענט, צוויי פיס און איין קאָפּ, ווי גאָט איז מיר ליב. יעדעס מאָל איז דער סוף פון לידל: מיר וועלן זיך גטן. אָט דאָס טוט דיר וויי. נו, גיי און גט מיך. ביטע. גיי און קלאָג מיך אָן. בין איך דען באגאנגען אַ פאַברעכן? און צו וואָס זאָל איך מיך אויסשטעלן אויף חוזק פאר פרעמדע צינגען? אַ גט? — איך דאַנק דיר. אָבער איינציקוויייז, אַז דאָס לעבן ווערט ערגער און ערגער, איז דער מענטש שוין מסכים אויף אַלעם. איינמאָל האָב איך געוואָלט נעמען פאר די הענטביידע קינדער און זיך אַריינוואַרפן אין טייך אַריין. אַן אַנדער מאָל האָב איך גענומען די ביקס פון זיין צימער און וויל אַלע און זיך שיסן און אַ סוף מאכן פון לעבן. אָבער יעדעס מאָל קומט ער פונקט אָן. שטענדיק קריכט ער אַרום. דאָס איז דאָך בלויז אַ קאָמעדיע, זאָגט ער. יאָ, אַ קאָמעדיע, רוף איך אויס און כאַפּ אַ שטיקל גלאָז און אין זיינע אויגן שנייד איך מיר אויף די אָדערן און דאָס גאַנצע צימער באָדט זיך באַלד אין בלוט. איצט האָט ער אַ קאָמעדיע. אָט דאָ זעט איר איז נאָך פאַראַן אַ וווּנד. ביטע קוקט. ער שרייט: איך פאָר קיין אמעריקע, איך האָב שוין גענוג אזא עלנט לעבן. מוז דער מענטש שוין זיין אַ שקלאַף זיינע אַלע יאָרן, אויב ער איז פאַרהייראַט? הא, איצט זעסטו, אַז דאָס פאַמיליען-לעבן איז ניט קיין קינדער-שפּיל! האָסט פריער געדארפט א טראכט טון דערוועגן. איך, אַ גוטהארציק ווייבל, לויף צום אדוואָקאט, ווייל איך האָב שוין אַליין נישט קיין רגע רו און אין מיין קאָפּ זעט אויס ווי אין אַ ווערעם-נעסט. אָבער איך האָב גאָרניט געקענט אויפטון. וואָס איז דאָס ווייב אָן מאן? אָן מאן איז זי אַ נעבעכדיקע שמאטע, א חוזק-באשעפעניש פאר דער גאנצער וועלט. דער הער גאָט האָט מיך גענוג געשטראָפט. איך בין געזעסן אַליין מיט די קינדער, ווען ער איז צום סוף אוועק מיט דער געליבטער. ווי ער האָט מיך דערמיט פארשעמט! די מענטשן, וואָס האָבן געקוקט דורך די פענצטער און געזען, ווי ער גייט אוועק מיט

דער געליבטער, האָבן חוזק געמאכט פון אונדז. און איצט וועל איך אייך דערציילן וועגן דער צוואה. און דאָס, וואָס איך וועל אייך דערציילן, הער דאָקטאָר, איז דער ריינער אמת. אויב איך זאָג כאָטש איין וואָרט ליגנט, זאָלן מיינע קינדער אויף קיין רגע נישט וויסן דעם טעם פון גליק אין זייער לעבן. עס איז געווען אין זיבעצענטן אָקטאָבער ביינאַכט, אין דערזעלבער נאַכט, ווען האַרטמאַן איז געשטאָרבן. זעט איר, אַז איך קען מיך נישט טועה זיין. איך געדענק גוט. איך האָב זיך אויפגעוועקט. עס איז נאָנט צו דריי. איך האָב עס געפילט און אויך דער זייגער האָט עס אויך געזאָגט. אויפכאַפנדיק זיך, האָב איך געפילט, אַז דאָס האַרץ קלאַפט מיר אַזוי שטאַרק, אַזש איך דערפיל עס אין האַלדז... עפּעס רירט זיך אין צימער. כ'פרעג: ווער איז? פּלוצלונג שטייט האַרטמאַן נעבן מיין בעט; האַרטמאַן, ווי לעבעדיק. איך וויל פרעגן: מענטש, פון וואַנען האָסטו זיך גענומען? וואָס האָט זיך א הערגעבראַכט? אָבער דער האַלדז איז מיר טרוקן געוואָרן, איך קען נישט רעדן, איך שיק בלויז א שטומען זיפץ צו אים און איך זע, אַז דאָס איז נישט דער לעבעדיקער האַרטמאַן, נאָר בלויז זיין גייסט. פּלוצלונג גיט ער א ווינק צו מיר. איך הויב זיך אויף אין בעט. ער ווינקט ווייטער, איך זאָל גיין מיט אים. איך גיי. ער גייט פאַרויס. איך קום מיט אים ארויף אין דער הויך. אויבן ווייזט ער מיר אָן מיט דער האַנט אויף א שופלאָד פון אן אַלטן שרייב־טיש. דאָס שופלאָד איז געווען פאַרשלאָסן, אָבער ווען ער האָט עס בלויז אָנגערירט מיט אַ פינגער, האָט עס זיך געעפנט. אויבן ליגט א פּאַפּיר. ער ווייזט מיר אָן דערויף און זאָגט צו מיר: פאַרניכט עס, בריגידע, איך האָב געזינדיקט קעגן דיר און די קינדער, וואָס מיינס, איז דיינס, און מאַן און ווייב זענען איין גוף. אַזוי איז געשען, הער דאָקטאָר, און אַזוי איז געשען, און וואָס פאַר א פּאַפּיר דאָס איז אַזוינס געווען, ווייס איך נישט. צי דאָס איז געווען די צוואה, אָדער נישט, ווייס איך נישט; דעם צווייטן טאָג האָט מען דאָס פּאַפּיר נישט

געקענט געפינען, איך האָב עס נישט גערירט, נישט געזען. עס איז גאָרנישט געווען.

פלוצלונג איז זי געפאלן אויף די קני און ארומגעכאַפּט לוידינס הענט און איידער ער האָט זיך געקענט ווערן, האָט זי זיי געבומען קושן. מיט א הויך, דורכדרינגלעך קול האָט זי דערביי געשריגן:

— דארבאַרעמט אייך, הער דאָקטאָר, איך בין אַ פאַרלוי־רענע פרוי, — איך האָב שוין נישט קיין אָנלען אין לעבן, איך בין אין גאָרנישט שולדיק. אַלץ איז געפאַלן אויף מיין קאָפּ, דערבאַרעמט אייך!

און זעענדיק אַ גלייכגילטיקן אויסדריק אויף זיין פנים, אַ גאָרנישט זאָגנדיקע מינע, וועלכע האָט נישט אנטפּלעקט דעם קלענסטן רושם, וואָס די סצענע האָט געמוזט אַרויסרופן אין אים, האָט זי, צאַפּלענדיק און כאַפּנדיק אויפסניי זיינע הענט, זיך געשווירן ביי איר ערע, אַז זי ווייסט גאָרנישט פון דער צוואה, האָט זי קיינמאָל נישט געזען פאַר די אויגן, אָבער איצט וועט זי נאָכאמאָל זוכן אין גאנצן הויז, אין די צימערן און שטובן, אין די קאָמאָדעס און שענק, אַבי ער זאָל נישט קלערן וועגן איר קיין שלעכטס...

אין דעמדאָזיקן מיאוסן צימער מיט דעם מיאוטן מעבל, מיט טירן, באשלאָגן מיט צעראַטע־געוואַנטן, מיט הונדערטער פאַכן מיט אקטן און שענקלעך מיט פּאָליצעס, וואָס האָבן אַזש געגרייכט צום סופיט, און זענען פיל געווען מיט פּאָליאַנטן, קאָדעקסן, באַשלוסן פון געריכטס־טריבונאַל, האָבן זיך אָפּגעשפּילט צאַפּלעגישן פון אַ סך מענטשלעכע שיקזאַלן; עס האָבן דאָ די ווענט געהערט אַ סך דערציילונגען, באַשרייבונגען פון ליידן און עולות, ודוים, וואָס זענען דיקטירט געוואָרן דורך אייפערזוכט און ליבע, דורך נקמה און חרטה; אָבער אפשר האָט זיך אין אים נאָך קיינמאָל נישט אָפּגעשפּילט א סצענע, אין וועלכער עס זאָלן זיך אויף אזא אויטענטישן אויפן אויסמישן עלעמענטן פון דער מענטשלעכער נאַטור, פאַרצווייפלונג און ליגנט, כיטרע

קייט און היסטעריע, נישט-איינגעהאלטקייט און פראָווינציאָנעלע-קליינשטעטלדיקייט, טעאַטראַלער ווייטיק און אמתער ווייטיק, ווייכקייט און צאָרן, פּחד פאַרן געזיכט און באַטרוג.

אויף לוידינס טיש איז געשטאַנען אַ קליינער פלאַקאָן מיט „אָווענדע-זאַלץ". ער האָט אים גענומען אין דער האַנט און אַ שמעק געטון.

— ביטע, שטעלט אייך אויף, פרוי האַרטמאַן, — האָט ער קאַלט געזאָגט, — איך קען פון דעם אַלעם, וואָס איר האָט דאָ געזאָגט, גאָרנישט נעמען צו קענטניש אַ חוץ די דערקלערונג, אַז איר זענט גרייט ביי געוויסע עווענטואַליטעטן, איך שטרייך אונטער עווענטואַליטעטן, אַדורכצוקומען מיט פריילײַן קאַראָלינע לאַנץ. וויפיל באַטרעפט דאָס פאַרמעגן, וואָס אייער פאַרשטאָרבענער מאַן האָט איבערגעלאָזט?

בריגידע האַרטמאַן האָט זיך אויפגעשטעלט.

— דאַכט זיך מיר, אַז אַכציק מיליאָן, — האָט זי געענטפערט אָן אַנטוישטע צוליב דער ענדערונג פון דער טעמע פון געשפּרעך.

— אפשר איז עס צו נידעריק געשאַצט, — האָט לוידין געזאָגט, אוועקשטעלנדיק דעם זאַלץ-פלאַקאָן; — אויב איך ווייס, האַנדלט עס זיך וועגן העכער הונדערטפינפציק מיליאָן. אָבער אַ דיסקוסיע וועגן דעם איז איבעריק, ווייל דעם אמתן ווערט פון פאַרמעגן וועט זיך נישט לאָזן באַהאַלטן. דערווייל איז עס נאָך אַ פּריציייטיקע פראַגע, וואָס רירט מיט גאָרנישט אָן די רעכטלעכע פּרעטענזיעס פון מיין קליענטקע: וויפיל וואָלט איר עווענטועל געגעבן אַדורכצוקומען מיט פריילײַן לאַנץ, — האָט דאָקטאָר לוידין אַ פרעג געטון.

בריגידעס פּנים איזווידער פאַרשטיינערט געוואָרן. דאָס ווייסט זי איצט נישט. האָט זי געענטפערט מיט אַ האַלב קול; דאָס קען זי דערווייל נאָך נישט זאָגן זי מוז דערוועגן פריער האָבן אַ ישוב הדעת. מען וועט זען. זי האָט געטראַכט וועגן צען מיליאָן. אויב דעם הער דאָקטאָר זעט עס אויס צו ווייניק, האָט זי גיך

צוגעגעבן, זעענדיק אז דאָקטאָר לוידין ציט מיט די אקסלען, וועט זי, צוליבן קינד, געבן עפּעס מער. קען זי קומען נאָכדעם, ווי ער וועט זיך באקלערן? אָדער אפשר וועט דער הער דאָקטאָר באוויליקן זי צו באזוכן, ווי דאָס פריערדיקע מאָל? ביי דער־דאָזיקער געלעגנהייט קען מען רויק אונטערהאנדלען. ניין? עס פעלט אייך אודאי אויס צייט. און זי, זי איז אזא קליינע פיגור; נאטירלעך. קען זי שרייבן צו אים? גוט. זי וועט שרייבן די נאָנסטע טעג. זי דאנקט הונדערט מאָל פארן געדולד און העפלעכקייט צו איר. צום ווידערזען.

דערמיט איז זי אוועקגעגאנגען. לוידין האָט געגריסט און געקוקט אויף איר ביז זי איז פארשווינדן הינטער דער טיר. ער האָט פארקוועטשט די פויסטן, אויף זיין פּנים האָט זיך געמאָלט עקל.

# XVIII

ער האָט מודיע געווען פיאַן, אַז אינאָוונט וועט ער נישט קומען אהיים. אין אַ קליינע קנייפּע, וווהין ער איז נאָך מיט אַ צוואַנציק יאָר צוריק געקומען, האָט ער געגעסן אַ קליין אָוונט־ברויט און געפאָרן אין דער פאָרשטאָט צו פּרווינדאָרפער.

עגיד פּרווינדאָרפער האָט זינט דעם טאָג, ווען זיין זון איז באַגאַנגען זעלבסטמאָרד, נישט פאַרלאָזט די וווינונג. ער האָט אָנגענומען בלויז לוידיגס וויזיטן; אַלע אַנדערע האָט ער אָפּגעזאָגט. אַ דאַנק דער ענערגיע פון פרוי בלום האָבן זיך די שטובן געפינען אין אַ ווייניקער אָפּגעלאָזטן מצב. צווישן אים און דער נייער באַדינערין איז נישט געווען קיין גרויסע באַרע־דעוודיקייט. פרוי בלום האָט שווייגנדיק געטון אירע פליכטן; פּרווינדאָרפער האָט אַמאָל אַ ברום געטון, אָבער ער האָט איר קיינמאָל נישט געשטערט.

ער האָט געאַרבעט, אָדער ער האָט זיך געמאַכט, אַז ער אַרבעט. בעת לוידין האָט אַמאָל אַ פרעג געטון דערוועגן, האָט ער געענטפערט, אַז ער באַשעפטיקט זיך מיט אַן אַלטן פּראָיעקט, זער אַ ליבער פּלאַן: אַ געשיכטע פון די מענטשלעכע נאַרישקייטן. אַז לוידין האָט טרוקן באַמערקט, אַז דערויף וועט אים דאָס לעבן צו קורץ זיין, איז ער דערויף מסכים געווען מיט אַ שמייכל, אָבער טאַקע אין דעם אומגעהוירן ים מיט מאַטעריאַל האָט ער אָנגעזען גינסטיקע באַדינגונגען פאַר זיין אַרבעט. איין מענטש וועט דאָס מאַטעריאַל נישט קענען באַהערשן, צו אַזאַ ווערק מוזן זיך נעמען אַ סך, אַ גאַנצער אָרעאָפּאַג פון

היכע גייסטער. אַזא ענלעכעס האָט זיך געחלומט דעם פּראַנ־צויז פלויבערן; ער האָט זיך אָבער נישט געקענט געבן קיין עצה און אַוועק אין קבר אריין, נישט אויספירנדיק זיין ווערק. אַ שאָד. ער פון זיין זייט האָט שוין זינט אַ צענדליק יאָרן געווידמעט יעדן געדאנק זיינעם אָט דעם ריזיקן ווערק און זיינע העפטן זענען פול מיט נאָטיצן, אזוי ווי עס זענען פול די שטראָמען פרילינג־צייט.

בשעת לוידין איז אַריינגעקומען, איז פּרוינדאָרפער געווען פארנומען מיט אויפקאָכן אַ גראָז. ער האָט געטראָגן א גרינעם, אויסגעקראָכענעם שפּאנצער, ארומגענומען מיט אַ לעדערנעם פּאַסעק. די קאָליר פון זיינע האָר האָט זיך לעצטנס אביסל געענדערט. זיי זענען נישט געווען גראָ, נאָר געלבלעך־גרין, ווי היי. דערזעענדיק זיין פריינט, האָט ער אים באגריסט מיט זיין מאָדנעם קורצן געלעכטער און אים דערלאנגט צוויי פינגער פון זיין ריזיקער האנט. דערנאָך האָט ער, שווייגנדיק ווי פריער, געקוקט אויפן קעסעלע, וואָס איז געשטאַנען אויפן ספּיריטוס־מאַשינדל. לוידין האָט גענומען אין דער האַנט אַ בוך, זיך געזעצט אויף דער צווייטער זייט פון טיש און גענומען לייענען. עס איז געווען א רעליגיעז־פילאָזאָפישע אָפּהאנדלונג. אויף די מארגינעז־קאנטן האָבן זיך געפינען „באמערקונגען", וואָס פּרוינדאָרפער האָט אויפגעשריבן מיט א בליישטיפט. אָט זענען די „באמערקונגען": נארישקייט, נידערטרעכטיקער פּאיאַץ, משוגענער פלוידער־זאק, אָפּגעבערענטער נאר און נאָך אזעלכע ענלעכע זידלערייען.

דער גראָז איז געוואָרן פארטיק. פאר יעדן איז געשטאַ־נען א פול גלאָז. פּרוינדאָרפער האָט פארדויכערט אַ שטיק ציגאַר, אַ קוק געטון דורכן פענצטער און געברומט:

— עס פאלט א געדיכטער שניי, דאכט זיך מיר.

— יאָ, עס פאלט, — האָט לוידין געזאָגט און אַוועק־געלייגט דאָס בוך.

— די ווונד, וואָס שטאַמט פון אָפּבריען זיך, דאַרפט מען

דאָך אויספאָרשן, — האָט פּרווינדאָרפער געצויגן מיט דעמזעלבן טאָן, זיפנדיק לאַנגזאַם פון גלאָז; — די זאַך גייט מיר נישט ארויס פון קאָפּ; עס האָט אויסגעזען, ווי עס וואָלט אים אונטער דער הויט געשטעקט א שפּילטער. אז מען קוקט די ווונד אָן, דוכט זיך, אז עפּעס האָט מען נישט פאַרענדיקט אויף אים. מען דאַרפט באַזוכן די דערקום און נעמען פון איר אינפאָר־מאַציעס.

אָבער דער געדאַנק, — האָט פּרווינדאָרפער געזאָגט, — אז ער דאַרפט אַרויסגיין אויף דער גאַס, דערוועקט אין אים עקל. סוף־כל־סוף קען מען זיך ריכטן, אז די דערקום וועט קומען צו אים: אז זי וואָלט אַריינגעפאַלן צו אים אין דער וווינונג וואָלט עס זייער שיין געווען פון איר זייט, עס וואָלט געווען א פיינער זשעסט; עס איז אָבער מעגלעך, אז עפּעס האַלט זי אָפּ דערפון; עס וואָלט גאָר קיין חידוש נישט געווען, ווען זי קומט. דאָס אומריינע געוויסן וועט איר באַפעלן קומען. איבעריקנס איז בעסער, אז זי קומט נישט. וואָס וואָלט זיך אַרויסגעוויזן ? א קאָמעדיע. ער וויל גאָרנישט טראַכטן דערוועגן; ער באַמיט זיך אַרויסצושלאָגן פון קאָפּ די געדאַנקען וועגן דעם.

לוידין האָט זיך אָנגערופן:

— איך האָב באַשלאָסן צו באַזוכן די פרייליין דערקום. איך וועל צו איר שרייבן און בעטן, זי זאָל מיך אויפנעמען. געוויס מיינט זי, אז דו אַליין.... עס איז אָבער מעגלעך, אז דאָס וואָלט נישט געווען אויפן אָרט. איך וועל צו איר מאָרגן שרייבן עטלעכע ווערטער. איך האָב אָבער אַזוי פיל אין קאָפּ. אין די לעצטע טעג האָט זיך אַלץ אויף איינמאָל אַ שאָט געטון אויף מיר, עס האָט זיך געעפנט פאַר מיר אַ גהינום.

— יאָ, גיי צו איר, — האָט פּרווינדאָרפער געענטפערט, פאַררויכענדיק אויפסניי אַ ציגאַר, — גיי און גיב מיר אָפּ א דין־וחשבון, ווי עס האַלט מיט דעם אומשולדיקן און ריינעם מיידל.

ער האָט זיך אויפגעשטעלט און געעפנט אַ שופלאַד. צווישן

רעכנונגען, בריוו און באַנקנאָטן איז געלעגן די פאָטאָגראַפיע פון דער אקטיאָרקע. ער האָט זי צוגעוואָרפן לוידינען.

— נעם זי דיר צו, — האָט ער געזאָגט, — באַמיענדיק זיך צו באהאלטן זיין צאָרן. — דאָ האָסטו א לעגיטימאציע.

לוידין האָט אָנגעקוקט די פאָטאָגראַפיע. דער אויסדריק פון געזיכט איז געווען דערזועלבער מילד־פאַרטראכטער, ווי דעמאָלט, ווען ער האָט די פאָטאָגראַפיע צום ערשטן מאָל געזען.

— עס קומט מיר אויפן געדאַנק, אַז איך האָב אַ טעות, אָדער איך בין פאַרבלענדט, — האָט ער געזאָגט צו זיך. — אָבער בלויז די אילוזיע פאַרשאפט פרייד. וואָס קען זיין אַ מענטשלעך פנים? יעדן אָוונט, ווען איך קום צוריק פון דער קאַנצעלאַריע, וואָלט איך געוואָלט וואַשן מיין גוף מיט עפּעס אַ ברענענדיקער פליסיקייט, איך וואָלט געוואָלט אויסוואַשן מיר די אויגן און אָפּהובלעווען די הענט.

— דו ביזט געוואָרן אַ מיזאנטראָפּ, — האָט פרוינדאָרפער געברומט, — ביזטו נישט געוועזן אַמאָל אַן אַנטראָפּאָפיל?

— מעגלעך, — האָט לוידין מסכים געווען, — עס זענען פאַרהאַן געננוג ווערטער צו באַצייכענען יעדן מצב.

ער איז צו צו דער זאָפע און זיך געזעצט אויף איר, מיטן קאָפּ אָנגעשפאַרט אויף די הענט. א לאַנגע צייט האָט ער געקוקט פאר זיך. די באַקן און דער שטערן זענען געווען מאָדנע קראַמפּהאַפט צוזאַמענגעצויגן.

— איך וועל דיר דערציילן א חלום, — האָט ער געזאָגט מיט אַ פאַרשטיקט קול, — ער האָט א שייכות מיטן שמועס, וואָס מיר האָבן געפירט דעם לעצטן זונטיק. איך האָב געהאַט דעם חלום שוין דעמאָלט. איך האָב גאָרנישט געוווסט... איך האָב זיך נישט אָפּגעגעבן קיין קלאָרן דין־וחשבון, וואָס דער חלום האָט באַטייט, עס טרעפט, אַז מיר רעדן זיך בלויז איין א חלום, אז מיר טראַכטן אים אויס אָדער מיר פאַרדרייען אים. אָבער דערזעלבער חלום האָט זיך איבערגעחזרט און איך גלויב נישט, אַז איך זאָל עפּעס האָבן צוגעגעבן צו דעם, ווי ער זעט

אויס אין מיין זכרון. עס איז געווען אזוי: איך וועק זיך אויף. עמיצער שטייט נעבן מיין בעט מיט א מעסער אין דער אויסגעהויבענער פויסט. דערזעענדיק דאָס, בין איך אָבער ווידער איינגעשלאָפן און צווישן מיר און דעם מאַן מיטן מעסער האָט זיך אָגגעהויבן א וכוח. איך באַמי זיך איבערצוצייגן אים, אז ער וועט נישט האָבן קיין שום נוצן, אויב ער וועט מיך דערהרגעגען; איך האָב נישט אין הויז נישט קיין געלט און נישט קיין ווערט-זאַכן (וואָס איז נישט געווען אמת), און וואָס פאַר אן אנדערן ציל קען ער האָבן? איך קען אים נישט שטערן און שטיי אים נישט אין וועג. אָבער ער שאָקלט בלויז מיטן קאָפּ און ציט חוזקדיק מיט די אַקסלען. איך קען נישט דערזען זיין פּנים. עס איז זייער טונקל אין צימער, איך זע בלויז דאָס מעסער אויסגעשטרעקט צו מיר. איך וועק זיך כסדר אויף; יעדעסמאָל, ווען איך וועק זיך אויף, פייניקט מיך דער געדאַנק, ערשטענס, צי ער וועט מיך שטעכן, צווייטנס, צי ער געפינט זיך נאָך אין צימער, דריטנס, צי עס איז טאקע נישט מער ווי אַ חלום. יעדעס מאָל, ווען איך וועק זיך אויף אויפסניי, חזרט זיך איבער מיט אים דער וכוח פון אָגהויב אָן. צום סוף זע איך, אז איך ליג מיט אָפענע אויגן, אזוי דאַכט זיך מיר, און איך קלער אויס פאַר אים איין אַרגומענט נאָכן צווייטן; איך ווייז אויף, ווי נויטיק איך בין מיין פאַמיליע, ווי געאַכטעט איך בין אַלס אַדוואָקאַט, אָבער דאָ קומט ער צו צו מיר אַזוי נאָנט, בויגט זיך אַראָפּ אַזוי נידריק איבער מיר, אַז איך פיל זיין אָטעם און צו מיין העכסטער באַראַטונג זע איך, אז דאָס בין איך אַליין. וואָס זאָל דאָס באַדייטן, זאָג מיר? וואָס זאָגסטו צו אזא מין חלום? דו האָסט דאָך ליב אַריינצוקריגן זיך אין די קעמערלעך פון מענטשלעכן מוח?

פרויבדאָרפער האָט געמאַכט א בייזע מינע.

— אן אמת אַדוואָקאַטישער חלום, — האָט ער געזאָגט. — א בעריכטס-פאַרהאַנדלונג, א פאַרטיידיקונגס-רעדע און אלץ ענדיקט זיך גוט. דו האָסט געדאַרפט נעמען אורלויב דו האָסט אין מאָגן

צופֿיל שטויב פֿון די אַקטן.

לוידין האָט געוווּסט, אַז פּרוינדאָרפֿער איז געווען גענייגט צו ענטפֿערן ערשט דעמאָלט, ווען דער אַלקאָהאָל איז אים געקומען אין קאָפּ אַריין. ער איז געוווינט געווען צו לייגן אַ וואָג דערויף, וואָס יענער האָט געענטפֿערט, ווען ער האָט די זאַך איבערגעטראַכט און אַדורכגעפֿילט און נישט דערויף, וואָס דער קאַריקאַטוּריסטיש-סאַרקאַסטישער קאַפּריז האָט אים אונטערגעריקט. דעריבער איז אים נאָר פֿאַר דעם מענטש לייכט געווען צו רעדן וועגן זיך און וועגן זייַנע דאגות.

— אַן אַדוואָקאַטישער חלום; דאָס איז אַ חלום, וואָס פֿון אַלע חלומות אויף דער וועלט איז ער אַמבעסטן באַשיידט געוואָרן. — האָט ער געזאָגט, אַרייַנריקנדיק זיך טיפֿער אין שטוב און אייַנקוקנדיק זיך אין סופֿיט. — פֿאַר זיין באַשייד זענען מער נישטאָ קיין ווערטער. זינט איך האָב אין אַ געוויסער גאַלעריע געזען אַ באַרימט בילד, וואָס האָט פֿאָרגעשטעלט אַ סאַבאַט פֿון כשוף-מאַכערינס, מאַכט מיך שמייכלען די פֿאַנטאַזיע פֿון קינסטלער, וואָס קענען נישט באַשאַפֿן אַזוינס, וואָס זאָל אַזאַ באָרמאַלן מענטש ווי מיך, אויפֿציטערן. מען שרייט, אַז דאָס לעבן איז פֿלאַך און נעבעכדיק. מיט חוצפּה און אומעטיקייט שטייגט עס איבער די פֿאַנטאַזיע פֿון משוגעים און עפּילעפּטיקער. איך בילד מיר איין, אַז אין מיין מוח עקזיסטירט אַ געוויס נערוופעדעמל, וואָס אויב עס טוט אין אים אַ קלאַפּ דער האַמער פֿון זכרונות, פֿילט מען זיך אויטאָמאַטיש אַריבערגעטראָגן אין אַ וועלט אָן האָפֿנונגען. אַן אַדוואָקאַטישער חלום!

בעת פּרוינדאָרפֿער האָט אַרייַנגעגאָסן אין טשייַניק וואַסער האָט ער ווייטער גערעדט. ער האָט אַנטוויקלט געדאַנקען אָט סתם אַזוי, פֿאַר זיך, ער האָט אויסגעשפּרייט, ווי אויפֿן לייוונט, אַ בילד פֿון דער וועלט, אין וועלכער עס האָבן שוין נישט עקזיסטירט קיין האָפֿנונגען. דאָס האָבן געמוזט זיין רירנדיקע מאָמענטן, וואָס האָבן געשטאַמט פֿון ווייטע קוואַלן און זענען פֿאַרפֿלאָכטן געווען מיט אונטערערדישע קאַנאַלן, ווייל דאָס אַלץ

האָט אויסגעוויזן צו זיין פאַרשיק און פאַרענדיקט. נאָר בלויז איצט זענען דידאָזיקע מאָמענטן אַרויסגערעדט געוואָרן מיטן מענטשלעכן קול. זיין רעדע האָט געבילדעט אַ קיצור, איבעטערן, איראַנישן בליק: זעט, מיטבירגער און פריינט, וואָס איך טו און וואָס פאַר אַ נוצן איך האָב דערפון; זאָל עס כאָטש איינמאָל דערזען די ליכטיקע שיין; איר קענט דאָך אַוועקדרייען זיך און פאַרשטופּן די אויערן; עס האַנדלט זיך נישט, צי איר זאָלט געבן אייער הסכּמה, צי איר זאָלט זיך אַרויסזאָגן דערגעגן, אָדער איר זאָלט אָננעמען עפּעס אַן אַנדער שטעלונג. אין דער נשמה פון דאָזיקן מענטש זענען פאָרגעקומען איבערוודערונגען, וואָס זייער גרייס און דערהויבנקייט זענען אים אַליין געווען אומבאַקאַנט. מאָדנע איז געווען דאָס, וואָס ער איז פּלוצלונג אויפגעשטאַנען, צוגעגאַנגען צום שפּיגל צו ראַזירן, וואָס איז געהאָנגען ביים פענצטער, האָט אָנגעקוקט זיין פּנים, זיך צעלאַכט אונטער דער נאָז און צוריקגעקערט אויף זיין פריערדיק אָרט אויף דער זאָפע.

ער האָט ווייטער געצויגן; אַ פּאַרטראַכטער איבער זיין גראָז האָט אים פרוינדאָרפער קיין איינציק מאָל נישט איבערגעריסן. ער האָט געמאָלט אַ בילד, אויף וועלכן די געשטאַלטן האָבן באַשאַפן אַ פלאָנטער נישט אויפצוּוויקלען. די געשטאַלטן האָבן נישט קיין באַשטימטע נעמען; זיי האָבן פאַרדאָס באַשעפטיקונגען, אַמטן, מיסיעס און פאַרשידענע גורלות. זיי זענען סוחרים, ריכטער, דאָקטוירים, פונקציאָנאַרן, קליינבירגער, האַנדווערקער, ליטעראַטן און פרויען פון פאַרשידענעם מין, פאַרשידענעם עלטער און פון פאַרשידענע קלאַסן. אין דער טיפעניש ווערט דער המון געשטאַלטן פאַרלוירן אין נעפּל; און עס דאַכט זיך, אַז דאָרט הינטער דעם, וואָס מען קען זען, געשעט אַ סך.

די פּנימער זענען באַדעקט מיט אָפענער גיריקייט, די ליפּן זענען פייכט פון אומזיסט-אַרויסגערעדטע ווערטער. אַ טייל וויל זיך נישט צעשיידן, אַנדערע אַנטלויפן פון זיך מיט פּחד און מיט שנאה. אַ טייל שרייט און מען קען זיי נישט

פאַרשטיין. אנדערע שעפטשען און האָבן מורא, מען זאָל זיי פאַרשטיין. אַ טייל פאָדערט רעכט, אַנדערע טריומפירן מיטן באוווסטזיין, אַז זיי האָבן פארגוואלדיקט דאָס רעכט. קיינעם איז נישט גענוג קיין שום זאך. אַ טייל פאַלט, דער אַנדערער טייל הולעט ווייטער אין באַרוישונג. עס איז אַזוי ווי אין אַ קינאָ. אַ דור פארשווינדט הינטער א דור. פיל כאַפּן די אנדערע. פארדינגען זיך און באַפרייען זיך: אן אומדערבאַרעמדיק געיעג. אַ געיעג צום ציל פון פאַרניכטונג און צום ציל פון רויב. ווער עס איז ערשט געווען דער זיגער, ווערט פלוצלונג דער קרבן; ווו עס האָט ערשט געהערשט מיטגעפיל און פרייד, דאָרט הערשט איצט האס אין שאַנד. אָפט איז נישטאָ קיין טיפערע סיבה. די געענדערטע באַליכטונג ענדערט באַדייטנד דאָס בילד, אין גרונט-גענומען ווייסט קיינער נישט, וואָס אים דינט און וואָס ער דארפט טון. ווער עס וויל האָבן אַ קאַמף פון טיראַנען, זעט א קאַמף פון קארליקלעך אין א נישט-נאַטירלעכער גרויס. דער ריכטער-אורטייל איז א צופאַל, אַ באשלוס אָדער א פאָרמולע. אַ חוץ דעם איז נישטאָ קיין אַנדער לעבן; קיין שום זשעני; קיין שום פייער פון באגייונג. עס איז אַזוי ווי אַ שוסטער-ווארשטאט, ווי מען פאַבריצירט שיך זייט טויזנטער יאָרן אויף דעמזעלבן אופן. די אַרבעט איז אַן אויסרייד גאָרנישט צו טון, די באדערפניש איז אן אויסרייד פאַרן דעספאָטיזם פון אפּאַראַט.

איר הערט שטענדיק דיזעלבע ווערטער. זיי האָבן פינף-זעקס הונדערט קלאַנגען, מיט וועלכע זיי פאַרדעקן זייערע תאוות און מיסברויכן, זייערע התנצלותן און פאַרטיידיקונגס-גערעדערייען, זייער טרויער און ודוים, זייער מוסר און חשדים, זייער אמת און ליגנט און אַלע טענלעכע געשעענישן. דאָס איז אומבאַשרייבלעך קאָמיש; אַ געברומעריי פון אייביק זיך איבערחזרנדיקע רעטאָרישע בלימלען, ווי די הויט פון זייער געהירען וואָלט געווען פון צייטונגס - פאַפּיר. נישט זעענדיק זייער עלנט, פארקלעבן זיי זייערע ווייטיקלעכסטע, טיפסטע איבערלעבונגען מיט גאָרנישט-זאָגנדיקע פראַזן; קיינער קען

נישט זאָגן, וואָס אַזוינס עס איז זיין ווען, יעדער מוז קרעכצנ־דיק זיך איינהילן אין דער שאָל פון אָט דעם וועזן, כּדי ער זאָל זיך קענען באַווייזן אַלס פּערזאָן און גילטן אַלס כאַראַקטער. א פּאָר נאָך אַ פּאָר גנעמט זיך אַרום, א פּאָר נאָך אַ פּאָר צערייסט זיך, און שטענדיק מיט דער הילף פון דיזעלבע פינף־זעקס הונדערט ווערטער, עקספּערימענטן פון גייסט. אויף אַזאַ אופן ווערט דאָס אַלץ אַ פּלאַפּלעריי פון א קאַליקע, א טרויעריקע שטאַמלעריי פון אַ האַלבשטומען; און ווען מען קוקט די פּאַר־ברעכער אויף די פינגער, פאַרשטייען זיי אַפילו נישט זייער פּאַך. שטראָף, עונש, אָפּקומעניש, שלום, גערעכטיקייט ; דאָס אַלץ איז בלויז א מיל, וואָס מאָלט נישט, א פייער פון קאָלירט פּאַפּיר, אַ וואָרעם־הויט, אויסגעשטופּט מיט פּראזן.

נישט לאנג האָט ער געפירט דעם פּראָצעס פון אַ פּרוי קעגן איר מאַן. דער לעצטער, אַן ארויפגעקומענער גביר, אָנ־געכאַפּט מיט מאַכט און פאַרמעגן, א שוואַכער פאַרשוין און אַ פּראָווינציאָנעלער טיראַן פון זיינע חושים, האָט זיך פאַרליבט אין אַ קאָקאָטע, איבערלאָזנדיק ווייב און קינדער אין נויט. בעת ער האָט מיט דער קאָקאָטע פאַרשוועגדעט אַ פאַרמעגן, האָבן זיינע נאָנסטע נישט געהאַט וואָס צו עסן, און נישט גענוג דאָס, האָט ער נאָך אַריינגעטראָגן אין געריכט אַ ביטע וועגן אַ גט, אָנגעבנדיק עפּעס אַ נאַרישע סיבה. דער ענין האָט נישט קיין סך שאַנסן, די פרוי זאָגט אָפּ אָנצונעמען דעם גט ; אַ טיפּישע האנדלונג. ער ווערט ברוטאל, דראָט זי, פּייניקט זי, באשמוצט זי, קומט צו גיין ביינאַכט מיט געטומל און גערויש אַהיים, און עס דערגייט צו אזעלכע סצענעס, אַז די דינסט לויפט צו דער זשאַנדארמעריע, און די קינדער קניען פארן פאָטער און בעטן, ער זאָל צורו לאָזן די מאמע. די ערגסטע זאַך איז אָבער, וואָס די פאמיליע ליידט ביטערע נויט און קיין שום מאכט אין דער וועלט קען אים נישט צווינגען, ער זאָל דערפילן זיינע פליכטן; מיט דער הילף פון זיין אַדוואָקאט קען ער זיך אַרויסדרייען פון יעדן אורטייל. דעמאָלט האָט זיך

לוידין געטראָפן מיט אים אין דער אָנוועזנהייט פון זיין אַדוואָקאַט. און ער האָט אין די אויגן פון זיין פאַך-קאָלעגע, דעם אַדוואָקאַט, אָנגעהויבן צו רעדן. ביז-אהער האָט ער אים נישט געקענט. דאָס איז געווען איינער פון יענע נידערטרעכטיקע טאַלענטן-אַדוואָקאַטן, וואָס דערנידריקן זייער באַרוף ביז צו אַ שפּיל אין בייגער, ווי דאָס געווין-געלט איז דאָס אויסגעפינען צווייזייטיקע און צווייפלהאַפטע פּאַראַגראַפן; דיזאָזיקע לייט זענען אויסגעצייכנטע מייסטער אין דער קונסט צו געווינען אויף דער צייט, אין דער קונסט פון פאַרפּלאָנטערן און מאַכן אַקטן; אַזעלכע, וואָס קענען פאַרטיידיקן דאָס פאַרדרייטע און באַשווינדלטע געזעץ מיט מער ליידנשאַפט און פּאַסיע, ווי אַ מענטש פון אמת פאַרטיידיקט דעם ריינסטן ענין. לוידין טרעפט זיך מיט אים, אונטערהאַנדלט מיט אים און אין משך פון אַ פערטל שעה פילט ער זיך פולשטענדיק דערשלאָגן. דאָס אוממעכטיקייטס-געפיל ענדערט זיך אין אַ געפיל פון פאַרוווּנדערונג; אָט אַזעלכער דאַרפט מען זיין, טראַכט ער זיך, אַזוי דאַרפט מען קוקן אויף זאַכן, אַזוי-גאָר דאַרפט מען אויסטוישן דעם אמת אויף ליגנט, יעדע נידערטרעכטיקייט דאַרפט מען אויסטוישן אויף אַ שווין לאַנג-אָנערקענטער נידערטרעכטיקייט. דעמאָלט וואָלט מען זיך געפילט קרעפטיקער, דעמאָלט וואָלט מען מיט פרייד פאַרטיידיקט און דעמאָלט וואָלט מען זיך געפילט זיכער קעגן הימל און גיהנום. יעדע אַנדערע זאַך, איז ער זיך מודה אין דער נשמה, איז אַ שטות. וואָס באַדייט געוויסן, אָרנטלעכקייט, ערלעכקייט, מענטשלעכקייט, מאָראַל, אויב יענער טריומפירט סוף-כל-סוף? און ער טריומפירט טאַקע; לגבי אים איז לוידין בלויז אַן אומעטיקער פּאַיאַץ, ווייל ער קעמפט מיט אַ געווער, וואָס קאָן יענעמען אפילו די הויט נישט אַ ראַן-טון.

און דאָ (איז איצט עגיד פּרויבדאָרפער איינגעשלאָפן, אָדער איז ער בלויז פאַרבייגייענד געפאַלן אַריבער דער שוועל פון באַוווּסטזיין?). אויף דעמדאָזיקן אָרט איז לוידין געווען מער אויפגערעגטער, ווי ער איז אפשר בכלל געווען אין די

לעצטע יאָרן. ער האָט זיך געפרעגט, פאַרוואָס ער קען נישט זיין יענער אַדוואָקאַט. פאַרוואָס קען מען נישט זיין אַ קעגנער פון זיך אַליין, אויב מען קען נישט דערגרייכן די שלימות פון דער אייגענער פּערזאָן, אָדער זיך אויפהויבן איבער זיך? אַראָפּוואַרפן פון זיך דעם אַלטן, דערעסענעם, אָפּגענוצטן מענטש, באַנייען זיך, זיין פריש, פאַרשווינדן פון זיך, געבוירן זיך אַליין נאָכאַמאָל. איז עס אויך אַן אַדוואָקאַטישער חלום, עגיד, וואָס? — פּראָווינדאָרפער זיצט אַ שטומער. עס דאַכט זיך, אַז ער פאַרשטייט שוין מער נישט דעם פּריינט, אָדער ער וויל אים נישט הערן.

לוידין איז געוואָרן איבערגעלאָזט זיך אַליין. ער שטעלט זיך אויף און נעמט גיין הין-און-צוריק. זיינע זויגן גלאַנצן, דער גוף פאַלט כמעט אום. ער האָט איצט אַריינגעקוקט אין זיך מיט אַ העלן בליק. פּלוצלונג און מיט צער האָט ער באַזיגט די פוילקייט, וואָס פּענטעט דעם מענטש און פירט אים צו פּרייוויליקער בלינדקייט. ער האָט גערעדט אָט אַזוינס:

— ווער בין איך און וואָס בין איך אייגנטלעך? אַ מענטש, וואָס בינדט אויף, דאָס וואָס איז געבונדן. אַ מענטש, וואָס זיין פאַך און אמת איז אַראָפּצוהאַקן רייפן פון אַ געשמידט פעסל. אַ שטורמער פון פאַך, אַ פאַרניכטער פון געוווינהייט און רוטין, אונטער דעם שוץ פון דער עפנטלעכקייט און געזעץ. בין איך, הייסט עס, מיין אייגענער געגנער. עס איז דעריבער נישט קיין חידוש, וואָס איך בין אַ מענטש מיט אַ מעסער אין דער האַנט ביי מיין אייגן בעט. עס האָט נישט קיין זין ווייטער צו באַשווינדלען זיך אַליין, עס האָט נישט קיין זין אַדורכצוגליטשן זיך נעבן דעם קלאָרן און דייטלעכן פאַקט. אָדער אַ בירגער פון דער מלוכה, אַ קנעכט פונם פאַך, אַן איינגעשפּאַנטער אָקס, אַ פאָטער פון אַ פאַמיליע און אַ מאַן, אָדער...

וואָס פאַר אַן אָדער? וועלכן אָדער? פרידריך לוידין? קיין טראָט נישט ווייטער. נאָך דעמדאָזיקן אָ ד ע ר וועט זיך דער באָדן אונטער די פיס אוועקריקן. נאָך אַ טראָט און די

וועסט נישט וויסן, וואָס מיט דיר געשעט.

ביי די לעצטע ווערטער האָט פּרווינדאַרפער אויפגעעפנט די אויגן און מיט ווידערווילן אַ קוק געטון אויף לודינין.

— די מענטשן פון טיף אָדער־אָדער זענען די פּאַטאַלסטע לייט, וואָס איך קען, — האָט ער געברומט, — זאָג, וואָס דו ווילסט, אָבער פון דער נאַטור אויס ביזטו אַ מענטש פון פליכטן און דער אָדער־אָדער איז דיר ווייט. אַ שלעפּ־אָקס? געוויס, געוויס; שלעפּ בלויז. זאָלן נאָר דער האָנאָראָר און די רשימה פון די הוצאות זיין געזאָלצן עס וועט גאָרנישט שאטן. דו וואָלסט נאָר געוואָלט האָבן אויף זיך אַזעלכע הערנער, וואָס זאָלן אַרויסרופן ביי די קליענטן דרך־ארץ. און אויף דער פור וואָס דו שלעפּסט, געפינט זיך אַ גאַנץ בכבודע געזעלשאַפט.

לודינין איז געשטאַנען נעבן אים און אים אַרויפגעלייגט די האַנט אויפן אַקסל.

— שטיי! — האָט ער אויסגערופן. און ווען פּרווינדאַרפער האָט אויף אים געוואָרפן אַ זויערן בליק, האָט ער געזאָגט: — דאָ זאָלסטו מיך נישט אָנרירן, און כאַפּ מיך נישט אויף ווערטער. עס האַנדלט זיך דאָ וועגן זאַכן, וואָס שטייען מחוץ דער ליבע, מחוץ דער געוויינלעכער פליכט און אפשר חוץ דער בירגער־לעכער אכטונג...

— כאַ־כאַ, אפשר מחוץ דער פּראָטאָקאָלירטער פירמע: „אמת און אומשולד א געזעלשאַפט מיט אומבאַגרענצטער פאַר־אַנטוואָרטלעכקייט"? — האָט פּרווינדאַרפער ציניש געפרעגט. — ווער ווייסט, צי מענטשן זענען פעיק צו צאָלן? לודינין האָט ווייטער גערעדט:

— מחמת די פאָרמען פון אונדזער עקזיסטענץ זענען אויסערגעוויינלעך רייך, מוז דער סכעמאַטיזירנדער גייסט, אַזוי ווי דייגער, זיך פאַרשטעלן אַזאַ באַציונג, וואָס איז אַזוי נישט געוויינלעך, אַז מען טאָר אים גאָרנישט פאַרוואַרפן. פרעג הונדערט מענטשן אין דער שטאָט וועגן דעם פאַמיליען־לעבן פון די לודינס, וועט מען דיר ענטפערן: מיר קענען נישט

קײן בעסער פאמיליען־לעבן, קלוגע, אײדעלע און דערפארענע מענטשן, מענטשן מיט אײדעלע גײסטער און אײדעלע הערצער. קען איך זײ פארװארפן ליגנט? זענען דידאזיקע מענטשן אין טעות? צװישן מיר און פיאן איז קײנמאל נישט געװען קײן מחלוקה; אפילו קײנמאל נישט קײן ערנסטער סכסוך. זי איז פשוט א מוסטער פון א װײב זי פארגעסט נישט אויף קײן רגע, װיפיל זי איז שולדיק דעם מאן נאכגיביקײט, פלײס און מיגים אײדלקײטן. אבער װי אזוי זאל איך עס דיר געבן צו פארשטײן? דאס איז אן אויסערגעװײנלעך אײדעלע זאך און גלײכצײטיק איז עס אויך אן אויסערגעװײנלעך־װײטיקלעכער ענין. אזוי איז עס געװארן, יא אזוי איז עס געװארן מיט דער צײט. אלץ װערט אלײן פון זיך. דער מענטש גיט גארנישט צו. דאס לעבן פליסט ארײן אין כאראקטער, װי װאסער אין א רינגע. איך פארער פיאן. זי איז פאר מיר געװען א העכער װעזן מען האט זי געדארפט האלטן װײט פון דער באנאלקײט און נידערטרעכטיקײט פון טאגטעגלעכן לעבן. מען האט זי געדארפט אויפהויבן איבער די בלאטעס. דאס געשיט, מען האלט די פרוי אומאויפהערלעך אויף די הענט און מען טראגט זי איבער קאלוזשעס בלאטע. דאס פארהערלעכטע געשטאלט װערט פארשײנערט. אויב דו נעמסט מיט אין װעג א חבר, צו װעלכן מען זאגט דא באלד לכתחילה, אז פאר קײן שום פרײז טאר ער זיך נישט פארברודיקן די שיך, דאן קענסטו זיך נישט באקלאגן, אויב ער פארטרויט זיך דער קראפט פון דײנע מוסקלען. אויף אזא אופן װערט אלץ, װאס מען שאפט אין האס מען קעמפט אויס, פארשטענדליך פון זיך אלײן זי באמערקט נישט, אז דו יאגסט מיטן לעצטן אטעם; זי פילט נישט, אז דער אטעם װערט איר פארשטאפט. עס פארשטײט זיך אלײן, אז דער מאן שטרענגט זיך אן, ארבעט: עס פארשטײט זיך אלײן, אז דער מאן האלט אויס דאס הויז, באפרידיקט אלע װינטשן, צאלט אלע אויסגאבן; עס װערט פארשטענדלעך פון זיך אלײן זײנע באמיונגען, געדריקטע מאמענטן; אבער אויך

זי האָט באַמיונגען, געדריקטע מאָמענטן; און אויך זי באַהאַלט פאַר אים אירע דאגות. אין איינעם אַ טאָג גיט זיךדער מענטש אַ פרעג: ווי אַזוי וועט עס זיין ווייטער? קיין שום ברייטקייט און אויפשוואונג איז נישטאָ, קיין שום אינספּיראַציעס, קיין שום שטרע־בונג און ציל; עס איז נישטאָ קיין שום געמיינזאַם זוכן אַ וועג. עס איז נאָך בלויז פאַרהאַן אַ זעלבסטפאַרשטענדלעכקייט און אַ רויקע אַרבעטס־פאַרטיילונג. די דאָרט אויף דער וועלט און איך — דאָ אין הויז. ווען דער מענטש וואָלט געווען אַ שלאָסער און צוריקגעקומען אַ היים מיט צעריבענע פינגער, איז עפּעס אַנדערש. אַזוי אַנטשטייט דאָס רויקע גליק פון אַ זעכציקיעריק פאַמיליען־לעבן, אָבער דאָס לעבן ווערט אַ טאָס זויער־מילך, אַ געזעצטע און זויערע מילך, אין וועלכן דו טרינקסט זיך ווי אַ פליג, אָן באַרוישונג, פולשטענדיק ניכטער.

פּרוינדאָרפער האָט זיך צעלאַכט.

— אָן באַרוישונג, דאָס איז שלעכט, — האָט ער געזאָגט.

עס איז איינגעטרעטן אַ לענגערע פויזע, אין וועלכער ביי־דע האָבן געשוויגן. אויפן טיש האָט זיך געפינען אַ סך צעריסענע שטיקלעך פון אַ בריוו. לוידין האָט זיי פלייסיק צענויפגענומען און עס האָט זיך געדאַכט, אַז ער ציילט זיי איבער און לייגט זיי צענויף אין אַ קופּע. דערווייל איז הער שמידט אַרויסגע־קראָכן פון זיין קויש, אין וועלכן ער איז געשלאָפן אין אַ ווינקל, צוגעקראָכן צו פּרוינדאָרפערס שטול, אויסגעצויגן די פיסלעך און געקוקט מיט אַ טרויעריקן בליק אויף זיין מושל, פּישטשנדיק כסדר.

פּרוינדאָרפער האָט זיך אַראָפּגעבויגן צו אים.

— מיין באַגריסונג, הער שמידט, — האָט ער געזאָגט צו אים. — איר האַלט, אַז אויך אייך דאַרפט מען פרעגן אַ מיינונג. געדעכט. איר האָט אַ ריכטיקערן אורטייל, ווי אַ צוויי־פיסיקער. וואָס וועט איר זאָגן? איר זאָגט, אַז עס איז געקומען אַ געוויסע שעה? ריכטיק, עלף. אַ זייגער עלף איז אונדזער יונגער מענטש שטענדיק געקומען אַהיים. דעמאָלט האָבן מיר זיך שטענדיק געמעל־

דעט, ווייל מיר זענען פינקטלעך און וואַכזאַם. ווי זאָלן מיר זיך דער־קלערן דאָס, וואָס ער קומט שוין נישט צוגיין זינט זעקס טאָג? וואָס פאַר אַן אָפּגעלאָזנקייט, הער שמידט. נו, נו, באַרויק זיך, באַרויק זיך, מיין הער. מיר וועלן מאַכן אַ צוויי־פּיסיקע אונטער־זוכונג צוליב דעם, וואָס ער קומט נישט. אונדזער פּריינט איז גרייט צו פאַרנעמען זיך מיט דעם מין, הגם אין אַ געוויסן פּרט קען עס שוין זיין צו שפּעט; ווי ער זאָגט, קען ער זיך אויף אַזעלכע זאַכן. רויק, רויק, הער שמידט...

מיט עטלעכע נישט־פאַרשטענדלעכע קלאַנגען האָט ער אַראָפּגעלאָזט די באָרד אויף דער ברוסט. הער שמידט האָט אויפ־געהערט צו פּישטשען, איז צוגעגאַנגען צו דער טיר, געשמעקט און זיך געלייגט נעבן די ריזיקע פּאַרמלאָזע פּיס פון זיין באַלעבאָס וואָס האָבן געשטעקט אין צעריסענע פאַנטאָפל.

— יאָ, דאָ וואָלט נאָך געווען אַן אויפגאַבע צו לעזן. — האָט לוידין געזאָגט אַן אויפגעטרייסלטער און דערלאַנגט איבערן טיש פּרוינדאָרפערן די האַנט. פּרוינדאָרפער האָט לאַנגזאַם גענו־מען די האַנט, נישט אויפהויבנדיק די אויגן.

לוידין איז ארויס. פּרוי בלום האָט אים באַגעגנט אין קאָ־רידאָר. אַ גאַנצע נאַכט זיצט ער און טרינקט, — האָט זי געזאָגט, אַמאָל גיט ער אַרויס מאָדנע קולות, וואָס מען ווייסט נישט, צי דאָס איז אַ געוויין, צי אַ געלעכטער; אַמאָל רעדט ער מיטן הונט און פינף פאַרטאָגס הויבט ער אָן צו שרייבן.

## צווייטער טייל.

### XIX.

לוידין האָט באַמערקט ליכט אין פיאַס צימער און ער איז אַריין צו איר. זי איז געלעגן אויף א זייט אין אַ ברייט בעט מיט אַ באַלדאַכין, מיט די הענט פאַרקרייצט אויף די בריסטן און אַ שמייכל געטון צו אים. אָבער זי איז געוועזן בלייך. דאָס לעמפל ביים בעט איז געווען האַלב פאַרשטעלט.

— ביזטו נישט געזונט, פיא? — האָט ער געפרעגט אַ פאַרזאָרגטער.

יאָ, זי פילט זיך נישט איבעריק געזונט, האָט זי געענט־פערט; אַזוי ווי מאָרגן איז זונטיק, וועט זי בלייבן אין בעט. זי פרייט זיך, וואָס זי וועט זיך קענען אויסרוען פיר און צוואַנציק שעה.

— דו דאַרפסט אַזוי טון, מיין קינד, — האָט לוידין גע־זאָגט, — הגם כ'האָב אפילו געוואָלט גיין מיט דיר מאָרגן אין טעאַטער. דו ווייסט, אַז אין די וואָכן־טעג האָב איך נישט קיין צייט. איך וויל זען די יונגע אַקטיאָרקע...

אַך, די אַקטיאָרקע, — האָט פיאַ זיך אָנגערופן, — דו וועסט גיין אַליין, פרידריך. מיר גלוסט זיך נישט. מאַרלענע און רעלי זענען פאַרבעטן צו דער משפחה אַרנדט. ווען נישט, וואָלסטו זיי געקענט מיטנעמען מיט זיך; זייער גרעסטער ווונטש איז צו מאַכן א שפּאַציר מיט דיר. אָבער דאָס איז דערווייל נישט מעג־לעך. מאַרלענע וועט זיכער נישט אָפּזאָגן די אַרנדטס. און רעלי

— פאַר רעלין מוז דאָס שטיק זיין פּאַסיק. וואָס שפּילט מען ?

— קעטכען פאָן היילבראָן. דאָס שטיק געפעלט מיר נישט איבעריק. עס האָט צו טון מיט צופיל ראָמאַנטיק. און רעלי פאַלט שנעל אַרונטער אונטער דעם איינפלוס פון אַזעלכע שטיק. איך וואָלט נישט געוואָלט...

— אמת. גיי אַליין.

לוידין האָט צוגערוקט די שטול און זיך געזעצט נעבן בעט.

— דו פאַרשטייסט אַליין, אַז דידאָזיקע פרייליין דערקום אינטערעסירט מיר נישט נאָך דעם אַלעמען בלויז אַלס אַקטיאָרקע. אין די נאָנטסטע טעג מוז עס קומען צו פּערזענלעכע צענויפטרעפונג. איך וויל מיך דעריבער פריער צוגרייטן דערמ ט, וואָס איך וועל זי זען אויף דער בינע. מ'וועט ווייניקסטנס זען, מיט וועמען מען האָט צו טון.

— רעכנסטו ? — האָט פיאַ סקעפּטיש געפרעגט, באַרירנדיק לייכט מיט די הענט זיינע, — רעכנסטו, אַז דו וועסט דיך דערפון עפּעס דערוויסן ? קעטכען ? דאָס וועט זיין שווער. ניין, דו וועסט דיך דערפון גאָרנישט דערוויסן. עס דאַכט זיך מיר, אַז דו ביזט צו נאַיוו, פרידריך.

לוידין האָט זיך צעלאַכט.

— מעגלעך, — האָט ער געענטפערט, — אַז דיינע שארפּערע, אָדער, לאָמיר זאָגן, אומפּאַרטייאישע אויגן קענען מיר ביי דערדאָזיקער געלעגנהייט עפּעס העלפן.

— קענסטו נישט פועלן ביי עגיד פּרוינדאָרפערן צו עסן מיט אונדז מיטיק ? — האָט פיאַ געפרעגט ; — עס איז דאָך שוין געוואָרן אַ מנהג, אַז זונטיק עסט ער ביי אונדז מיטיק. דו וואָלסט אויך צופרידן געווען. ווי אַזוי האט ער היינט אויסגעזען ?

— יעדנפאַלס נישט אַזוי, אַז איך זאָל אים קענען פאַרבעטן צום פאַמיליען-טיש, — האט לוידין געענטפערט. — עס איז זייער שיינ פון דיין זייט, וואס דו טראַכסט דערוועגן, אבער דערווייל איז עס נישט געווינטשן. ער איז פולשטענדיק דערשלאָגן. איך האב מורא, אז דאס אומגליק האט אים געטראָפן אין סאַמען מיטן

פון דער נשמה. ער קעמפט קעגן דער נידערגעשלאָגנקייט און לייקנט לגבי זיך אַליין. ער האַלט זיך פאַרצווייפלט ביי זיין הונט, ביי דער ארבעט, פאַרטויבט זיך מיט וויין, בראָנפן, שטאַרקע ציגאַרן, אָבער דאָס וועט גאָרנישט העלפן; ער קען זיך נישט האַלטן אויף דער אויבערפלאַך.

פיאַ האָט א פאַרטראַכטע געקוקט פאַר זיך. עס האָט זיך געדאכט, אַז זי וויל עפּעס פרעגן. דער זעלבסטמאָרד פון מיקאַלאי פרוינדאָרפער האָט זי וואַרשיינלעך מער איבערגענומען, ווי זי האָט געגעבן צו דערקענען לויט זיך. זי האָט נישט דערמאָנט פאַר לוידינען וועגן מאַרלענעס ליידנשאַפטלעכע אויסברוכן. זי האָט נישט גערעדט וועגן קיין זאכן, וואָס האָבן, לויט איר מיינונג, געהערט צו דער טאָכטער אַליין. די ידיעות, וואָס אירע אויפגערעגטע באַקאַנטע האָבן איר געבראַכט, האָט זי געהערט מיט אַ קאַלטער פאַראינטערעסירונג, און אין איר באַציונג צו דער וועלט האָט זי כמעט קיינמאָל נישט פאַרלוירן די קאָנווענציאָנעלע האַלטונג, וואָס האָט געמאכט דעם איינדרוק פון עפּעס אויסגעלערנטעס. רעדן אַזוינס, וואָס זי האָט געטראַכט אָדער געצילט, האָט איר אויסגעוויזן פאַר אַזאַ נישט געהעריקע זאַך, ווי גיין אויף דער גאַס אָן הענטשקעס.

אין די לעצטע טעג האָט מען אין איר אויפפירונג געקענט דערקענען עפּעס אַ פאַרטראַכטקייט, וואָס איז איר פרעמד געווען. מעגלעך, אַז מיקאַלאַי איז איר געווען מער סימפּאַטיש, ווי ער איז געווען זיינע באַקאַנטע. בכלל האָט זי ליב געהאַט יונגע יונגלעך, וואָס האָבן זי געוויילט אין איר גייסטיקער פאַרבאָרגנקייט. עס איז אויך מעגלעך, אַז זי האָט נישט געקענט פאַרשטיין דעם פּלוצלונגען באַשלוס צו שטאַרבן אין א מענטש, וואָס האָט געשפּרודלט מיט לעבן, און זי האָט געטראַכט וועגן דער סבה, וועגן פאַרשידענע מאָטיוון, וואָס מען האָט פאַר איר דערמאָנט און וואָס האָבן אָבער נישט געגעבן קיין שום אויפקלערונג. שפּעטער האָט זי זיך פאַרטראַכט וועגן מאַרלענעס אומאויפהערלעכן אומרו און סודותדיקן בונט. וואָס

עס זאָל גישט זיין — האָט זי געשוויגן, און בעת זי האָט דערהערט דערמאנען מיקאָלאיס נאָמען, האָט זי אין דער מחשבה זיך צוריקגעצויגן פון שמועס.

אזוי האָט זי אויך געשוויגן איצט, הגם אַ נישט-ארויסגערעדטער געדאנק האָט זיך דייטלעך געמאָלט אין די אויגן און אין פנים.

ליגנדיק אַזוי פאַרטראכט, כמעט אַ שטומע, האָט זי אויסגעזען צוציענד. עס האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז ווערנדיק פאַרערט פון אַלע זייטן האָט זי אָנגעהויבן צו זען דורך אַן עפענונג, ווי די געשעענישן וואָלטן געמאכט אַ לאָך אין דער מויער פון זאכן. מעגלעך, אַז די עפנונג, דורך וועלכער זי האָט פלוצלונג דערזען די ארומיקע וועלט, וועט זיך ווידער פארמאכן; אפשר וועלן די זאכן שוין מאָרגן פאַרשטעלן די וועלט; יעדנפאַלס איז אנגעגעבעם געווען צו געפינען זיך א ווייל אין אַ קאַלטן צוג; מען האָט געפילט א שוידער.

אין דער רגע, ווען לוידינס בליק האָט זיך צענויפגעטראָפן מיט פיאַס בליק, האָט ער זיך אַראָפּגעבויגן, האָט אָנגענומען איר לינקע האַנט און זי אַריינגעשטעקט אין זיינע ביידע הענט. פיא האָט אים איבערגעלאָזט די האַנט, אָבער זי האָט אוועקגענומען דעם בליק און שטיל געזאָגט:

— אַך, פרידריך, מיר זענען דאָך אלטע לייט.

ער האָט מיט די ליפּן באַרירט איר האנט, וואָס ער האָט נאָך אַלץ געהאַלטן און זיך תיכף אויפגעשטעלט.

— גוטע נאַכט, פיאַ, — האָט ער געזאָגט.

אויף זיין פנים האָט זיך נישט געפינען קיין שפור פון אומצופרידנקייט. פיאס פאָרשנדיקע אויג וואָלט עס באמערקט.

אָבער בעת ער איז געגאַנגען צו דער טיר, האָט זי געקוקט אויף אים מיט אַ לייכטן טרויער.

# XX.

לוידין האָט געשריבן צו פרוינדאָרפערן:

„אזוי ווי אין די נאָנסטע טעג וועט מיר שווער זיין דיך צו באַזוכן, וויל איך דיר קורץ מודיע זיין, אַז אויף מיין שריפטליכער אָנפראַגע האָט מיך לודוויקא דערקום געבעטן, אז איר זאָלט קומען צו איר מיטוואָך א זייגער פינף נאָכמיטיק. געוויס נוץ איך אויס די איינלאַדונג. איך האָב די אקטיאָרקע נעכטן געזען אויף דער בינע און איך מאַך נישט קיין סוד, אז זי האָט אַרויסגערופן אויף מיר אַן אומגעוויינלעכן רושם. ווען מען זאָלט מיך פריער געפרעגט, וואָלט איך עס געהאלטן פאר נישט מעגלעך, אז מען זאָל קענען אין אַזא ראָל — דאָס איז געווען קלייסטס קעטכען — איבערטראָגן דעם צוקוקער אינם געזעלשאַפטלעכן לעבן, ווי עס איז געשען דאָס איצטיקע מאָל. איך בין נישט קיין פראָפעסיאָנעלער קריטיקער, אַדרבא, איך בין אין עניניס פון טעאטער א לאַיק פון בלוט און פלייש און צוליב דעם, וואָס איך בין די לעצטע יאָרן צופיל באַשעפטיקט געווען, האָב איך ווייניק הנאָה געהאט פון גוטע פאָרשטעלונגען. איך וויל איר דעריבער נישט אָנווייזן אויף חסרונות און מעלות — אזוי ווי עס איז אָנגענומען: זאָל דער שטערבלעכער כאָטש איינמאָל אינגאַנצן זיך אָפּגעבן דער העכסטער גייסטיקער פרייד. מען קען דרייסט צווייפלען, צי אין הייניקן טעאַטער איז פאַרהאַן עפּעס ענלעכעס: אַזאַ כשוף,

אזאַ שיין פּנים, באַגייסטערטע שטים, אזאַ לײדנשאַפטלעכע
קראַפט און האַרציקייט, מיט איין וואָרט, פּשטות נעבן
הויכער קונסט. געננג דערמיט: עס האָט מיך אויסגעניכ-
טערט און אויפגעטרייסלט. מען דאַרף זיין דאנקבאַר, אויב
צווישן דעם עלנט פון דער וועלט, מיט וועלכן איך האָב
צו טון, באַווייזט זיך פּלוצלונג דאָס ליכט פון אזא גליק,
מעג עס אַפּילו דויערן בלויז אַ קורצער אָוונט. צו מיין
גרעסטער איבעראַשונג האָב איך זיך דערוויסט, אַז לוד-
וויקאַ דערקום איז שוין נישט קיין מיידל, ווי דו מיינסט
אפשר אויך, נאָר זי איז אַ פאַרהייראַטע פרוי. (דאָס קלינגט
אומגלויבלעך, ווען מען זעט זי אויף דער בינע). איר
מאַן, אַן אַקטיאָר, ער הייסט קעלער, זאָל זיך געפינען
אין אַ משוגעים-הויז אין בערלין. עס קורסירן וועגן דעם
מיאוסע קלאַנגען, וועלכע איך וויל אָבער נישט איבער-
חזרן, כדי נישט צו ווערן קיין מיטשולדיקער אין פאַר-
שפּרייטן פּליאָטקעס, וואָס אונדזער וועלט האָט אַזוי ליב.
זיי געזונט, מיין טייערער, איך האָף, אַז אין די נאָנטסטע
טעג וועל איך דיך קענען באַזוכן".

# XXI.

מיטוואָך נאָכמיטיק האָט לוידין באַקומען צוגעשיקט פון לודוויגאַ דערקום אַ צעטל מיט עטלעכע ווערטער, וואָס זענען אויפגעשריבן געוואָרן מיט אַ מאָדנער האַנטשריפט, וואָס האָט אים שטאַרק אימפּאָנירט, ווען ער האָט זי דערזען צום ערשטן מאָל. זי האָט אים געבעטן, אַז ער זאָל אָפּלייגן דעם וויזיט אויף די ערשטע טעג פון דער קומענדיקער וואָך אויף אַ טאָג, וועלכן זי וועט באַשטימען. ביז דעמאָלט איז זי שטאַרק פאַרנו־מען און סוף וואָך מוז זי אַוועקפאָרן אויף צוויי טעג.

דעמזעלבן טאָג האָט ער געטראָפן אויפן שרייב־טיש פון זיין קאַנצעלאַריע צוויי בריוו פון בריגידע האַרטמאַן. קוים האָט ער אָנגעהויבן זיי צו לייענען, האָט מען געמאָלדן קאָנראַד לאַנצן. פריער האָט ער נאָך געמוזט אויפנעמען אַ יונגען אַדוואָ־קאַט, וואָס איז געקומען אין פרוי קאָנסטאַנציע אַלטאַכערס ענין. פרוי אַלטאַכער, ווי אַ סך פרויען פון די מיטעלע און העכערע בירגערלעכע ספערן, האָט געהאַט כמעט אַ קרענקלעכע ליידנ־שאַפט צו אַדוואָקאַטן און צו פירן מיט זיי לאַנגע שמועסן. עס האָט זיך אויך אויסגעדאַכט, אַז נישט געקוקט אויף אָט דער תאווה צו אַדוואָקאַטן, האָט זי צו קיינעם פון זיי נישט געהאַט קיין צוטרויען, און געהערט, געפאָלגט און אויפגעעפנט פאַר זיי דאָס האַרץ האָט זי ערשט דעמאָלט, ווען זיי האָבן מסכים גע־ווען מיט איר.

אַז לוידין איז ווידער געבליבן אליין, האָט ער נאָכאַמאָל געגנוטען אין האַנט אריין פרוי האַרטמאַנס ביידע בריוו און זיי

געלייענט, שאָקלענדיק מיטן קאָפּ. ער האָט אפילו גערופן זיין שותּף, דעם דאָקטאָר היימערע, כּדי צו הערן זיין מיינונג וועגן די־דאָזיקע מאָדנע בריוו. היימערע, אַ דאַרער, הויכער מאַנספּער־שוין, מיט אַ פאַרזאָרגט אויסזען, מיט אַ ליסענעם און לענגלעכן קאָפּ, ווי אַן איי, האָט דערקלערט, אַז מען האָט צו טון מיט אַ פאַרביסענער פרוי, וואָס פון גרויס פאַרביסנקייט ווייזט זי אַרויס טעמפּקייט. דאָקטאָר היימערע האָט געהאַט אַ נייגונג אויפצווייזן ביים רוב מענטשן פּסיכישע און גייסטיקע אַנאָמאַליען. לויט זיין מיינונג זענען צווישן טויזנטער דערוואַקסענע נישטאָ קיין דריי מענטשן, וואָס מען זאָל אין דעם פּרט קענען אָננעמען פאַר געזונטע. וואָס שייך די מאָראַלישע אייגנשאַפטן — האָט ער אויך געהאַט אַזאַ פּעסימיסטישן בליק.

די בריוו פון פרוי האַרטמאַן זענען געשריבן געווען אין אַ מאָדנעם סטיל; געבילדעטע אויסדרוקן האָבן זיך אויסגעמישט מיט פּויערישע און טריוויאַלע זאַצן; די אָרטאָגראַפישע פעלערן זענען דאָ און דאָרט פאַרבעסערט געוואָרן אָבער נישט אינ־גאַנצן; נאָך אַ שורה, אָבער נאָך אַן אָרט פון עטלעכע שורות איז געקומען אַ שטעל פול מיט חניפה און אונטערטעניקייט, איז געקומען אַ פרעכער פאָרוואורף, אַ באַהאַלטענע דראָונג, אַ שפּאָטישער אַרויסרוף; זעלבסטפּייניקנדע ווערטער האָבן זיך פאַר־מישט מיט אויסדריקן פון גאווה און שטאָלץ. לוידין האָט אָפט באַמערקט, אַז פרויען, וועלכע עס האָט זיך אויף וועלכן עס איז אופן איינגעגעבן אַריינצושטופּן דעם מאַן אין אַן אומגליק, — ווען זיי האָבן געהערט צו אים און ער האָט זיי אַנטוישט, אָדער אַוועקגעוואָרפן, — פאַלן אַריין אין אַן אומדערטרעגלעכן שטאָלץ, אפילו ווען זיי ווערן דערמיט נאָך מער אומגליקלעכער. דעם־דאָזיקן שטריך האָט ער אויך באַמערקט ביי קאָנסטאַנציע אַלטאַכערן, הגם ער האָט דאָ נישט געקענט אָננעמען, אַז זי טראָגט די שולד פון צעשטערטן פאַמיליען־לעבן. דידאָזיקע באַ־אָבאַכטונג האָט אָבער, וואָס עס זאָל נישט זיין, אַרויסגערופן זיין פאַרדאַכט.

בריגידע הארטמאַן האָט אים מיטגעטיילט, אַז צוליב פאַרשידענע סבות, איז זי נישט מסכים צו געבן קאַראָלינע לאַנצן אַן אנטשעדיקונגס־סומע. זי האָט איר מאַן געהעצט און פאַרפירט. זי, בריגידע, זעט נישט מען זאָל דאַרפן באַלוינען די מענטשלעכע בייזקייט. אַ חוץ דעם מוז זי אַליין זאָרגן וועגן אַ שטיקל ברויט. זי וואָלט גערן געשענקט קאַראָלינע לאַנצן איר קלייד און אַביסל וועש. ווען די לאַנץ וואָלט געווען אַן אַנשטענדיקע פרוי וואָלט זי זיך נישט אריינגעלאָזט אין קיין מחזקות מיט א פאַרהייראַטן מאַן, נאָר, אַמווייניקסטנס, וואָלט זי געוואַרט ביז ער וועט זיך גטן. דאָס קינד גייט איר לחלוטין נישט אָן. ווער קען דען בכלל באַווייזן, אז דאָס איז באמת האַרטמאַנס קינד? אַזעלכע פרויען קענען אויף א כיטרען אופן איין עבירה פארדעקן מיט דער אַנדערער. זי האַלט די לאַנץ פאר א פרוי, וואָס האָט א תל געמאַכט פון איר רויק פאַמיליען־לעבן; זי פאַרשעלט זי; זי און איר קינד. דער שטאַרק־געאַכטעטער דאָקטאָר לוידין וועט אָפּשאַצן די געפילן פון א מוטער און פון אַ זעלטענעם פרויען־הארץ.

לוידין האָט שפּעטער געזאָגט צום דאָקטאָר היימעראָ:

— ווען דער רבונו של עולם וואָלט געוואָלט בעטען אונטער זיין שוץ אַלע פרויען, וואָס האָבן אָפּגעטון כלערליי מיאוסקייטן און געמיינהייטן, פאַררופנדיק זיך אויף זייערע מוטערלעכע געפילן, דאן וואָלט דער פאקט, אַז אַלע פרויען האָבן קינדער, גענוג געווען צו מאַכן פון אלע מענער קאַטאָרזשניקעס.

לחלוטין אַנדערש האָט אויסגעזען דער צווייטער בריוו, וואָס האָט נישט געהאט קיין צוזאמענהאַנג און איז געווען נאָך אומהיימלעכער. מען האָט דערקענט, אַז ער איז געשריבן געוואָרן א סך שפּעטער דערפאַר, ווייל עס ווערט דאָ פאָרגעלייגט אַן אונטערהאנדלונגס־שמועס מיט קאַראָלינע לאַנץ. בריגידע הארטמאַן וויל זיך זען מיט דער לאַנץ און איר האַנדלונג וויל זי צופּאסן צו איר אויפפירונג. דאָס האָט געהייסן שטאָלץ אויפן העכסטן אופן; זי שטעלט זיך פאָר אַלס שטראָף־ריכטער און

מאָראַליסט. די סיבה פון דערדאָזיקער נאָכגיביקייט פון בריגי־
דע האַרטמאַן (א נאָכגיביקייט אונטער אַ תּנאי) איז די אָנווערונ־
הייט פון שטאַרק געאַכטעטן דאָקטאָר לוידין. זאָל ער אנטשיידן.
זאָל געשען, ווי ער וויל; אים גיט זי זיך אונטער; אויב ער
וועט זי פאַרמשפּטן, וועט זי תּשובה טון. אין אים זעט זי דעם
אידעאַל פון מאַן און מענטש; אָבער זאָל ער אויך זיך היטן
פאַר איר און זיך נישט לאָזן פאַרבלענדן די אויגן מיט עפּעס
א טאָפּלטער קאָפּיע פון דער צוואָה. — מען האָט זי אַזוי לאַנג
געפּייניקט, אַז זי וואָלט זיך נישט אָפּגעשטעלט פאַר קיין פאַר־
צווייפלטן שריט. ניין. זי גיט נישט צו קיין סך ווערט דעם
לעבן, אָבער אויף גליטשן, שפּיצלען און פאָרטלען וועט זי זיך
נישט לאָזן. מען דאַרפט מיט איר זיין אויפריכטיק, אזוי ווי זי
איז אויפריכטיק. בלויז איין וואָרט פון שטאַרק־געאַכטעטן דאָקטאָר
און זי איז גרייט אַלץ גוט צו מאַכן. אויב נישט — וועלן די
שונאים מיט שוידער זיך דערוויסן, מיט וועמען זיי האָבן צו
טון. זי באַזיצט איר שטאָלץ, הגם זי איז גרייט זיך צו בויגן
פאַרן נאָמען לוידין; פאַר אים וועט זי טון אַלץ. פאַר האַרט־
מאַנס געליבטע און פאַרן ממזר — גאָרנישט, דאָס מינדסטע
נישט. אין אַזאַ זין וואַרט זי אויף א תּשובה — אַלס דאָקטאָר
לוידינס איבערגעגעבנסטע דינערין. דאָ קומט צו אַ פּאָסטסקריפּ־
טום: איר אַדוואָקאַט (ביי וועלכן זי איז דאָרט געווען) האָט איר
געעצהט נישט אַדורכצוקומען מיט דער לאַנץ. די צוואָה האָט,
ווי זי ווייסט, נישט עקזיסטירט, און זי האָט זי נישט געקענט
באַזייטיקן. פאַר אַ שבועה האָט זי נישט קיין מורא. אויב הער
דאָקטאָר וויל איר דוקא אָנוואַרפן אַ שבועה איז — ביטע זייער.
זי איז גרייט. זי וואַרט דערויף, וואָס איז נישט אויסצומיידן.
צום סוף טיילט זי מיט, אַז האַרטמאַנסהאָף האָט זי פאַרדינגען
אין פּאַכט און אויף די נאָהנטסטע חדשים האָט זי געדינגען א
וווינונג ביי איר קוזינקע אין יאָזעפשטאַט, לאַנגע גאַסע 20.
— א זייער געפערלעכע פרוי — האָט לוידין געשעפּטשעט
בעתן לייענען; נישט טראַכטנדיק גרינגצושעצן אַזעלכע בריות,

אין וועלכע אַן איבערגעטריבענע פאַרליבשאַפט אין זיך אַליין גייט האַנט ביי האַנט מיט דער פרייד פון ווילן צו פאַרפּלאָנ־טערן אַנדערע, האָט ער געמוזט באַמערקן אין די בריוו סמנים פון משוגעת־אינסטינקטן, פול מיט א שטיקנדער נקמה אין א פאַרסמטער ראַטיק, וואָס זייערע פאָלגן האָט מען נישט גע־קענט זען.

ער האָט א קלינג געטון אויפן לאַקאַי.

— הער לאַנץ, — האָט ער באַפוילן.

קאָנראַד לאַנצס פּנים האָט זיך שטאַרק געענדערט. ער האָט געטראָגן א נייעם מאַנטל, נייע מלבושים, די האָר זענען געווען פאַרקעמט און די באַקן — אַנדערש, ווי בעתן לעצטן וויזיט ביי לוידינען — פלייסיק אָפּגעגאָלט. דאָך איז זיין פּנים געווען באַדעקט מיט אַ מאָדנער פאַרשטאַרטקייט, כמעט אַ פאַר־שטייפטקייט און א געלבלעכע בלייכקייט, ווי ביי אַ מענטש, וואָס האָט זיך אָקאָרשט אויפגעהויבן פון א שווערער קרענק. לוידין, אַ פאַרוווּנדערטער דערפון, האָט געפרעגט וועגן געזונט. לאַנץ, קוקנדיק אויף דער ערד, האָט געענטפערט, אַז ער פילט זיך גוט; זיין לאַגע האָט זיך לעצטנס שטאַרק פאַרבעסערט. ער האָט געקריגן נייע שילער און די אַרבעט ברענגט אים אריין גרעסערע הכנסות. ער האָט געדאַנקט דעם דאָקטאָר לוידינען דערפאַר, וואָס ער געדענקט אים.

די אויגן האָט ער נישט אויפגעהויבן קיין איין מאָל. לוידין האָט אים געבעטן זיצן. ווען ער האָט זיך געזעצט, האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז דער טאַפּעט־מוסטער האָט איינגעשלינגען זיין גאַנצע אויפמערקזאַמקייט. לוידין האָט אים אָפּגעמאָסטן מיט אַן אויספאָרשנדיק בליקן, איידער ער האָט אָנגעהויבן רעדן.

— איר ווילט אַודאי געוואָר ווערן, — האָט ער געזאָגט, — ווי עס האַלט מיט אייער ענין? איך קען אייך, לײדער, נישט איבערגעבן קיין שום זיכערעס. די אויפפירונג פון פרוי האַרטמאַן קען מען באַטראַכטן אַלס גייסטגעשטערטע. זי טראָגט זיך אַרום

מיטן געדאַנק וועגן אַ מינדלעכן אויסגלייך־געשפּרעך מיט אייער שוועסטער...

— איך האָף, אז אזא שמועס וועט גאָרנישט געבן, — האָט זיך לאַנץ אַריינגעמישט.

— און איך מיין אויך אזוי. זי מאַכט אָבער דעם איינ־דרוק, ווי זי וואָלט זיך כּסדר געשראָקן און דערויף קען מען לייגן א געוויסע האָפנונג. א באַשיידענע סומע וועט מען פאָרט קענען אַרויסקריגן פון איר. נאָר איר מוזט זיך באַוואָפענען מיט געדולד.

— געוויס, הער דאָקטאָר. געדולד וועט נישט אויספעלן. וואָס פאַר א טרויעריקע ראָלע וואָלט איך געשפּילט פאר אייך, ווען איך וואָלט געווען אומגעדולדיק. נישט צוליב אומגעדולדי־קייט בין איך געקומען. איך לייד. איך קריג אַמאָל א שלעכט פאָרגעפיל. אויב עס וועט זיך עפּעס טרעפן — איך בין נישט מיטן האַרץ אינגאַנצן אין אָרדנונג — וועט קאַראָלינע בלייבן אליין אויף דער וועלט. איך ראַט אייך, הער אַדוואָקאט, אַז אין אזאַ פאל זאָלט איר מיין שוועסטער נישט אָפּזאָגן קיין הילף און אפשר איז עס בלויז פון מיין זייט א היפּאָכאָנדרישע איינבּילדונג. דאָס איז זייער מעגלעך; אַ חוץ דעם איז מיר זייער נישט אַנגענעם, וואָס איך מוז מיסבּרויכן מיט אייער גוטס־קייט, אָבער זי האָט נישט קיינעם, אַך, לחלוטין קיינעם נישט, און ווען איר וואָלט געוואָלט אין דעם פּרט מיך באַרויקן, וואָלט איך אייך זייער שטאַרק דאַנקבּאַר געווען.

לוידין האָט ווידער געוואָרפן אַן אויספאָרשנדיקן בליק אויפן סטודענט.

— האָט נישט קיין מורא, — האָט ער געזאָגט, — איך וועל נישט פאַרלאָזן אייער שוועסטער.

און ווערנדיק זיך געגן דעם סטודענטס א באַוועגונג, האָט ער צוגעגעבן:

— מאַכט אייך נישט שווער דאָס לעבן מיט לאַסטן, וואָס איר טראַכט אליין אויס; עס פעלן נישט אַנדערע. מיטן קאָפּ

אין דער הויך, בעסטער הער. איך דערמאַן מיך: אלס יונגל זענט איר געווען אַ גוטער צייכנער. שווער צו גלויבן, אַז איר האָט פאַרלוירן דידאָזיקע פעיקייט. אָט נעכטן בין איך צופעליק געוואָר געוואָרן, אז אין דעם אַנאַטאָמישן אינסטיטוט ווערט געזוכט א מענטש, וואָס זאָל קענען צייכענען פּרעפּאַראַטן, פון וועלכע מען קען נישט מאכן קיין פאָטאָגראַפישע רעפּראָדוקציעס. אויב איר וואָלט וועלן אָננעמען דעמדאָזיקן פּאָסטן, וואָלט איך אייך געקענט רעקאָמענדירן.

לאַנץ, וואָס איז אזוי בלאס געוואָרן, בעת מען האָט אים דערמאָנט וועגן זיין טאלאנט צו צייכענען, אז זיינע געלבלעכע באַקן זענען אזש גראָ געוואָרן, האָט, טוענדיק אַ ווישׁ דעם שטערן מיט אַ טיכל, ענערגיש געזאָגט:

— אין די נאָענטסטע חדשים, הער דאָקטאָר, האָב איך איין ציל: אָפּגעבן דעם עקזאמען. איך בין צוגעבינדן צו מיינע שטודיעס, צום לערנען, מיט לייב און נשמה. איך מוז ענדיקן. איך מוז ענדלעך ווייזן, אז איך בין עפּעס, אז עפּעס שטעקט אין מיר. אָט ווען איך קען א חוץ מיינע לעקציעס...

— איך פאַרשטיי, — האָט לוידין אים איבערגעריסן. — נו, צום ווידערזען. אויב אין ענין מיט פרוי האָרטמאַן וועט געשען עפּעס נייעס, וועט מען אייך מודיע זיין.

ער האָט דערלאַנגט די האַנט דעם סטודענט, וואָס איז אַוועקגעגאַנגען, פאַרנייגנדיק זיך טיף.

אין אַ ווייל אַרום האָט לוידין, אויפשטעלנדיק זיך, דערזען ליגן אויף דער ערד אַ קאָנווערט. ער איז געלעגן אונטערן שטול, אויף וועלכן קאָנראַד לאַנץ איז געזעסן. ער האָט אים אויפגעהויבן און אזוי, ווי דער קאָנווערט איז נישט געווען פאַרקלעבט, האָט ער ארויסגענומען דעם בריוו, נישט טראַכטנדיק, אז דעם קאָנווערט האָט פאַרלוירן דער סטודענט, בעת ער האָט ארויסגענומען דאָס טיכל פון דער קעשענע. צו זיין פאַרוואונדערונג, האָט ער איבערגעלייענט:

זייער חשובע פרוי!

„אזוי ווי איך האָב באשלאָסן אָפּצוגעבן די גאנצע צייט מיינע סטודיעס, קען איך ווייטער נישט געבן קיין לעקציעס אייער זון. איך האָב זיך אויך אָפּגע־זאָגט פון אלע אנדערע לעקציעס, און איך מיין, אז אזוי־נאָך פאָלג איך דעם באפעל פון א העכערער פליכט. איך דאנק אייך פאר דער גוטער באציונג צו מיר און פארבלייב מיט טיפן דרך ארץ —

קאָנראד לאנץ".

—א מאָדנע זאך, — האָט לוידין געזאָגט צו זיך. — ער האָט דייטלעך גערעדט וועגן בייע שילער... ער האָט דייטלעך גערעדט וועגן לעקציעס, בעת איך האָב אים געמאכט דעם פאָר־שלאג... וואָס פאר א ליגנט! צו וואָס? מאָדנע...

אזוי ווי אויפן בריוו האָט זיך געפינען א מארקע און אן אדרעס, האָט ער אים פארקלעבט און אים געלייגט אויפן טיש נעבן די אנדערע בריוו, וואָס האָבן געדארפט ווערן ארויס־געשיקט.

אויפן וועג אהיים האָט ער געהייסן דעם אויטאָ אָפּשטעלן נעבן א בלומען־געשעפט. אָבער אין מאָמענט, ווען ער האָט אָנגערירט די קליאמקע פון געוועלב, האָט ער א שאָקל געטון מיטן קאָפּ מיט שרעק: „דאָס דארפט בשום אופן נישט געשען" און ער האָט זיך ארייַנגעזעצט אין דער קארעטע.

# XXII

— איך וואָלט געוואָלט הייגט אינאָוונט רעדן מיט דיר א פירטל שעה, — האָט מאַרלענע געזאָגט צום פאָטער, — ווע־ סטו מיר שענקן אזא שטיקל צייט ? ביזטו נישט פארמאטערט?

לוידין האָט מארלענען ארומגענומען און זי אריינגעפירט אין דער ביבליאָטעק. רעלי האָט זיי נאָכגעקוקט א בייגעריקע, האָט געקרומט מיט דער נאָז און אין א קינסטלעכער הארצי־ קייט, וואָס איז געווען דעמאָנסטראַטיוו, הגם זי האָט נישט גע־ געבן צו דערקענען דעם ציל, האָט זי זיך צוגעטוליעט צו דער מוטער.

מאַרלענע האָט זיך קוד־מכל מתנצל געווען, וואָס זי האָט זיך דערוועגט דעם פאָטער צו שטערן די אָוונט־רו (דאָסדאָזיקע וואָרט האָט זי ארויסגערעדט מיט א לייכטער איראָניע), אָבער זי האָט נישט געוווסט, אין וואָס פאר אן אנדערע צייט מיט אים זיך אדורכשמועסן און דער ענין. מכּח וועלכן זי וויל הערן זיין מיינונג, איז זייער א וויכטיקער.

מיט דערזעלבער העפלעכקייט, צוגעמישט מיט א לייכטער איראָניע, וואָס האָט נענטער געמאכט פאָטער און טאָכטער, האָט לוידין געזאָגט, אז ער שטייט צו איר דינסט און געפרעגט, וועגן וואָס עס גייט.

נאָכמאכנדיק די פרייהייט פון אַ דערוואַקסענער דאמע, האָט מארלענע פאַרלייגט א פוס אויף אַ פוס, הגם זי האָט ווייט נישט אויסגעזען קיין דערוואקסענע דאמע, האלטנדיק אין יע־ דער האנט אירע לאנגע לאָקן.

— איז דעם פּאָטער באַקאַנט, אַז אין דער שול איז געשען אַ פאַל פון זעלבסטמאָרד ? — האָט זי אָנגעהויבן דעם שמועס. לוידין האָט נישט געהערט דערוועגן. מאַרלענע האָט דערציילט, אַז איינע פון אירע קאָלעזשאַנקעס, מאַריע פעלנער, האָט זיך מיט דריי טעג צוריק פאַרסמט מיט ווערנאָל, וואָס זי האָט ערגעץ-ווו געקריגן. נעכטן איז זי געשטאָרבן אין אַ סאַנאַטאָריע. געוויס האָט דידאָזיקע פּאַסירונג און דער זעלבסטמאָרד פון מיקאָלאַי פּרוינדאָרפער דערוועקט שטאַרקע וכּוחים, על פּי רוב נאַרישע און פלאַכע פּלוידערייען. אָבער אַמשטאַרקסטן האָט די מיידלעך איבערגענומען די כּלומרשטע גרונדלאָזיקייט פון ביידע זעלבסטמאָרדן. מאַריע איז געווען אַ קינד פון רייכע עלטערן, זי האָט זיך אין דער היים גוט געפילט און זי האָט קיינמאָל נישט אַרויסגעוויזן קיין טרויער און אומווילן צום לעבן. זי האָט געהאַט צווישן די שילערינס אַ פריינדין, אַ געוויסע בערג, מיטן פאָרנאָמען אויך מאַריע, און אָט דערדאָזיקער מאַריע האָט זי נאָכדעם, ווי זי איז באַגאַנגען זעלבסטמאָרד, געבעטן צו קומען. מאַריע בערג איז געווען דערביי, ווען די צווייטע מאַריע, אַ שטערבלעך-קראַנקע, האָט געזאָגט צו די עלטערן, וואָס האָבן געוויינט נעבן איר בעט: איך האָב מער נישט געקענט לעבן, ווייל איך האָב צופיל מורא געהאַט פאַרן לעבן; איר האָט מיר קיינמאָל נישט דערציילט, וואָס אַזוינס דאָס לעבן איז; איר האָט אַלץ פאַרשוויגן פאַר מיר און אַלץ פאַרשענערט אַרום מיר; אָבער איך האָב זיך דערוויסט פון ציימונגען, וואָס פאַר אַ שרעקלעכע זאַכן עס געשעען אויף דער וועלט, ווי גרויזאַם מענטשן זענען צווישן זיך, און אַ סך, אַ סך אַנדערע זאַכן, וואָס איך האָב נישט פאַרשטאַנען, אָבער וואָס האָבן מיר אַזוי ווי־געטון, אַז איך האָב נישט געקענט שלאָפן, ווען איך האָב זיך עס דערוווּסט. אַזוי ווי מיין פּחד האָט זיך כּסדר פאַרגרעסערט, האָב איך באַשלאָסן צו שטאַרבן.

— אַזוי האָט מאַריע בערג ווערטלעך געזאָגט, — האָט מאַרלענע געזאָגט, קוקנדיק דעם פּאָטער גלייך אין פּנים אַריין.

— דידאָזיקע מאריע איז, ווייזט אויס, געווען אן אומגליקלעך באַשעפעניש, — האָט לוידין געזאָגט, — אָבער זי איז אויך קראנק געווען. געזונטע באטורן פארטיידיקן זיך געגן דער וועלט, ווי באפאלענע חיות ; זיי געפינען אפילו אַן הנאָה אין קאמף מיטן עלנט און מיט פארפאָלגונגען. דידאָזיקע שוואכקייט, אָבער, אויב דו ווילסט, עמפינדלעכקייט, וואָס האָט ארויסגעוויזן דאָס יונגע מיידל, איז אין אונזערע צייטן אזא אָפטע דערשיינונג, ווי שכרות און משוגעת, ווי ברוטאליטעט און תאווה פון בלוט, אָדער אזוי ווי מען סאדירט מער פון מוטיקע מענטשן, אזוי דארפט מען זיין מוטיק און שטארק. טראכסטו נישט אזוי ?

— אמת, — האָט מארלענע געענטפערט מיט אן אויפגעהויבענעם קאָפּ, — מען פאָדערט מער פון מוטיקע, בראווע מענטשן ; אָבער ווי אזוי באפרידיקן זיי זייערע פארלאנגען ? מיט וואָס ? ווי נאָך האלטן זיי זיך שטארק ? ווו זענען זיי דרייסט ? איך וואָלט געוואָלט, דו זאָלסט זיי מיר ווייזן, דו זאָלסט אויסרעכענען זייערע נעמען. דו, פאָטער, ביזטו אזעלכער. איך ווייס, אז דו ביזט דרייסט, שטארק און מוטיק. דעריבער בין איך געקומען צו דיר. אָבער ביזטו דען איבערצייגט, אז דערמיט טוסטו עפּעס אויף ? איך מיין, צי דו טוסט עפּעס אויף פארן כלל. איך מיין, צי דו האָסט דאָס געפיל, אז דו טוסט עפּעס אויף דערמיט, וואָס דו ביזט אזוי ווי דו ביזט ?

— א שווערע פראגע, קינד, — האָט לוידין געענטפערט, צוגעדריקט פון דער טאָכטערס אומברחמנותדיקער לאָגיק און צוריקציענדיק פאר איר אין דער נשמה, ווי פאר א פּלאַם, — יעדער פון אונדז, פאכמענער, פאָרט אויף רעלסן, וואָס טאָר נישט פארלאָזן מיטן אייגענעם ווילן, צו אַ ציל, וואָס מען טאָר אליין נישט באשטימען. דו באַרירסט די ווייטיקלעכע פראגע פון אונדזער געזעלשאפטלעכער אָרדנונג. מיר ווילן, אָבער דער ווילן האָט א פּנים פון חוזק. מיר וואָלטן דארפן, אָבער אָט דער באדארף איז א צוואנג. זייער ווייניק דערגרייכן די הויכקייט,

ווי זייער ווילן און שליחות פאַרייניקן זיך, און דער צוואַנג איז דער צוואַנג פון אַ העכערן און נישט פון אַ קנעכט.

— איך פאַרשטיי, פּאַטער, וואָס דו זאָגסט. איך פאַרשטיי עס זייער גוט, — האָט מאַרלענע געענטפערט אַ דערפרייטע פון דעם לעבעדיקן אָפּקלאַנג פון אירע ווערטער, וועלכע זי האָט זיך, אפשר נישט גערעכט צו געפינען; — מען קען דאָך נישט אַלץ לאָזן אויף זייער אייגענעם באַראָט, נישט יעדער איז צופרידן אויף זיינע רעלסן, אַמוויניקסטנס איז ער נישט אייביק צופרידן. אין קעגנפאַל וועט זיין וואָס אַמאָל ערגער און יונגע מענטשן, וואָס קענען נאָך ווייניק דאָס פּראַקטישע לעבן, וועלן צווייפלען אין עלטערע מענטשן, וואָס פירן אָן מיטן פּראַקטישן לעבן. צווייפל און אומצוטרוי ברענגען צו גאָרנישט. זיי זענען שלעכטע, נעגאַטיווע אייגנשאַפטן. דעריבער האָב איך געטראַכט...

זי איז רויט געוואָרן און געשוויגן.

— נו, וואָס האָסטו געטראַכט, מאַרלענע? — האָט איר לוידין גוטוויליק געגעבן מוט צו רעדן, צובויגנדיק זיך צו איר.

דאָס איז שווער געווען צו פאָרמולירן. איר מויל האָט זיך געעפנט און זיך פאַרמאַכט. אירע לאָקן האָבן זיך געקרייצט אויף דער ברוסט, און אין דער מאָס, ווי אַ זאַץ האָט זיך אוועקגעשטעלט צו אַ זאַץ, האָט איר איינציקוויז אַדורכגעבליצט אין מוח אַ תוהו־ובוהודיקער געדאַנק.

זי ווייס, אַז דאָס, וואָס זי זאָגט, איז נישט קריסטאַליזירט, און האָט באַכנישט קיין שטענדיקע גרענעצן. זי פּאָרט אין דער בלינד און זוכט אַ שטענדיקע אָרדנונג. זי איז ביי דער מיינונג, אַז דאָס גאַנצע דערציונגס־סיסטעם, צו וועלכן זי מוז זיך צופּאַסן, איז נישט קיין פּרוכטבאַרער. זי גלויבט נישט אין דער שול, זי גלויבט נישט אין לערער. זי מיינט, אַז ווען זי וואָלט צווישן דידאַקטיקע אַלע לערער און לערערינס געפינען כאָטש איין אינדיווידועום, וואָלט זי געקריגן גלויבן. אָבער דאָס פעלט. מעגלעך, אַז דעריבער פעלט איר דאָס געפיל פון זיין באַפרידיקט. עס איז אין איר עפּעס אַ פּוסטקייט, דידאַקטיקע

פוסטקייט מאַכט זי אומגעדולדיק. זי האָט דעם איינדרוק, ווי עמיצער וואָלט איר פאַר דער נאָז פאַרהאַקט די טיר, דורך וועלבער זי מוז אומבאַדינקט אַדורכגיין. אָבער ווי אַזוי? ווער וועט זי עפנען? ווער האָט דעם שליסל? דער פאָטער באַהערשט אַזאַ ריזיקע לעבנס-תקופה; זי האָט געקלערט, אַז ער קען איר קומען צו הילף. אפשר דאַרפט זי זיך פאַרנעמען מיט קליינע אַרבעטן, ווי למשל, וואַשן די פענצטער, נייען, טוען הויז-אַרבעטן? אפשר דאַרפט זי גיין אין אַ פאַבריק און פאַרדינען אויף ברויט? דאָס, וואָס זי טוט איצט, איז אַזוי מאָדנע ראָז, אַזוי מאָדנע וואַסערדיק. זי באַהאַלט נישט פאַר זיך, אַז דער געדאַנק וועגן אַ פאַבריק איז אַ ביסל אַ פאַנטאַסטישער און עס זענען דאָ טויזנטער סיבות, וואָס זאָלן זי אָפּהאַלטן דערפון. דאָס זאָל אָבער בלויז זיין אַ ביישפיל. יעדנפאַלס האָט זי נישט קיין מורא. זי איז נישט מאַריע פעלנער. זי האָפט אַמאָל צו זיין אַ ווייב, אַ מוטער, זי מוז דערקענען די פאַראַנטוואָרטלעכקייט, וואָס זי האָט צו נעמען אויף זיך; דערויף וועט קיינמאָל נישט זיין צו פרי. מיט דעם גרעסטן טייל פון אירע חברטעס זעט די זאַך נישט אויס אַנדערש. זיי ווילן עפעס נייעס, עפעס גרונטלעך—נייעס. זיי ווילן פאַר יעדן פרייז מאַכן די וועלט גליקלעכער און שענער. אמווייניקסטנס ווילן עס די, וואָס טראַכטן און האָבן אַ האַרץ! ווייסט נישט דער פאָטער דערוועגן? גלויבט ער נישט זעהן? עס וואָלט זיך גע-לויבט, אַז ער זאָל איינמאָל הערן, ווי זיי שמועסן וועגן דער פאַמיליע, ברידער, שוועסטער, וועגן רעליגיע און וויסנשאַפט, וועגן מלוכה און פּאָליטיק. ווי זיי טיילן אויס אַלע ליגנס, אַלע פאַרעלטערטע געזעצן און אַלע סתירות צווישן דעם, וואָס מען לערנט, און דעם, וואָס מען טוט. דער פאָטער וואָלט אפשר גע-לאַכט, אָבער ווען ער וואָלט אַ טראַכט געטון, וואָלט ער זיך איבערצייגט, אַז דאָס איז נישט קיין שפּאַס. אדרבא, אמאָל דאַכט זיך איר, אַז זי און אירע אידייען-חברטעס זענען אַ פיינטלעכער באַרגיזאָן אין דער וועלט פון די עלטערע מענטשן און זיי האָבן אין פאַרשידענע געהיימע ערטער באַהאַלטן לאַגערן געווער. עס

טוט איר נישט קיין הנאה אַרומצוגיין אין דער היים פֿאַרן פֿאָטער און מוטער ווי אַ זעלנער פֿון אַ פֿרעמד לאַנד; עס טוט איר נישט קײַן הנאה צו זען, אָדער צו פֿילן, אַז פֿאָטער און מוטער לעבן צוזאַמען און האָבן זיך ליב און דאָך זענען זיי אין דער ווירק־לעכקייט נישט צוזאַמען (דאָ זענען טרערן געקומען אין אירע אויגן); זי האַסט דאָס סודותדיקע; זי האָט ליב אָפֿנקייט, ליכט, נאָר נישט קיין סודות, יעדער סוד איז ווי אַ באַהעלטעניש, ווו עס טשאַטעוועט אַ מערדער.

לוידין איז געווען שטאַרק צערודערט. זיין פּנים איז בלייך געוואָרן. ווען דאָס שיינע בילד אויף דער וואַנט, אויף וועלכן ער קוקט יעדן טאָג מיט פֿאַרגעניגן, וואָלט פּלוצלונג אַרויסגע־גאַנגען פֿון די ראַמען און אָנגעהויבן צו רעדן אויסטערלישע ווערטער, אַריינדרינגנדיק דרייסט אין דעם גוט־אָפּגעהיטענעם בין־השמשות פֿון אונדזער עקזיסטענץ, וואָלט מען נישט געקענט צערודערט ווערן, ווי ער. ער האָט זיך קודם־כּל געמוזט צו־זאַמענגעמען, כּדי צו געבן אַ תּשובה. אָבער וואָס האָט ער גע־קענט ענטפֿערן, עס זאָל נישט זיין אָן אויסרייד, אַ פֿאַרדאַגהטקייט און אַ פּרווו צו געווינען צייט. ער אַליין האָט געשאַפֿן אַן אַקסיאָ־מאַט פֿון פֿינף־זעקסהונדערט ווערטער, מיט וועלכע עס באַנוצט זיך אַ מיטעלער בירגער אין אַלע לעבנס־סיטואַציעס; איצט האָט ער געקענט אויסקלויבן צווישן זיי און איבערצייגן זיך, צי ער וועט געפֿינען פֿאַר זיך אַ האָר מער. ער האָט געמוזט מודה זיין, אַז עס איז אַן ערנסטער מאָמענט, אויג אויף אויג מיט דער טאָכטער, וואָס האָט דערלויבט אַריינצוקוקן אינם פֿייערדיקן קנויל פֿון איר נשמה און איז געקומען צו אים אַלס שליח פֿון „פֿיינטלעכן גאַר־ניזאָן", ווי זי האָט זיך אויסגעדרוקט.

הגם ער האָט געקענט אויסמיידן אָפּגענוצטע סכעמען פֿון ווערטער־בוך און זיך געהיטן צו רעדן וועגן אומרייפֿקייט, שטותערײַ, מאַנגל אין דערפֿאַרונג, וועגן נויטיקייט זיך אויפֿצופֿירן ווי מען דאַרף, און ענלעכעס, איז דער זין סוף כּל סוף געווען דערזעלבער. מען האָט נישט געקענט דערגרייכן דעם געווינטשטן רעזולטאַט און

לוידין האָט עס געזען מיט אַן אומברחמנותדיקער קלאָרקייט. נאָך שווערער איז געווען צו ענטפערן אויף דער קריטיק פון פאַמיליען־לעבן און מיט געהעריקע ארגומענטן אויסצוראָטן דאָס, וואָס איז געווען אין איר אַ קינדערישער איינפאַל און איבעראַשנד מיט דעם שאַרפן פרויען־אינסטינקט. אָנגעמענדיק אַ האַלטונג פון גוט־האַרציקער גלייכקייט האָט ער געזאָגט, אַז דאָ גייט דער מין אַרויס פון מאַרלענעס קאָמפעטענץ; צו איידל ברעכט זיך דאָס ליכט אין דעמדאָזיקן שפּיגל, כּדי בלויז אַן איינאונאיינציקער ווילדער אויס־דרוק פון ערלעכקייט זאָל עס קענען אויפכאַפּן. יעדער טייך האָט זיינע טיפענישן און אָפּגרונטן, און בלויז אַ פישער, וואָס האָט זיך זיבט יאָרן איינגעליבּט מיטן וואַסער, קען אים דורכשווימען, און נישט אַ יונגער אַמאַטאָר, וואָס וויל בלויז כאַפּן און עסן פיש. די קאָמפּעטענצן מוזן אָפּגעהיטן ווערן. אָן באַוואָרענישן אנערקענט ער די רעכט, וואָס קומען מאַרלענען צוליב איר יוגנט אָבער איך מוז בעטן אָפּצולייגן דיין הייסע לעבנס־דורשטיקייט, אָפּלייגן אויף אַ קליינע צייט, עס וועט זיין פאַר דיין טובה וועגן. אַזוי איז גאָרנישט וואָס צו זאָגן וועגן דער באַרירטער פראַגע מכּח דעם לעבן פון די עלטרן.

די פאַרוויקלטע רעדע פון אדוואָקאט, וואָס איז געווען גע־האַלטן אין אַן איראַנישן טאָן, האָט פון איין זייט שטאַרק אַנטוישט מאַרלענען, וואָס איז געווען צו דערקענען אויף איר, און פון דער צווייטער זייט איז זי פאַר מאַרלענען געווען אַ באַווייז, אַז זי האָט זיך צו ווייט געלאָזט מיטרייסן דורך לעבנס־דורשטקייט. עס האָט זיך איר אויסגעדאכט, אַז זי איז דערפאַר באַשטראָפט געוואָרן און זי האָט פאַרשעמט אראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ. מען קען נישט אָפּנעמען דאָס, וואָס מען האָט ערנסט געגעבן; דאָס אַרויסגערעדטע וואָרט איז נישט אָפּצורופן. אפשר וועט אַן איינגעגעבענער אָנ־שטעל פאַריכטן דעם שאָדן; זי האָט זיך אָנגערופן, אַז זי וועט דאַרטן און וועט גאָרנישט טון אָן דער עצה און ווילן פון פאָטער; כמעט מיט אַ קעצישער חניפה האָט זי אַנידערגעקניט פאַר אים און געקוקט אויף אים מיט אַ שמייכל, פאַרשטעלנדיק

איצט מיט זיך אַ מוסטער פון אַ געהאָרכזאַמע טאָכטער. דער שמועס האָט זיך געענדיקט אַזוי ווי ער האָט זיך אָנגעהויבן העפלעך און מיט אַ כלומרשטן שלום. אָבער טיפער געגומען די זאַך, האָט יעדערן אויפן וועג די זאַך געלויערט אַ תהום.

— גוטע נאַכט, פאָטער, — האָט מאַרלענע געזאָגט, לייכט געקושט זיין שטערן און אַרויס. אין אויבערשטן צימער האָט אויף איר געוואַרט רעלי. רעלי האָט אינגאַנצן געציטערט פון אומרויקן נייגער, פונקט ווי מאַרלענע וואָלט געמאַכט אַן אַטענטאַט אויפן פאָטער, וואָס זי, רעלי, די הויז-פּאָליציי, דאַרף פאַרהיטן. אָבער אזוי ווי מארלענע האָט געשוויגן האָט נישט ארויסגעוויזן קיין חשק צו דערציילן, האָט רעלי זי געגומען מאַטערן, זי זאָל רעדן. זי האָט געמיינט, אז אויב זי וועט אָנהויבן זינגען, וועט זי די שוועסטער צערייצן און צווינגען צו רעדן. זי האָט טאקע אזוי געטון.

אָבער דאָס האָט נישט געהאָלפן און זי האָט בייז באַמערקט:

— די מוטער פינסטערהאַרהאָרן סטראשעט היינט שוין ווידער.

די פרוי האָט זיך געמאַכט א מאָדנע געוווינהייט ארומצוקריכן, בעת מען האָט זיך געלייגט שלאָפן, אין די קאָרידאָרן אויפן ערשטן שטאָק און דערביי האָט זי געהאט אַ מינע אויפן פנים, ווי זי וואָלט געזוכט עפּעס אַ פארלוירענע זאַך. אַז מען האָט זי געפרעגט, האָט זי נישט געענטפערט, האָט זיך אַרומגעקוקט אין אַלע ווינקלען, געשעפּטשעט עפּעס אומפארשטענדלעכע ווערטער און שאָקלנדיק מיטן קאָפּ איז זי צוריקגעקומען אין שטארק איינגעהייצטן צימער. דאָס האָט די שוועסטערן באַאומרויקט. מארלענע האָט א ביסל אויפגעעפנט די טיר און זיך איינגעהערט, אָבער די מוטער פינסטערהאַרהאָרן איז נעלם געוואָרן. דאָס קארליקל אויסטיטי האָט געשריגן און מען האָט געהערט, ווי די אַם קריגט זיך מיט אים.

לוידין איז נאָך לאנג געזעסן אַזוי, ווי מארלענע האָט אים

איבערגעלאָזט, מיטן קאָפּ אָנגעשפּאַרט אויף די האַנט. בעת ער האָט זיך אויפגעשטעלט, איז שוין געווען שפּעט. זיין פאַר־וואָלקנטער שטערן האָט זיך איינציקווייז אויסגעגלייכט. אדורכ־גייענדיק זיך עטלעכע מאָל הין־און־צוריק, איז ער צוגעגאַנגען צום שרייב־טיש, ארויסגענומען א מעסערל, א שערל, בריוו־פּאַפּיר און אן אש־בעכער, דערנאָך האָט ער ארויסגענומען א שקעטעלע פון העלפנביין, ארויסגעשיט דערפון מארקעס און נעמענדיק די בליי־פּען אין דער האַנט אריין, האָט ער פארצייכנט אויפן קאלענדער, וויפיל מארקעס האָבן זיך געפינען אינם העלפנ־ביינערנעם שקעטעלע.

## XXIII.

קאָנסטאַנציע אַלטאַכער איז געקומען אליין, כּדי איבערצוגעבן לוידינען די צוגעזאָגטע רעלאַציעס. זי האָט קלאָר געשילדערט די לאגע, די טראַגישע פּויזע, וואָס זי האָט איצט אָנגענומען, האָט דעם אַדוואָקאַט פּאַרפּליכטעט אַרויסצווייזן מיטגעפיל. דאָס איז געווען אַ צערעמאָניאַל, וואָס מען האָט געדאַרפט אָפּהיטן. אַ סך פרויען וועלן זיך ענדער אָפּזאָגן פון נוצלעכע זאַכן, ווי צערעמאָניעס.

קאָנסטאַנציע אַלטאַכער האָט געהאַט אַ געשיקטע פיגור, אַ קעציש פּנים, ברייטע, שוואַרצע אויגן, געדיכטע שוואַרצע האָר, אַ פאַרריסענע נאָז; בכלל איז זי נישט געווען קיין מיאוסע. זי האָט געהאַט אַ טיף און ווייך קול, וואָס האָבן אמאָל גאָרנישט-זאָגנדיקע זאַכן צוגעגעבן אַ באַדייטונג. דאָס האָט געלאַנגווייליקט דעם צוהערער. זי האָט זיך איינגעקוקט אין דעם, צו וועלכן זי האָט גערעדט, אַזוי שטאַרק, ווי זי וואָלט אים געוואָלט צונעג-לען מיט די אויגן. עס איז נישט אַנגענעם געווען. מיט איר אויפפירונג האָט זי שטום און אומאויפהערלעך אקצענטירט איר שווערן גורל. דאָס האָט אַרויסגערופן אַ געוויסע אנטיפּאַטיע.

די צוגעזאָגטע רעלאַציעס זענען געווען גאַנץ געשיקט אָנ-געשריבן און אנטהאַלטן אָט וואָס:

מיין חתונה מיט עדמונד אַלטאַכער איז געשלאָסן געוואָרן אונטער אַ גוטן צייכן. עדמונד איז שוין דעמאָלט געווען פאַר-מעגלעך און האָט פאַרנומען אַן ערנסטע שטעלונג אין דער אינ-דוסטרי; איך שטאַם פון אַ גוט הויז, האָב געקריגן אַ באַדייטנדן נדן און בין נישט געווען קיין מיאוסע. איך האָב אויך געקריגן

גוטע בילדונג, האָב באַזיצט עטלעכע שפּראַכן און עטלעכע סע־
מעסטערן האָב איך באַזוכט דעם פילאָזאָפישן סעמינאַר.

מיר האָבן זיך גאַנץ אַנשטענדיק איינגעאָרדנט, האָבן אָפט
אויפגענומען געסט און געקומען אין געזעלשאַפט. איך קען זאָגן,
אז אין די ערשטע יאָרן פון אונדזער צוזאַמענלעבן האָט קיין
שום זאַך נישט געשטערט די האַרמאָניע און מיר זענען געווען
שטענדיק גוטע פריינט.

אויף וויפיל איך געדענק, איז דער ערשטער פאַל פון
שטערן דעם שלום־בית געשען דעמאָלט, בעת די קינדער האָבן
אָנגעהויבן גיין אין דער שול. אונדזערע טעכטער זענען גע־
בוירן געוואָרן איין יאָר נאָכן אנדערן; זייער אנטוויקלונג איז
פאָרגעקומען כמעט בשותפותדיק. איך האָב צוליב פאַרשידענע
סיבות, געוואָלט, אז די קינדער זאָלן זיך לערנען אין דער היים.
קודם־כל האָב איך מורא געהאט פאר אנשטעקנדע קראנקהייטן.
איך האָב גישט געוואָלט, אז די קינדער, וואָס איך האָב דער־
צויגן מיט אזויפיל זאָרג און צערטלעכקייט, זאָלן שטיין פאַר
אזא געפאַר. איך חאָב עס געקענט אויסמיידן און איך האָב עס
געדאַרפט אויסמיידן. א חוץ דעם האָב איך, צוליב מאָראַלישע
סיבות, נישט געוואָלט אָפּגעבן מיינע קינדער אין דער שול, נישט
ווילנדיק זיי לאָזן אַרונטערפאלן אונטערן איינפלוס פון דער
שול. די רוט און די פעדאַנטישע דיסציפּלין האָט מיך דער־
שראָקן. איך פארמאָג אין מיין געמיט אַ נייגונג צו א געוויסן
אַריסטאָקראַטיזם. דאָס מאַסנהאַפטע שפּייזן דעם גייסט האָט מיך
שטענדיק געעקלט. אפשר האָב איך אַביסל מגזם געווען די
פעיקייטן פון מיינע טעכטער. מען האָט מיר אָבער געקענט
מוחל זיין, וואָס איך האָב נישט געוואָלט לאָזן מיינע קינדער
גיין אין די קאַזאַרמעס, ווו יעדע אינדיווידועלע אויסבילדונג
ווערט לכתחלה דערשטיקט.

עדמונד איז נישט מסכים געווען מיט מיר. קודם־כל האָט
ער נישט געגלויבט, אַז די מיידלעך זענען עפּעס באַזונדערע
קינדער. איך האָב אים דאָס געמוזט מוחל זיין. וואָס ווייסן די

טאַטעס ווענן זייערע קינדער? אָבער ער האָט אויך געלייקנט, אַז זיי אונטערשיידן זיך פון די קינדער פון אַנדערע עלטערן. איך וואָלט געקענט ברענגען אַ סך באַווייזן פון אויטאָריטעטע מענטשן, אַז אַזוי איז געווען. אַלס פרוי און מוטער האָב איך שאַרפער געזען און דערצו בין איך געווען נענטער צו די קינדער, ווי ער. די באַשעפטיקונג און די זאָרגן פון טאָג=טעגלעכן לעבן האָבן אים דאָך נישט דערלויבט זיך צו פאַרנעמען מיט די קינדער. דאָס איז געווען אַן אייביק שפּיל. דער פאַרהייראַטער מאַן וויל האָבן וואָס ווייניקער זאָרגן פון זיינע קינדער; אויב די וועלט פאַרשאַפט אים עפּעס אַ דאגה זעט ער באַלד אין שווארצע קאָלירן דאָס גאַנצע הויז. ווו די מיידלעך האָבן זיך נאָר נישט באַוויזן, האָבן זיי שטענדיק ארויסגערופן באַוווּנדערונג מיט זייער מוזיקאַלישן טאַלאַנט, מיט זייער הייטערקייט און מונטערער פריילעכקייט. אָבער עדמונד האָט די ליב=ווערטער אָנגענומען פאַר חניפה, און מיין באגרינדעטן שטאָלץ פאַר פאַרבלענדונג. איך האָב געהאַט באַשטימטע פּעדאַגאָגישע צילן; מיינע פריינט האָבן זיי געלויבט; מענטשן, וואָס האָבן זיך געקענט אויף אַזעלכע זאכן, האָבן געהאָרכט מיין עצה און פעסטגעשטעלט, אַז איך האָב אומגעוויינלעכע אידעען. בלויז פון עדמונדן האָב איך זיך נישט געקענט דערוואַרטן קיין אַנערקענונג. פאַר אים איז עס געווען נישט מער, ווי מאָדנע גענג און איינבילדונג. דאָס האָט מיך פּשוט פאַרביטערט.

איינציקווייז איז געקומען דערצו, אַז ער האָט זיך מיר אַנטקעגנגעשטעלט אין אַלעם, האָט אויף אַלץ גערעדט און זיך באַמיט אין יעדן פּרט צו באַגרענעצן די פרייהייט פון מיינע מעשים. נישט בלויז בנוגע די קינדער האָט ער מיר געשטערט — אין אַלעם, איבערחזר איך. פון די מענטשן, מיט וועלכע איך בין געקומען אין באַציונגען, האָט ער נישט געהאַלטן; צו מיין באַלעבאַטישקייט האָט ער נישט געהאַט קיין צוטרויען. פון דער דינערשאַפט, וואָס איך האָב אויסגעקליבן, איז ער נישט געווען צופרידן; די ביכער, וואָס איך האָב געלייענט, האָבן אים דער=

צערנט; די קליינע אַרבעטן אויפן געביט פון קונסט-געשיכטע, וואָס איך האָב געשריבן אין פרייע מינוטן, און אויך וועלכע מיינע פריינט האָבן געגעבן די פולע אַנערקענונג, זענען אין זיינע אויגן געווען נישט מער, ווי דילעטאַנטישע פּרוּוון. דער גרונט-שטריך פון מיין כאַראַקטער איז ענטוזיאַזם פאַר שיינקייט און גרויסקייט אויף דער וועלט; אין דעם פּרט האָב איך זיך נישט געענדערט פון די מיידלשע יאָרן אָן און די־דאָזיקע טבע האָט מיר שוין נישט איינמאָל אַרויסגעהאָלפן בעת אַ צרה. פאַרוואָס האָט עדמונד זיך באַמיט צו דערנידעריקן די־דאָזיקע טבע, אויב דאָס איז געווען א נישט-שעדלעכע טבע? און דערנידעריקן פלעגט ער נישט בלויז אין מיינע אויגן, נאָר אויך אין די אויגן פון אַנדערע.

פאַרוואָס, האָב איך זיך געפרעגט אַ פאַרזאָרגטע, פעלט דאָ גערעכטיקייט? פאַרוואָס באַרירט ער דאָס פרייע געביט פון מיין טעטיקייט, ווי אַן אויפרייס-שטאָף, וואָס זאַמלט זיך איינציקווייז צענויף און פאַרניכט אַלץ אַרום זיך? איך האָב נאָך דעמאָלט נישט געצווייפלט אין זיין ליבע, וואָס האָט שפּעטער געמוזט געשעען. איך האָב אים כּסדר מוחל געווען זיינע קאַפּריזן און פעלערן און איך קען דרייסט זאָגן, אַז עס איז נישטאָ נאָך אַזאַ צווייטע פרוי, וואָס איז אַזוי געדולדיק און הכנעהדיק צום מאַן, ווי איך. הכנעה אין אַלע פאַלן פון לעבן, פון די גרעסטע ביז די קלענסטע זאַכן. און דאָס געפיל צו אים איז נאָך אַלעם, וואָס איז געשעען, ביז היינט נאָך נישט אויסגעוואָרצלט געוואָרן. ער און די קינדער — א חוץ דעם האָב איך גאָרנישט געוווסט, גאָרנישט געקענט אויף גאָטס וועלט; זיינע באַקוועמלעכקייטן, זיין גוטס, דערפאָלג, גליק — בלויז דערמיט האָט זיך פאַרנומען מיין מוח.

און ווי אַזוי איז ער מיר דאַנקבאַר געווען? פון מיינע ליבעס-באַווייזן האָט ער געזויגן סם, סם פון אומצופרידנקייט, אומווילן און איינזאַמקייט. פאַר יעדן דורכפאַל, וואָס ער האָט געהאַט ביי מענטשן, האָט ער מיך געהייסן באַצאָלן, סיי ווען עס

האָט זיך דאָ געהאַנדלט וועגן עפּנטלעכע ענינים און סיי וועגן דער אומפּעיקייט פון זיינע געהילפן און באַאַמטע; מיט דער צייט האָט ער שוין אינגאַנצן נישט געקוקט אויף קיינעמען און ער האָט אויפגעהערט צו זען די פאַרוווּנדערטע און טרויעריקע אויגן פון די קינדער. ער האָט אין זייערע נשמות אַרייגגעשלאָגן עפּעס אַ דאָרן. האָט ער געוווּסט דערפון? האָט ער געטראַכט, אַז ער האָט צוגענומען די פאַרבן פון זייערע לעבן און געשענדעט אין זיי זייַן אייגן בילד?

ער האָט אָנגעהויבן אויסצומיידן דאָס הויז. אונדזער געמיינזאַמע נעסט איז געוואָרן פאַר אים אַן אכסניא, וווּ מען נעכטיקט. ער האָט געגעסן אין קלוב, אָדער ביי פריינט, ביי כּלומרשטע פריינט. פאַר די ערגסטע מענטשן האָט ער געהאַט צייט; פאַר אונדז האָט ער נישט געהאַט; ער האָט נישט געהאַט קיין מוט צו שיצן זיך קעגן די, וואָס האָבן זיך צוגעטשעפּעט צו אים; אָבער ווען די אייגענע קינדער האָבן אים געדאַרפט האָט ער עס נישט געפילט. ווי אַזוי האָט מען דאָס געקענט פאַרשטיין ביי אַזאַ רעכטדענקענדן און קלוגן מענטש, מיט אַזאַ קולטור פון געפיל און געדאַנק? איך האָב פאַרבראַכט אומצאָליקע שלאָפלאָזע נעכט און ביטערע מחשבות, צווישן טרערן, באַשלוסן און תפילות. בין איך געווען צו שוואַך צו האַלטן אים נעבן זיך? צו וואָס צילט ער? וואָס פאָדערט ער? וואָס איז די סיבה פון זיין דעגענעראַטקייט? אנדערש קען איך עס נישט אָנרופן. עס האָט זיך געדאַכט, ווי מיר וואָלטן אים פאַרלוירן. איך האָב אים געפרעגט. זייער אָפט האָב איך געפאָדערט אַ תשובה. ער האָט נישט געשוויגן. סיבות האָט ער געהאַט גענוג. אָבער ווי אַזוי האָבן מיך דידאָזיקע סיבות געקענט איבערצייגן? דאָס זענען געווען כּלומרשטע סיבות. ער האָט זיי אויסגעקלערט, כּדי זיך צו גערעכטפאַרטיקן. איך האָב אים דאָס פאָרגעוואָרפן. דעמאָלט האָט זיך דאָס געשפּרעך געוויינלעך פאַרענדיקט דערמיט, וואָס ער איז אַריין אין צימער און איך בין געוואָרן פאַרצווייפלט. אַזוי האָט מען לענגער נישט געקענט לעבן.

געוויס האָב איך שוין לאַנג געוווּסט, אַז ער געפינט זיך אונטער שלעכטע איינפלוסן. איך זאָג נישט, אַז די קאַנטשאַפט מיט ערנעפאָלדטן און מאַיא ערנעפאָלדט. און שפּעטער מיט לודוויגאַ דערקום, איז געווען די איינציקע סיבה פון מיין אומגליק. די קאַלטע באַציונגען צווישן מיר און עדמונדן האָבן זיך אָנגעהויבן נאָך פאַר דערדאָזיקער קאַנטשאַפט און נאָך מיט פיל יאָרן פריער, איידער אָט די מענטשן האָבן זיך געוויזן. אָבער זייט זיי האָבן זיך אַריינגעמישט אין זיין לעבן, איז עס אין יעדן פּרט ערגער געוואָרן. עס איז דעריבער מיר שווער נישט צוצושרייבן זיי די הויפּט-שולד אין אַזאַ גיכן חורבן פון אונדזער פאַמיליען-לעבן.

מיט נישט גאַנצע אַנדערהאַלבן יאָר צוריק האָט עדמונד צום ערשטן מאָל דערמאָנט דעם נאָמען ערנעפאָלדט. ער האָט אים שפּעטער אָפט געבּרענגט אין הויז, אָבער אַזוי ווי איך האָב נישט געקענט באַהאַלטן מיין שנאה צו דעמדאָזיקן מענטש און האָב אויך דערוואַרט עפּעס שלעכטס פון דער נייער פריינטשאַפט, האָבן זיי זיך געטראָפן אַנדערשוואו, ביי די ערנעפאָלדטן אַליין. עדמונד האָט באַקענט זיין שוועסטער מאַיא. וויפיל איך געדענק, האָט ערנעפאָלדט זיך באַגעגנט מיט מיין מאַן, אַ דאַנק איינעם פון מיינע קליענטן. איך ווייס נישט קיין סך וועגן זיין כאַראַקטער. איך ווייס בלויז, אַז זיין עקזיסטענץ איז אַ באַנקראָטירטע. זיין פאָטער האָט אויסגעוואַנדערט פון דער שווייץ און חתונה-געהאַט מיט אַן אָפּגעקומענער אדל-פרוי; ער האָט אין ערגעץ נישט געקענט געפינען קיין אָרט און, ווי זי האָט דערציילט, איז ער צום סוף געשטאָרבן אין אַמעריקע. ערנעפאָלדט האָט אַ פרוי מיט אַ קינד; ער לאָזט זיי אָבער ליידן נויט, בעת אַליין הוליעט ער אַרום; ער איז זיי אויך, ווי מען האָט מיר געזאָגט, פּטור געוואָרן; זיי וווינען אין עפּעס אַ לאָך אין צפון-דייטשלאַנד, וווּ די פרוי פאַרדינט אויף ברויט, טוענדיק די נידריקסטע אַרבעטן. בערנדט ערנעפאָלדט איז געווען אַ מלחמה-קאָ־רעספּאָנדענט, אַ בערזע-אַגענט, אַ פאָרשטייער פון אַ פירמע,

א פילם-רעזשיסער און ער וווינט איצט אין היצינג. אין א גע-
דינגענער ווילע, מיט דער מוטער, צוויי מומעס, א ברודער און
מיט דער שוועסטער מאיאַ.

דערדאָזיקער מאיאן איז אויסגעפאלן אויף א געמיינעם
אופן אריינצוקריגן זיך אינם לעבן פון מיין אומגליקלעכן מאַן;
צוערשט איר, דערנאָך דער אקטיאָרקע דערקום, אין וועמענס
הענט, ווי אין די הענט פון דעם בערנדט, איז ער אפשר גע-
ווען אַ בלינד ווערקצייג. נישט מיין שולד, אויב דאָס, וואָס איך
דערצייל, זעט אויס ווי אַ ראָמאַן פון קעבינס. יאָ, אזוי געשעט
עס, אַז פארוויקלטע לעבנס-פּאַסירונגען שטייגן איבער אלע איינ-
פאלן פון די ראָמאַנען-שרייבער. איך וועל זיך באמיען וואָס
קורצער און זאכלעכער פאָרצושטעלן די לאגע, ווייל דערקלערן,
ווי איינס קומט צום צווייטן איז נישט אזוי לייכט און אויב
מיין דערציילן רופט אַרויס ספקות, קען איך געבן באווייזן,
וואָס דער גרעסטער סקעפּטיקער קען נישט צונישט מאכן.

אויב ערנעפאָלדט האָט מיט זיין סימפּאַטיש פּנים און
פאָרנעמע מאניערן געקענט געווונען מיין מאַנס פריינטשאַפט,
קען מען זיך דערויף נישט וווּנדערן. דאָס געווונען מענטשן
איז דאָך כמעט דאָס האַטווערק פון דעמדאָזיקן האלבן אוואנ-
טוריסט, וואָס מיט זיינע פינף און דרייסיק יאָר זעט ער אויס,
ווי א יונגער אַטלעט. אַ חוץ דעם דארפט מען נעמען אין אכט,
אז ער האָט זיך באוויזן לעבן עדמונדס אין א מאָמענט,
ווען ער, אַ מענטש פון פינף און פינפציק יאָר, האָט זיך אַ
וואקל-געטון אין זיין גאנצער באציונג צו דער וועלט, סיי אין
זיין ביז-איצטיקן גלויבן און סיי אין זיין אַרבעט און ציִלן. ער
האָט קאָנוווּלסיוו געזוכט אַ נייעם גרונט, א נייעם אינהאלט. ליי-
דער האָב איך עס שוין לאנג געזען. איך בין געגן דעם גע-
ווען מאכטלאָז. מיין קול האָט שוין נישט דערגרייכט צו אים.

ערנעפאָלדט האָט זיך צווישן אַנדערן, וואַרשיינלעך אונ-
טערן איינפלוס פון זיין שוועסטער, פאַרנומען מיט אָקולטיזם
און מיט טעאָזאָפּיע, און אַזוי ווי ער איז לויט זיינע פעיקייטן

געווען אַ דילעטאַנט, האָט אויך דאָ געמוזט שטעקן אַ קנאַפּער ערנסט. ער האָט עדמונדן דערציילט וועגן אַ פּאַריין פון אַ גרויסע מענטשן, וואָס האָבן זיך באַפרייט פון דער ערדישער וועלט און פון וועלכע ער איז בלויז אַ שטומער שילער; ער האָט אים דערציילט וועגן זיין שוועסטער מאַיאַ, וועלכע ער האָט באַצייכנט אַלס אויפגעקלערטע אין די ענינים; זי האָט געהאַט זעאונגען און אַ מאַגישע קראַפט. דידאַזיקע „מעלות" האָבן געמאַכט, אַז שוין ביי דער ערשטער טרעפונג מיט איר איז עדמונדס גורל געווען אָפּגעשטעמפּלט. באַלד מיט דער ערשטער רגע האָט ער זי באַשאָנקען מיט אַן אומבאַגרענעצטן צוטרויען. זי איז געוואָרן זיין פּריוואַט־סעקרעטאַר; איר איינפלוס האָט זיך פאַרשפּרייט אויף אַלץ, וואָס ער האָט געטון און געטראַכט. עדמונד האָט זיך שוין דעמאָלט אָנגעהויבן צו באַקלאָגן; אַ שווערע האַרץ־קראַנקהייט, אויף וועלכער ערליידט איצט און וואָס האָט אים מיט צייוו, וואָכן צוריק געצווינגען אוועקצוגיין אין אַ סאַנאַטאָריום, האָט זיך אַנטפּלעקט אין ערשטן סטאַדיום. ווי איך האָב דערמאַנט, איז ער שוין נישט געווען זיכער אין זיך; איצט איז ער אַרייַנגעפאַלן אין אַ מאָדנעם, כמעט רעליגיעזן און געהיימניספולן אַרט לעבן; די סעקטע האָט אים געפאַנגען און צוגעצויגן און צווישן היפּנאָטיזירנדע שמועסן, צווישן נישטיקע לעקציעס און כאַאָטישע ביכער און צייטונגען האָט ער אין אַלעם פאַרגעסן און אַלץ פאַרנאַפּלעסיקט. מאַיאַ און אירע אַנהענגער האָבן אים נישט בלויז אָפּגעריסן פון ווייב און קינדער; די מיסטישע שאָפּקע, דער פרעכער שווינדל האָבן אים געבראַנגט צו דעם, אַז ער, פריער אַ זייער קלוגער און שפּאָרזאַמער, וואָס איז אין געלט־זאַכן געווען מער ווי אַ פּאָרזיכטיקער, נישט געקוקט אויף זיין רייכטום, האָט אָנגעהויבן צו פינאַנסירן ערנעפּאָלדטס געפערלעכע אונטערנעמונגען, האָט אים געגעבן צו זיין דיספּאָזיציע גרויסע סומען און אַ חוץ דעם אויסנעהאַלטן זיין משפחה. אַזוי ווייט וואָלט ער, לויט מיין טיפער איבערצייגונג, נישט געקומען, ווען נישט לודוויגא דערקום

און אָט זי **האַלט** איך דאָס פאַר **דעם** אמתן שטן **פון דידאָזיקע**
אַלע פאַרשווינען צוזאַמען מיט עדמונדן. מען קען לייכט חוזק-
מאַכן פון מיינע כּלומרשטע איינבילדונגען, וואָס עדמונד האָט טאַ-
קע אַ סך מאָל געטון, ווי מען האָט מיר דערציילט. זאָלן זיי
לאַכן; איך זע, וואָס איך זע און ווייס, וואָס איך ווייס.

אַז דערקום האָט אַ סקאַנדאַליעזע פאַרגאַנגענהייט, דאָס
וועט קיינער נישט לייקענען. איר נאָמען ווערט אַרומגעשלעפּט
אין אַלע צייטונגס-רינשטאָקן. אין בערלין שמועסט מען וועגן איר
די אומהיימלעכסטע זאַכן. דער אַקטיאָר אַרנאָלד קעלער, וואָס
האָט מיט איר חתונה-געהאַט, האָט דורך איר געזאָלט ווערן פול-
שטענדיק זעליש און גייסטיק רויִנירט; מען זאָגט, אַז זי האָט אים
איינגעשלאָסן אין אַ משוגעים-הויז, און דאָס זאָל זי טאַקע האָבן
געטון; ער איז איר פּשוט געוואָרן אומבאַקוועם, און כּדי פון
אים פּטור צו ווערן האָט זי אויף אַ שענדלעכן, ראַפינירטן אופן
אַרויסגעקריגן אַ צייגניש, אַז ער איז גייסטיק קראַנק. עס האָבן
זיך אָנגעהויבן צו הערן שטימען, מען זאָל אים אַרויסלאָזן פון משו-
געים-הויז, אָבער זי שטעלט זיך ענערגיש אַנטקעגן, טענהדיק,
אַז קעלער לויערט אויף איר לעבן. וואָס פאַר א מענטשן, וואָס
פאַר אַ וועלט; איך האָב קיינמאָל מיר נישט צוגעלאָזט, אַז אָט
דאָס וועלטל וועט דערגרייכן אַזש צו אונדז.

מען האָט מיר דערציילט, אַז ערנעפאָלדט האָט אַנטדעקט
די דערקום אַלס זעכצניעריק מיידל אויף אַ טשעכישער פּראָווינצ-
יאָנעלער בינע און ער איז אַזוי באַגייסטערט געוואָרן פון איר
געניאַלן טאַלאַנט, אַז ער האט זי געלאָזט אויסבילדן פאַר זיין
געלט. יעדנפאַלס האָט ער זי אַ סך יאָרן אונטערשטיצט און וואָס
שייך זייערע נאָנטע באַציִונגען קען נישט זיין קיין ספק. אָבער
בעת זיי האָבן מיט עטלעכע חדשים צוריק ליקווידירט זייער בער-
לינער וווינונג און זיך דאָ אַהער אַריבערגעצויגן, האָט זי עד-
מונד מיטגענומען צו זיינע עלטערן, ווו עדמונד האָט זי אַמאָל
געזען. איך זאָג „אַמאָל”, ווייל איך ווייס נישט, ווי אָפט. מען
האָט דאָ צו טון מיט אַ פרוי, וואָס דאַרפט נישט קיין סך צוגריי-

טונגען, כדי צו פאַרפּלאָנטערן יענעם אין אַ נעץ און פאַרזיכערן זיך דאָס געווינס. עס קלינגט אפשר אומבּרחמנותדיק און אומגע־רעכט; אָבער איך קען דאָ גאָרנישט העלפן. האָט מען דען נישט געהאַנדלט מיט מיר אומבּרחמנותדיק און אומגערעכט? די אויפ־רעגונג האָט פאַרבּרענט אין מיין נשמה אַלע מילדערע געפילן.

פונקט אַזוי ווי עס איז אָן גרענעצן געווען, אָדער איז נאָך מאַיאַס מאַכט איבּער מיין מאַן, ווייל זי דויערט נאָך אין דער איצטיקער רגע, בּעת איך שרייבּ, אַזוי איז אָן גרענעצן די מאַכט פון דער אַקטיאָרקע איבּער מאַיאַן. די לעצטע זעט אין לודוויגאַ דערקום פּשוט אַ העכער וועזן. זי פּירט אויס אָן ווידערשטאַנד אירע בּאַפעלן, האָרכט אירע פאַרבּאָרגנסטע אָנווייזונגען און מען דאַרף נישט רעכענען, אַז זי ווייסט עפּעס וועגן די עגאָיסטישע פּלענער פון איר בּרודער און זיין פריינדין. זיי זענען בּולט בּאַ־הערשט פון אַ כּישוף, ווי אַלע אַנדערע, וואָס האָבּן מיט דער דערקום צו טון, הגם נישט שטענדיק דערגייט עס צו דעם, אַז זיי זאָלן פאַרלירן די מאַכט איבּער זיך. אַזאַ פאַל זאָל האָבּן געשען מיט מאַיאַ ערנעפאָלדט, וועלכע איך האַלט פאַר אַ געררייצט, עמ־פינדלעך בּאַשעפעניש מיט אַ שוואַכן ווילן. איך האָבּ זי נישט איינמאָל געזען, אַפילו פאַרבּייגייענדיק, אָבער איך בּין זיכער, אַז איך בּין מיך נישט טועה.

איך בּין איבּערצייגט אַז צווישן מאַיאַן און מיין מאַן האָט נישט עקזיסטירט און עקזיסטירט נישט קיין שום שטראָפבּאַרע בּאַציונגען. איך קען זיך אין דעם פּרט נישט בּלויז פאַררופן אויף עדמונדס אַ פייערלעכער פאַרזיכערונג, וואָס צווייפלען אין איר האָבּ איך נישט קיין סיבּה, נאָר אויך מיין אינסטינקט בּאַשטע־טיקט עס אין מיר. און דאָך איז עס געגנוג סודותדיק. דער גאַנ־צער פּלאָנטער זעט אויס יעדן רעכט-דענקנדיקן מענטש און מיר פיל אומהיימלעכער. עדמונד איז אינגאַנצן אַרונטערגעפאַלן אונ־טער זייער מאַכט, דאָס הייסט אונטער דער מאַכט פון ערנעפאָלדט און דערקום. ער איז אַ קרבּן. ער פילט נישט, אַז ער איז אַ קרבּן. עס דאַכט זיך ווי ער וואָלט געשלאָפן, ווי ער וואָלט גע־

חלומט. ער פילט זיך גוט, בעת זיי טרינקן זיין בלוט. אזש טויט־ ערבסט האָב איך געהאָפט, אַז ער וועט זיך אויפוועקן און פאַר־ שטיין זיין שענדלעכע לאַגע; אין טאָג פון זיין געבוירן, אין אָק־ טאָבער, האָב איך אים באַשווירן מיט די וואַרעמסטע ווערטער, איך האָב אַפּעלירט צו זיין ערן־געפיל. איך וואָב גערעדט וועגן דעם צער און בושה פון אונדזערע טעכטער, וואָס זענען שוין אַזוי דערוואַקסן, אַז מען קען נישט באַהאַלטן פאַר זיי דעם אומפאַר־ שטענדלעכן פעלער פון פאָטער; ער האָט מיך אויסגעהערט מיט אַן אומעטיק שווייגן און איז שפּעטער אַ גאַנצע וואָך נישט אַהיים־ געקומען. פלוצלונג, עטלעכע טעג פאַרן אַוועקגיין אין סאַנאַטאָר־ יום, האָט ער אָנגעהויבן צו רעדן וועגן אַ גט. צום ערשטן מאָל איך האָב מיך געפילט, ווי אַ דינער וואָלט מיך אָנגערירט. אַ גט נאָך צוואַנציק יאָר צוזאַמענלעבן? אַ גט מיטן מאַן, וועלכן איך האָב געליבט מער פון אַלץ אויף דער וועלט און וועלכער איז געווען קראַנק, אפשר אומהיילבאַר קראַנק? אַ גט, נישט ווייסנדיק וואָס איך בין שולדיק, אָן ווילן נאָכאַמאָל צו הייראַטן, ווי ער האָט דערקלערט? וואָס איז מיט אים געשען? דאַרפט מען נישט גלויבן אין עפּעס פאַרשאָלטענע רוחות. אָבער ווי אַזוי זאָל איך שילדערן מיין אויפרעגונג, מיין פאַרצווייפלונג, ווען איך האָב אין דריי טעג שפּעטער געהערט פון אַ פאַרטרויִלעכער פּערזאָן, אַז ער האָט בדעה צו פאַרשרייבן מאַיאַ ערנעפעלדטן אַ פּירט חלק פון זיין פאַרמעגן, כדי זי זאָל נאָך ביי זיין לעבן באַפרייט זיין פון אַלע מאַטעריעלע דאגות?

ערשט דעמאָלט האָב איך באַשלאָסן אָנצוהויבן ווערן טע־ טיק. איצט איז מיר נישט דערלויבט געווען צו קוקן און שווייגן און לאָזן אים טוען, וואָס ער וויל. ווער איז דאָס די דאָזיקע מאַ־ יאַ ערנעפעלדט געווען פאַר אים? ווער איז זי געווען פאַר מיר, פאַר מיינע טעכטער, אַז זי זאָל זיין די יורשטע פון דעם אָפּגע־ שפּאָרטן האָב־און־גיטס פון זיין אַרבעט און פון דעם רעכטלעכן פאַרמעגן פון דער פאַמיליע? מען האָט קיין ערגערס נישט גע־ קענט אויסקלערן. צום סוף האָב איך מיך גענוג אָנגעליטן. דעמ־

דאָזיקן אומזיניקן און לייכטזיניקן געשאנק האָט מען נישט גע־דארפט לאָזן געבן. גאָט צו דאנק, וואס מען קען עס נאך אויס־מיידן. דאָס וואָלט געווען א פאטש פאר מיר און פאר די קינדער. א ביישפּיללאָזע קאמפּראמיטאַציע. איך האב צענויפגערופן דעם משפחה־ראַט ; אַלע קרובים זענען געקומען צום באַשלוס, אַז אויף א גט, אויב דער מאן וועט עס ווייטער פאדערן, זאל איך מסכים זיין ערשט דעמאלט, אויב ער וועט געבן א יורידישע פאַרפליכ־טונג, אַז ער זאגט זיך אפּ פון דער מתנה פאַר מאַיאַן ; אויב ער וועט אָפּזאגן, דארף איך זיך נישט צוריקציען און איך וועל זיך נישט צוריקציען — כאָטש אַלץ ציטערט אין מיר, ווען איך טראַכט דערוועגן — פּאַר א פּראַצעס וועגן צונעמען יענעמס פאַר־מעגן. זאָלן נישט טריומפירן די, וואס ווילן ציען נוצן פון דער קערפּערלעכער און גייסטיקער שוואַכקייט פון אַן איידעלן מענטש. א חוץ דעם האבן דריי עלטסטע מיטגלידער פון דער משפחה דערקלערט, אַז זיי זענען גרייט צו זעען זיך מיט עדמונדן, כּדי אפּצורעדן פון א גט דעם פאַרפירטן מאַן. זיי ווילן אויפוועקן זיין גע־וויסן און אויפעפענען די אויגן אויף דעם אומזין פון זיין פּלאַן. אויב די דאקטוירים, וואס באַהאַנדלען אים, וועלן נאר דערלויבן, וועט אונטערגענומען ווערן דער אַנטגילטיקער שריט. אויב דאס אַלץ וועט נישט העלפן, דאן דערבאַרעם דיך, גאָט, איבער מיר און מיינע קינדער.

* * *

מיט א טיף־פאַרקנייטשטן שטערן, מיט אַן איינגעגראָבע־נעם בליק אין דעם לעצטן איבערגעלייענטן צעטל, איז לוידין געזעסן אַן באַוועגונג. דערהערנדיק קלינגען דעם טעלעפאָן־אַפּאַראַט, האָט ער אַן איבערראַשטער א ציטער־געטון, ווי עמיצער וואלט געקלאַפּט מיט א האַמער.

# XXIV.

לודוויגאַ דערקום האָט געוווינט אין א גערוימער אַטעליע. װאָס האָט פאַרנומען כּמעט דעם גאנצן אויבערשטן שטאָק פון אַ נייעם בנין און האָט זיך געפינען אין צענטרום שטאָט, אָבער אין א שטילער גאַס, צווישן פאַרלאָזענע ראָקאָקאָ־פּאַלאַצן, אָדער איבערגעבויטע געביידעס פאַר אַדמיניסטראַציע און רעגירונגס־אמטן. לוידין איז מיט א ווינדע ארויפגעפאָרן אין דער הויך און שוין הינטער דער דעמבן־טיר האָט ער געהערט אַ געלעכ־טער און אַ טומל פון א סך מענטשלעכע קולות.

ער איז אביסל אנטוישט געוואָרן; נאָכן נעכטיקן בריוו פון לודוויגאַ דערקום האָט ער געקענט רעכענען, אז זי וועט אים דערוואַרטן אין הויז אַליין. די סיבּה, וואָס האָט אים דאָ געבּרענגט צו פירן, האָט פאַר איר געדאַרפט אויסווייזן געוואַלד וויכטיק.

אומקערן זיך האָט מען נישט געקענט.

אָפּגעבּנדיק די וויזיט־קאַרטע דער באַדינערין, איז ער אריין אין אַ הויכן, ברייטן צימער; איצט, אין דער צייט פון פריצייטיקן דעצעמבער־בּין־השמשות, זענען ביידע ברייטע פענצ־טער פאַרהאָנגען געווען, ווי אין קירכעס, מיט אַ רויטן מאַטער־יאַל, אַ מין סאַמעטענער בּראָקאַט. עטלעכע שטייענדיקע לאָמפּן ווי אבאַזשורן, וואָס זענען געווען אזוי גרויס ווי א דאך פון אַ פעלד־געצעלט, זענען געווען צעשטעלט ארום. צום דעם איז דאָס גאנצע צימער פאַרזונקן געווען אין א ספּעציעל־געמאַכטער האַלב־פינצטערניש, אין וועלכער לוידינס אויג האָט אונטערשיידט בלויע

די דיוואַנעס, טישן, אָטאָמאַנען, די הערלעכע בילדער אויף די ווענט און מעבער און פרויען־געשטאַלטן.

איינע פון די געשטאַלטן האָט זיך אָפּגערוקט פונם פאַר־זאַרענעם פאָן און מיט שנעלע טריט צוגעקומען צו אים. גלייכ־צייטיק האָבן די פּנימער פון עטלעכע געסט, וואָס זענען פאַר־שטעלט געווען מיט טאַבאַק־רויך, ווי מיט וואָלקנס, זיך בייגע־דיק אויסגעדרייט צו אים און דאָס געלעכטער און דער שמועס האָבן אַ ווייל אויפגעהערט. לודוויגא דערקום האָט אים באַגריסט. ער האָט געהערט אַ מעטאַלענע, נידריקע, מאָדנע־פאַרשטיקט שוועל קול. די שטריכן האָבן אים אויסגעוויזן פרעמד, דאָס גע־שיאַלט — קליין. ער האָט אָנגענומען א קאַלטע, באַוועגלעכע, מוסקולירטע האַנט, האָט געהערט דייטלעכע, גיכע ווערטער. ער האָט זיך באגריסט.

לודוויגא דערקום האָט פאָרגעשטעלט די געסט. צווישן די נעמען, וואָס האָבן אים גאָרנישט געזאָגט, האָט ער דערהערט צוויי, וואָס האָבן אים געהייסן בעסער זיך צוקוקן. ערנעפּאָלדט און מאַיא ערנעפּאָלדט. ער האָט דערזען אַ הויכן, אומגעשיקטן, עטוואָס דיקלעכן מאַנספּערשוין, וואָס זיין ראַזירט פּנים מיט די ענערגישע שטריכן האָט מען אים געקענט האַלטן פאַר אַ שייגעץ, אָבער ווען עס האָט זיך נענטער צוגעקוקט דערצו, האָט עס בעמאַכט דעם איינדרוק פון אַ טעמפּ פּנים. נעבן אים האָט ער דערזען אַ שמאָלע פיגור מיט אַ שמאָלן קאָפּ מיט קורצע זיידע־נע האָר, וואָס האָבן זיך ביי די אַקסלען אַראָפּגעלאָזט אין לייכטע לאָקן, וואָס זענען אַזוי העל געווען, אז זיי האָבן גע־מאַכט דעם איינדרוק פון ווייסער, גלעזערנער וואָל.

לודוויגאַ דערקום האָט אים פאַרלאָזט. זי איז געווען פאַר־נומען ביים טיש מיטן טיי און ארויסגעגעבן באַפעלן דער באַ־דינערין. זי האָט זיך מיטאיינמאָל אויסגעדרייט צו דער יונגער קאָלעזשאַנקע און גענומען מיט איר רעדן אין אַ וויכטיקן טאָן. צוויי הערן, אן אקטיאָר און אַ זשורנאַליסט — לודין האָט שוין פאַרגעסן זייערע נעמען — האָבן זיך פאַרייניקט מיט זיי, און

ער האָט דערהערט, ווי לודוויגא לאַכט. זי האָט דערביי אַ וואָרף־
געטון דעם קאָפּ אויף הינטן און מען האָט געזען איר ברוי־
נעם האַלדז. דאָס געלעכטער האָט דערהויבן אָפּגעקלינגען און
געהאַט אין זיך עפּעס אַזוינס, וואָס באַזיגט דאָס האַרץ, ווי ביי־
מענטשן, וואָס לאַכן מיט דער גאַנצער נשמה. מיטאיינמאָל האָט
זי זיך געפינען נעבן אַ דיקער, שטאַרק־געשמינקעוועטער דאַמע,
וואָס איז געזעסן אויף אַ פּאָטעל נעבן קאַמין, און האָט זיך
אַראָפּגעבויגן צו איר. דער שאַל, וואָס איז געהאָנגען אויף אי־
רע אָרעמס, האָט איר געשטאַלט ענלעך געמאַכט צו אַ גרויסער,
באַיועגלעכער, עטוואָס פאַנטאַסטישער בלום. עס איז געקומען
אַ נייער גאַסט, וואָס דערזעענדיק אים, האָט זי געטון אַ געשריי
פון פרייד; אָן עלטערער הער, אָנגעטון זאָרגפעלטיק, מיט גע־
קינסטלטע מינעס. זי האָט אים טיטולירט באַראָן. ער האָט זיך
אויפגעפירט אינטים און איר עפּעס געשעפּטשעט אין אויער,
אויף וואָס זי האָט אים געענטפערט מיט אַ לייכטן קלאַפּ איבער
דער האַנט. באַמערקנדיק ערנעפאָלדטן, איז ער צו צו אים מיט
אויסגעשטרעקטע אָרעמס. לוידין האָט געהערט, ווי ער פרעגט
זיך וועגן געזונט פון קאָנסול אַלטאַכער; ער האָט געהערט, ווי
ער האָט עטלעכע מאָל אויסגערופן: „אונדזער טייערער, אָרע־
מער פריינט". ערנעפאָלדט האָט געענטפערט מיט אַ שמייכל.
לוידין האָט באַמערקט, אַז ער האָט געהאַט אַ טבע צו שמייכ־
לען אויף אַ מאָדנעם אופן; ער האָט געשמייכלט אין יעדן אָפּ־
געמאָסטן אַ שטיקל צייט; ער האָט געשמייכלט סתם־אַזוי, אָן סיבה,
אָן אונטערשיד, צי עמיצער האָט גערעדט צו אים, אָדער נישט,
צי ער האָט געקוקט רויק פאַר זיך, אָדער ער איז מיט עפּעס
פאַרנומען געווען. דאָס איז געווען אַ גוטער טרוימע־בליק,
עפּעס ווי אַ פאַרשעמטער, אָבער ער האָט געמאַכט אַביסל אַ
נאַרישן איינדרוק.

לוידין איז געשטאַנען אין אַ זייט אַ האַלב־פאַרחידושטער.
די געזעלשאַפט איז פאַר אים געווען אָן אומגעוויינלעכע. די
סיטואַציע — גיי. מען האָט אים געבראַנגט טיי; ער איז גע־

שטאנען מיט דער טאַסע אין דער האַנט און ווי נאָכגעטראַכט, ער האָט געהערט דאָס נידריקע, מעטאַלענע, שנעל קול, דאָס-זעלבע קול, וואָס האָט אים אַזוי אַנטציקט פון דער בינע און וואָס האָט אויף אים געמאַכט אַן איינדרוק, אַז ער איז איינער אַליין געבליבן זיך געטריי; און ווען איינער אַ יונגערמאַן האָט זיך געווענדעט צו אים מיט אַ פראַגע אין אַ פאַרטרויליכן טאָן, ווייל אַלע האָבן דאָ אַרויסגעוויזן אַ באַזונדערע אינטימקייט און פאַרטרויליכקייט איינעם צום אַנדערן, ווי דער דיסטאַנס צווישן מענטשן וואָלט געווען אַן אומנויטיקע זאַך, האָט ער אַ צעשטריי-טער געענטפערט און אַרויסגענומען דעם זייגער.

פלוצלונג האָט ער דערפילט אַ האַנט אויף דער פלייצע. ווידער אינטים, האָט ער געטראַכט, אויסדרייענדיק דעם גע-קנייטשטן שטערן. אָבער דאָרט איז געווען לודוויגאַ.

— קען איך אייך בעטן צו מיר אויף פינף מינוט? — האָט זי געפרעגט, און לודין האָט באַמערקט, אַז זי האָט טי-פע, טונקעלע פייכט-גלאַנציקע אויגן, וואָס זייער בליק איז גע-ווען אַ שטאַרקער און אַן אומגעדולדיקער. ער האָט זיך פאַר-נייגט. זי האָט אים געפירט. עמיצער האָט זיך אָנגערופן:

— לו, קום צו מיר אויף אַ רגע.

זי האָט אַ מאַך געטון מיט דער האַנט און געענט-פערט:

— שפעטער.

זיי זענען אַריין אין אַ קליין צימער. אין דער הויך, פאַר-שטעלט מיט אַבאַזשורן, איז געהאָנגען אַ לאָמפ מיט קאָלירטע, רויט-געלע פריזמעס. אויף דאָ האָט געהערשט אַ האַלב-פינצטער-ניש. לודוויגאַ האָט נישט פאַרמאַכט די טיר.

— איך האָב נישט גערעכנט, אַז איך וועל האָבן געסט אויף טיי, — האָט זי זיך געווענדעט צו לודינען, אַרומנעמענ-דיק אים ווידער מיט אַ דורכדרינגלעכן, שטאַרקן בליק. — איר וועט מוחל זיין, מיר וועלן דאָ אַדורכרעדן, הער דאָקטאָר. וועגן וואָס האַנדלט זיך? מיט וואָס קען איך אייך בייהילפיק זיין?

— איך וועל אייך בקרוב בריוועלעך אלץ דערקלערן, — האָט לוידין געענטפערט העפלעך, אָבער קאַלט. — איך קום צו אייך אין אויפטראג און אויף דער בקשה פון מיין פריינט עגיד פרוינדאָרפער, ווייל אים איז, ווי מען קען עס אַליין פאַרשטיין, נישט געווינטשן צו פירן שמועסן, וואָס קענען ביי אים אַרויסרופן די ווייטיקלעכסטע געפילן.

— יאָ, איר האָט מיר געשריבן דערוועגן, — האָט לודוויגא דערקום געזאָגט, אויפהייבנדיק דעם קאָפּ און אָנקוקנדיק מיט אַן אויספאָרשנדיקן בליק לוידינען. — וואָס דאַרף איך טון? און וואָס ווילט איר ווידער פון מיר?

לוידין האָט געענטפערט:

— מיר געפינען זיך לגבי אייך אין א נישט-אַנגענעמער לאגע. מיר קענען זיך נישט געבן קיין עצה; מיין פריינט געפינט זיך אין אַ כאַאָס פון פייניקנדע השערות, זעלבסטבאשולדיקונגען און אומאַנגענעמע נאָכטראַכטונגען. דער איינציקער מענטש, מיט וועלכן עס האָבן אים פאַרבונדן אלע פעדעם פון דער נשמה, איז אים פלוצלונג אָוועקגעריסן געוואָרן אויף אַ שרעקלעכן אופן. איר דאַרפט אונדז נישט זאָגן, וויפיל שייכע האָפנונגען עס זענען פארלוירן געוואָרן מיט מיקאָלאַיען, נישט בלויז האָפנונגען פון פאָטער, נאָר פון אונדז אַלעמען. עגיד פרוינדאָרפער האָט שטענדיק באַהאלטן די ליבע צום זון. דאָס איז מאָדנע. זיין כאראקטער איז אַ געגנוג להכעיסדיקער. די שעמעוודיקייט פון אייגענעם געפיל האָט געבערענגט, אַז ער זאָל וועלן דאָסזעלבע געפיל אויסוואָרצלען. די פאָלגן: אמתער משוגעת פון פארצווייפלונג, שטומע און שטאַרקע גייסטיקע שטורעמס, וואָס דויערן גאנצע נעכט. וואָס איז יאָרן געהאַמעוועט געוואָרן, זוכט מיט געוואלט אַן אויסלאָז. מיר האָבן געגלויבט און גלויבן, אז איר קענט געבן אן אויפקלערונג; כאָטש אן אויפקלערונג וואָס שייך די סיבות פון זעלבסטמאָרד. מיקאָלאַי האָט דאָך געפינען אייער פריינטשאַפט. ער איז אייך — דאָס האָט דאָך נישט געקענט בלייבן קיין סוד — געווען איבערגע-

עבן און געווען ענטוזיאַסטיש געשטימט וועגן אייער פּערזאָן. איר וועט דעריבער נישט נעמען פאַר שלעכט, אויב אין וועל אייך בעטן א דערקלערונג, פאַרשטייט זיך, אויב איר ווילט און זענט ביכולת צו געבן.

ווידער לודוויגאס אַן אויספאָרשנדער בליק. דערנאָך האָט זי אָנגעכמורעט געצויגן מיט די ברעמען. זי האָט פארלייגט די הענט אויף די פלייצעס, ווי א מאַן. דאָס האָט צוגעגעבן איר עקסלען און קאָפּ־באַוועגונג עפּעס מענלעכעס.

— אפשר וועט איר זיך זעצן, — האָט זי געזאָגט צום אַדוואָקאַט.

ער האָט געוואָלט זיך זעצן, אָבער ער האָט העפלעך געוואַרט, ביז זי וועט זיך פריער זעצן. זי איז געשטאַנען; לודין האָט אַוועקגערוקט די שטול. זי האָט צוויי מאָל אַרומגעשפּאַנט דאָס צימער. אין די דרייסטע און אַנטשלאָסנבליקנדע אויגן האָט געבלישטשעט עפּעס אַן אומעט. קומענדיק צו דער טיר, האָט זי זי פאַרמאַכט און דער טומל פון קולות האָט אויפגעהערט. דערנאָך האָט זי זיך אויסגעדרייט מיט די פלייצעס צו דער טיר און אָנגעשפּאַרט אויף איר דעם קאָפּ מיט די געדיכטע האָר, און דערמיט איז איר קערפּער נאָך מער אויסגעגלייכט געוואָרן.

— כּדי צו באַזייטיקן די אומזיכערקייט, וועל איך אייך דערציילן אַזא געשיכטע, — האָט זי אָנגעהויבן אָן שום זשעסטיקולאַציע, מיט א טיף־זינגענדיק קול, וואָס האָט מיטאיינמאָל צוגעשמידט דעם צוהערער. — אויף וויפיל איך געדענק, האָב איך באַקענט דאָסדאָזיקע יונגל אויף עפּעס א שמחה, וואָס א קאָלעגע האָט געמאַכט. ער האָט געשפּילט אויפן קלאַוויר; זיין שפּילן האָט אונדז דערנענטערט. ער האָט מיך באַזוכט, ער איז לכתחלה געקומען זעלטן, שפּעטער אָפטער, צום סוף — יעדן טאָג. געוויס האָב איך שפּעטער באַמערקט, אַז ער האָט זיך פאַרליבט. אין אַ געוויסן טאָג האָט ער מיר געמאַכט אַ דערקלערונג. איך האָב אים געזאָגט, אַז איך בין נישט פאַר אים און

ער איז נאָך אַ קינד, בעת איך בין אַ דערפאַרענע פרוי, וואָס דאַרפט האָבן אין לעבן רו און געזעצטקייט; מיינע פּיראַונ־צוואַנציק יאָר קענען אין דעם פּרט גערעכנט ווערן פאַר טאָפּלט. שוין האָט דאָס נישט געוואָלט פאַרשטיין. מען האָט אים נישט געקענט ברענגען צום שכל. איך האָב געהאַט מיט אים דאגות, אָבער וואָס האָב איך געזאָלט טון? איך האָב אים נישט געקענט פאַרביטן צו קומען אין מיין וווינונג. איך בין נישט געווען זיין דערציערין. עס איז נישט מיין זאַך צו לערנען פילאָזאָפיע די יונגעלייט, וואָס קומען צו מיר. זיי קומען אַ סך. איך דאַרף מענטשן. איך האָב ליב געזעלשאַפט. איך האָב נישט ליב צו זיין אַליין. אַ חוץ דעם האָב איך געהאַט פאַר אים שטאַרק סימ־פּאַטיע. ווען ער איז געוואָרן וואָס אַמאָל מער נישט־געצוימט און צודרינגלעכער, איז עס מיר געוואָרן צופיל און איך האָב אים געזאָגט קורץ און געבונדן: טייערער מיקאָלאַי, אָדער מיר זענען פריינט, אָדער איך וועל אייך דערמאַנען, ווו די טיר איז. איך האָב עפּעס בעסערס צו טון, ווי גיסן יעדן טאָג קאַלט וואַסער אויפן קאָפּ אַזא פעלד־פערדל, ווי איר. איך וויל אייך נישט לאַנגווייליקן, הער דאָקטאָר, מיט דערציילן, וואָס שפּעטער איז געשען, ווי ער האָט מיר אָפּגעזאָגט זיין פריינטשאַפט און דאָך איז ער יעדן טאָג געקומען אויפסניי, געמאַכט סצענעס, איבערגעבעטן, געקומען אין טעאַטער, געשטאַנען שעהן נעבן מיין גאַרדעראָבע, אויספּרעגנדיק מיינע קאָלעגן. איך וועל אייך בלויז דערציילן, וואָס איז געשען יענעם זונטיק. דאָס דאַרפט דאָך אייך אַמשטאַרקסטן אינטערעסירן.

לוידין האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ. ער האָט געקוקט מיט שפּאַנונג אויף דער אַקטיאָרקעס מויל און מיט אַ נישט קלענע־רער שפּאַנונג האָט ער געהערט. אַלץ, וואָס זי האָט גערעדט, איז געווען קלאָר; יעדעס וואָרט האָט זיך געפּי־נען אויפן אייגנטלעכן אָרט און איז געווען אויסגעקליבן מיט אַ געוויסן מין שפּראַך־באַהערשונג און פרייהייט. אין בירגערל־לעכן לעבן טרעפט עס זעלטן, אַז מענטשן זאָלן קענען רעד־

אַז זיי זאָלן זיך באַנוצן מיטן ריכטיקן וואָרט, מיטן ריכטיקן טאָן און מיט דער ריכטיקער מאָס; אַז דאָס קול זאָל אַנגענעם אַראָפּ-נידערן, נישט זייענדיק טויט, פויל און הייזעריק. לוידין איז גע-ווען אַ געניט דערפּאַרענער הערשער איבערן וואָרט, כּדי ער זאָל דאָס נישט זען; ער האָט אפשר הנאה געהאַט דערפון און זיך באַמיט נישט צו פאַרגעסן זיין טרויעריקער שליחות. אונטער די וואָנסעס האָט זיך כּסדר געשפּלט אַ קוים-באַמערקבאַרער שמייכל, ווי אַ גרוס פאַר דער מלאכה.

אויף וויפיל לודוויגאַ דערקום איז ביז-איצט געווען פול-שטענדיק רויק, אויף אַזוי פיל האָט זי איצט, ווען מען האָט זי דערמאנט יענעם אָוונט, האָט זי מער נישט געוואָלט באַהאַלטן אירע געפילן. זי האָט ווידער גענומען זיך אַרומקוקן אין צימער, האָט אַראָפּגענומען דעם שיינעם, קאָלירטן שאַל פון די אַקסלען, כּדי אויפסניי אים אָנצוטון, האָט אויפגעהויבן די אויגן אין דער הויך, מיט אַ האַנט אַ פיר געטון איבער די האָר און ענדלעך געזאָגט:

— זונטיק באַכמיטיק, נאָך דער פאָרשטעלונג, איז ער גע-קומען אַרויף אין דער הויך. איך בין געווען פאַרמאַטערט; בין געלעגן אין בעט; איך האָב אים נישט געקענט אויפנעמען. ער האָט עפּעס גערעדט און זיך געקריגט מיט דער באַדינערין הינ-טער דער טיר און פּלוצלונג איז ער אַרויסגעלאָפן. אינאָוונט, נאָך אַכט אַ זייגער, איז ער פּלוצלונג ווידער געקומען. איך האָב גע-האַט פריינט אויף קאָלאַציע. איך בין אַרויס צו אים אין פאָדער-צימער און צו אים געזאָגט: אויב דו ווילסט דיך פיין אויפפירן, וועל איך דיר דערלויבן אַריינצוגיין און זעצן זיך נעבן אונדז, אויב נישט — גיי בעסער אַוועק...

— דערווייל האָט איר אָנגעהויבן צו רעדן מיט אים אויף „דו“? — האָט לוידין איבערגעריסן מיט אַ טאָן, מיט וועלכן ער איז געווייטלעך געווינט געווען צו שעפּן אינפאָרמאַציעס.

לודוויגאַ דערקום האָט אויפגעהויבן די ברעמען און איז אָנגעקוקט מיט אַ מאָדנעם בליק.

— יאָ, מיר האָבן גערעדט צו זיך אויף „דו". ער האָט מיר געווידמעט אַ ליד, און זינט דעמאָלט האָבן מיר זיך געזאָגט „דו". ער האָט צוגעזאָגט, אַז ער וועט זיך גוט אויפפירן און איך האָב אים אַרייַנגעפירט צו די געסט. די גאַנצע צייט איז ער געזעסן פאַרטראַכט, האָט נישט אַרויסגערעדט קיין וואָרט, איז געוואָרן וואָס-אַמאָל מער בלאַסער. אַלע שטעלן זיך אויף פון טיש ער בלייבט. עס איז מיר נישט אנגענעם, וואָס ער בלייבט; איך זע, אַז עס וועט ווידער קומען צו אַ סצענע. קוים זענען מיר געבליבן אַליין, האָט ער מיך געכאַפּט פאַר די הענט און געזאָגט: לו, מיר מוזן חתונה-האָבן. איך האָב זיך צעלאַכט. חתונה-האָבן? זאָג איך, וואָס איז דיר איינגעפאַלן, פאַיאַצל? דו ווייסט דאָך, אַז איך בין אַ פאַרהייראַטע פרוי; איך וועל שוין נישט דאָסדאָזיקע נאַרישקייט נאָכאַמאָל טון. גט דיך, זאָגט ער ווייטער, איך קען נישט קיין רגע לעבן אָן דיר. מיין גאָט, וואָס האָב איך דערויף געזאָלט ענטפערן. אַן אַכצניעריק יונגל; איך האָב דאָך נישט געקענט מיט אים רעדן ערנסט דערוועגן. איך זאָג צו אים: און איצט גיי מיר אַוועק, קינדער דאַרפן גיין שלאָפן, און ווען דו וועסט דיך אויסשלאָפן, קום ווידער צו דיין לו. דאָ הויבט ער פאַר מיר אויף די הענט און בעטלט, וויינט און דראָט, אַזש דאָס געזולד האָט זיך מיר אויסגעשעפּט און איך בין אַרויס פון צימער. איך האָב זיך געלייגט. דאָס שלאָפצימער האָב איך גוט פאַרשלאָסן. אין זיין משוגעת, האָב איך גערעכנט, איז ער פעיק צו אַלעם. איך האָב נישט געקענט איינשלאָפן. עס איז אַוועק אַ שעה און איך האָב געטראַכט, אַז ער האָט שוין געמוזט אַוועק; איך בין אויפגעשטאַנען, כדי צו נעמען זיך אַ ביכל אין אַטעליע. אַז איך בין אַרייַן, זע איך, ווי ער זיצט ביים טיש און שרייבט. וואָס שרייבסטו? פרעג איך מיט נישט קיין העפלעכן טאָן. וואָס זיצטו דאָ אַזוי שפּעט אין דער נאַכט און שרייבסט? ער שטעלט זיך אויף און זאָגט: איך האָב געענדיקט, גיט מיר אַ בריוו און גייט אַרויס. איך האָב מיך אומגעקערט אין שלאָפצימער, די גאַנצע געשיכטע ווערט מיר אַזוי עקלהאַפט, אַז איך עגמת-נפש קליינ

איך אָן אויפֿן דינער און באַפֿעל, אַז ער זאָל דעם יונגען פּרוינ־דאָרפֿערן אַפֿילו איבער דער שוועל נישט אַריבערלאָזן. צעמאָרגנס אינדערפֿרי, מיטיק־צייט, בעת איך האָב זיך אויפֿגעוועקט, האָט מיר דער דינער געבּרענגט די ידיעה וועגן אומגליק. איינער פֿון מיינע באַקאַנטע, אַ קאַפּעלמייסטער, האָט טעלעפֿאָנירט. פֿאַרשטייט זיך, אַז איך האָב דעמאָלט איבערגעלעבּט אַ פּאָר שעה, וואָס איך וועל קיינמאָל נישט פֿאַרגעסן אין לעבּן. זינט דעמאָלט איז געפֿאַלן אויף מיר עפּעס אַ שאָטן, אַ פּאַטום ליגט אויף מיין וועג.

די לעצטע ווערטער האָט זי אַרויסגערעדט פֿליסטערנדיק. די פֿינגער פֿון דער אוממעכטיק־אַראָפּהענגענדיקער האַנט האָבּן געציטערט; איר פּנים איז בּלייך געוואָרן; די אויגן האָבּן זיך פֿאַרטונקלט. זי האָט טיף אָפּגעאָטעמט. די ווערטער, וואָס זענען געפֿאַלן וואָס־אַמאָל שנעלער און שנעלער אַזוי, אַז צום סוף זענען זיי געגאַנגען ווי אַ האָגל, האָבּן זי אויסגעשעפּט און לודווי־גאַ דערקום האָט געמאַכט אַ באַוועגונג, ווי זי וואָלט מער נישט געוואָלט רעדן און הערן.

לוידין האָט דאָס באַמערקט און האָט אָפּגעוואַרט עטלעכע רגעס. דערנאָך האָט ער געפֿרעגט אין ספֿקות:

— און דער בּריוו? איז מיר דערלויבּט צו זיין אַזוי נישט דיסקרעט און בּעטן צו באַקענען מיך מיטן אינהאַלט פֿונם בּריוו, אָדער, אפֿשר, גאָר איבּערגעבּן מיר אים אויף אַ געוויסער צייט? איר וועט אין אַכט נעמען: די לעצטע ידיעה, דער לעצטער סימן פֿון לעבּן...

די אַקטיאָרקע האָט אַ צי געטון מיט די אַקסלען.

— דער בּריוו איז פֿאַרלוירן געוואָרן, — האָט זי געענטפֿערט.

— איך האָב אים בּיינאַכט אַוועקגעלייגט אָן אַ זייט און זינט דעמאָלט איז ער אַוועקגעקומען. איך האָב אים נישט איבּערגעלייענט. צו־וואָס האָב איך אים געזאָלט לייענען? איך האָב אומעטום געזוכט; עס דאַכט זיך מיר, ווי עס וואָלט געקומען אַ גייסט און אים צו־גענומען.

לוידין האָט אויסגעדריקט זיין באַדויערן, וואָס דער בּריוו

איז פאַרשוווּנדן אויף אַזאַ אומפאַרשטענדלעכן אופן. די השערה וועגן גייסט האָט ער אָפּגעוואָרפן. עס האָט זיך אים דערמאַנט אַ שמועס מיט אַן אנדערער פרוי, אפילו נישט קיין ענלעכע צו דער איצטיקער, אַזוי נישט ענלעך, ווי נישט ענלעך עס איז די באַנאַליטעט צו דער דערהויבנקייט; מאָדנע און צוגלייך קאָמיש האָט אויסגעזען פאר לוידינען, וואס אויך דאָ דערמאנט מען, אַז עפּעס אַ גייסט האָט צוגעגנבעט אַ דאָקומענט.

— איך בין אייך האַרציק דאנקבאַר פאר די ידיעות, וואָס איר האָט מיר איבערגעגעבן, — האָט ער געזאָגט, פארנויגנדיק דעם קאָפּ. — הגם עס זענען נאך פארבליבן עטלעכע אומקלארע זאכן, מוז איך מיין שליחות ביי אייך האלטן פאר געענדיקט.

— אומקלארע זאכן? ווי אַזוי? — האָט לודוויגא דערקום געפרעגט, קוקנדיק אויף אים מיט פארוווּנדערונג.

— אָט איז איינע פון די נישט-קלארע זאכן: פרייטיק פאר-מיטיק האט מיקאלאי געמאכט אַ רעפּעטיציע מיט אַ כאָר, מיט וועלכן ער האט עפנטלעך געזאלט דיריגירן, מיט אַזאַ פייער און ברען, אַז די ארטיסטן, זינגער און מוזיקער זענען מיטגעריסן געווארן. דאס האבן מיר איבערגעגעבן מענטשן, וואס זענען געווען דערביי. שבת, אויף דער צווייטער רעפּעטיציע, איז ער געווען כמעט אָן שכל און צערודערט אויף אַזאַ אופן, אַז ער האט זיך אַלעמען געווארפן אין די אויגן. מיקאלאי — וואס ער זאל נישט האבן געווען, קיין קאפּרזנער איז ער קיינמאל נישט געווען. איך אליין האב אים געקענט אלס געזעצטן מענטש מיט גלייכגעוויכט. מען דארפט דעריבער אננעמען, אַז די קאטאסטראפאלע ענדערונג אין זיין געמיט-צושטאנד איז נישט געשען ערשט אין דער נאכט אויף זונטיק, נאר אין דער צייט צווישן פרייטיק און שבת.

— אַ שאָד, וואס איך קען אייך נישט צושטעלן די באווייזן, וואס פעלן אייך, — האט לודוויגא דערקום געזאגט און איר געשטאלט איז פלוצלונג געווארן שמאל און רוי. — איך האב געשטעלט אַ פונקט אונטער דעם קאפּיטל. איך דארף נישט אַזאַ שווערן באַגאַזש. איך טראג נישט קיין שום פאראנטווארטלעכקייט

איך וועל נישט דערלויבן זי מיר אָנצוּוואַרפן. וויפיל איך טרויער און טראַכט פון אים איז מיין זאַך. איבּ עמעצער וועט מיר צושרייבן די שולד, קען איך נישט פאָדערן חרטה צו האָבן. קיינער קען מיר נישט באַפעלן ליב צו האָבן, אפילו, ווען ער וועט שטיין פאר מיר און צולייגן אַ רעוואָלווער צום שטערן. און איך וועל אויך נישט איבערטראָגן, אַז עס זאָלן עקזיסטירן פאַר מיר גייסטער-געשטאַלטן, אַנדערש וואָלט איך געווען פאַרלוירן, ווען איך וואָלט נאָר געעפנט די אויגן. איך געהער נישט צו קיינעם. איך געהער צו זיך. איך געהער צו אלע.

שווייגנדיק האָט לוידין אַראָפגעלאָזט דעם קאָפּ. דאָס איז געווען אַן אימפּעטיקער אויסברוך פון זעלבסטבאַוווסטזיין און שטאָלץ. פאַר דעם האָט מען געדאַרפט אַראָפבייגן דעם קאָפּ. דער אָטעם פון אַן אייזן-פעסטער וועלט האָט אַ שוועב געטון אויפן בירגערלעכן אַדוואָקאט און אים איבערצייגט, אַז דאָ איז נישטאָ קיין אָרט אויף קיין קאָמפּראָמיסן, אויף אויסגלייך-אָפּמאַכן און שאַכערייען מיט דער הילף פון די פינף-זעקסהונדערט אויסדרוקן. איר וואָרט האָט געהאַט דעם שאַרפן גלאַנץ-בלישטש פון אַ צעשניטענעם דימאַנט. עס איז געווען איינגעהילט אין ראַמען; עס איז געווען אָפּגעמאָסטן, גרייט. עס איז נישט געבליבן קיין שום אַנדערע זאַך, ווי צוריקציען זיך מיט כבוד.

בעת ער האָט זיך געזעגנט, האָט אים לודוויגאַ דערקום דערלאַנגט די האַנט און באַהערשנדיק איר אויפרעגונג האָט זי געקוקט אויף אים מיט אַ שמייכל, וואָס איז איבעראַשנדענלעך געווען צום פּאָרטרעט, פון וועלכן זי האָט אַזוי טריומפירנד געשטראַלט צו אים מיט אמת און אומשולד.

זי האָט אים אָפּגעפירט צו דער טיר ביז צום קאָרידאָר אַזוי, אַז ער האָט נישט געמוזט אַדורכגיין די אַטעליע. נאָך ביים צווייטן טרעפּן-אַראָפּגאַנג האָט ער געהערט דאָס געלעכטער, טומל און קולות פון די געסט.

# XXV

צוויי טעג שפּעטער, אַרום פיר נאָכמיטיק, בעת לוידן האָט דיקטירט דער סעקרעטארקע אַ בריוו צו בריגידע האַרטמאַן, וועגן וועלכער מען האָט אים מודיע געווען, אַז זי איז צוויי מאָל געווען אין דער קאַנצעלאריע און הערנדיק, אַז ער איז נישטאָ, האָט זי אַרויסגעוויזן אַ שטארקע אויפרעגונג, איז דער דינער אריינגעקומען מיט אַ וויזיט-קארטע. ער האָט איבערגעלייענט: לודוויגאַ דערקום. א פארוואונדערטער האָט ער איבערגעריסן דאָס דיקטירן און די סעקרעטאַרקע געבעטן צו לאָזן אים אליין.

אין דער טיר, וואָס דער לאָקאַי האָט ברייט געעפנט, האָט זיך באוויזן לודוויגא אין אַ פוטער, ווייסע הענטשקעס, אַ פּאַררוויטלטע פון דער קעלט און אַ מאָדנע שטראַלנדיקע. מיט אַ דרייסטן טראָט איז זי דערגאנגען צו אים, בעטנדיק, אז ער זאָל איר שענקען אַ האַלבע שעה. אויף אַ הויפלעכן אופן, מיט אן אויסערגעוויינלעכר העפלעכקייט האָט ער איר דערלאַנגט א שטול. ער איז אינגאנצן צו איר דינסט. וויל זי נישט אויסטון דעם פאלטאָ? אין צימער איז הייס, ביי אַדוואָקאטן מוז מען גוט הייצן, ווייל זיי זענען עמפינדלעכער אויף קעלט, ווי אַנדערע מענטשן.

זי האָט אויסגעטון דעם פוטער און אים געוואָרפן אויף דער שטול נעבן זיך; זי האָט געטראָגן אַ טונקל-ברוין שפּאַציר-קלייד; די קאָליר האָט צוגעגעבן איר פיגור א פרישן, עלעגאנטן אויסזען. דאָס מויל איז נישט געווען געשמינקט.

נישט געקוקט אויף דער עלעגאַנץ, וואָס איז געווען אַביסל צו ניי, כדי זי זאָל אויסזען ווי אַלע אַנדערע דאַמען, איז געווען אין איר עפּעס אומבאַשטימטעס און אפילו פאַר אַזאַ אָבסערוואַטאָר, ווי עס איז געווען לוידין, איז עס שווער געווען אויפצוכאַפּן, און האָט איר פיגור ענדער ענלעך געמאַכט צו אַ יונגל, ווי צו אַ דאַמע. עס האָט נישט געשטעקט אין קאָסטיום, נאָר אין די באַוועגונגען, אין דער שלאַנקייט פון דער פיגור און אין א געוויסער גייסטיקער אָפנהאַרציקייט פון פּנים.

איר האַלטונג איז געווען לחלוטין אַן אַנדערע, ווי זי האָט אָנגענומען דעמאָלט, בעת ער איז געווען ביי איר. עס איז אַנדערש, ווען עמעצער קומט צו אונדז און אַנדערש איז, בעת מיר קומען צו אים און מיר ווילן עפּעס. וועגן דעמאָזיקן אונטערשיד האָט זי געהאַט א קלאָרן, לייכט-דערקענענדיקן באַגריף, וואָס זי האָט זיך אגב נישט באַמיט צו באַהאַלטן.

זי האָט נישט לאַנג געצעגערט. די סיבה פון איר קומען איז געווען א פּשוטע. זיין פּערזאָן האָט אין איר דערוועקט צוטרויען. זי האָט געהערט צו יענעם מין מענטשן, וואָס דאַרפן גאַנצע טעג, כדי זיך קלאָר צו מאַכן דעם איינדרוק, וועלכן דער אָדער יענער מענטש האָט אויף זיי געמאַכט. הגם זי איז געווען אינטעליגענט, איז זי דאָך אין איר אורטייל איבער א מענטש געווען פּאַמעלעך, ווי אַ פּויערטע. וואָלט ער זיך נישט געוואָלט פאַרנעמען מיט איר ענין? עס האַנדלט זיך וועגן איר חתונה מיטן אַקטיאָר קעלער. אַן אומעטיקע, אומאַנגענעמע, פּייניקנדיקע געשיכטע.

לוידין האָט געענפערט, אַז ווי עס איז איר באַקאַנט, איז די חתונה געשלאָסן געוואָרן אין בערלין, און דאָס פּאָר-פאָלק האָט טאַקע אויך געוווינט אין בערלין. דאָס, האָט ער צוגעגעבן, ווייסט ער אַ דאַנק דעם, וואָס זי לודוויגאַ דערקום, איז אַזוי באַרימט. אַלע עווענטועל געפּלאַנטע רעכטלעכע שריט — אויב דער מאַן וווינט נאָך דאָרט — מוזן אונטערגענומען און דערלײדיקט ווערן אין דערדאָזיקער שטאָט. זי מוז זיך דעריבער

באדינקט דאָרט אויסזוכן אַ צווייטן אַדוואָקאט.

זי האָט ענערגיש געענטפערט, מאכנדיק מיט א האנט:

— איך האָב אַן אדוואָקאט. איך האָב דריי אדוואָקאטן. פּאַמע אידיאָטן. אנטשולדיקט. די אדוואָקאטן דערפירן צו פארצווייפלונג דערמיט, וואָס זיי גייען שריט נאָך שריט און קיינער האָט נישט קיין מוט צו טון א שפרונג. מיט אזעלכע מענטשן קען מען נישט לעבן, מיט אזעלכע קען מען נישט ארבעטן. אויך אין א בוך היפּער איך אריבער אַ בלעטל, וואָס לאנגווייליקט מיך. ניין?

— אויף לאנגווייל שפּארט זיך אָן מיין פאך. איר זעגט א צו אימפּעטיקע, — האָט לוידין געזאָגט.

— יאָ, אזוי בין איך, — האָט זי זיך מודה געווען, — אָבער איך וויל נישט, הער דאָקטאָר, אוועקגיין פון אייך מיט גאָרנישט. אויב איך קען נישט באקומען אייער הילף, בעט איך אייך כאָטש אַן עצה. גייט נישט קעגן מיין גוטן אינסטינקט, וואָס האָט דערפילט אין אייך אַ מאן און אַ מענטש. מען קען מיך נישט חושד זיין אין חניפה. עס איז אמת, אז איך פאַל אריין אין ענטוזיאזם, בעת איך טרעף מיך צענויף מיט גייסטיק-העכערע מענטשן.

זי האָט זיך צעלאכט. זי האָט פארוואָרפן דעם קאָפּ און, ווי אייערנעכטן, ארויסגעוויזן א שלאנקן ברוינעם האלדז. עס איז געווען אנגענעם צו הערן איר געלעכטער. מען האָט דערפילט אַן אומגעריכטע פרייד.

לוידין האָט זיך שטום באדאנקט, דערפאר, וואָס מען האָט אים געהאלטן פאר אזעלכן, וועלכער האָט באקומען אַן ענטוזיאסטישע אנערקענונג. מיט א באוועגונג האָט ער איר געגעבן חשק צו דערציילן. ער האָט איר דערלאנגט א פּאַפּיראָס. זי האָט, רויכערנדיק, דערציילט. זי האָט פארלייגט א פוס אויף א פוס, דעם קערפּער האָט זי אביסל ארויסגעשטרעקט פאָרויס; איר נעשטאַלט איז געווען אָפנהערציק און אָפנהערציק איז גע[illegible] איר בליק.

זי האָט חתונה געהאַט מיט אַרנאָלד קעלערן, כדי אויסצומיידן די פאַרביסענע רדיפות פון אַן אַנדערן מאַנספערשוין, וואָס איז שפּעטער דערהרגעט געוואָרן בעת אַ לופטפּל-קאַטאַסטראָפע. זי איז דעמאָלט געווען אַזוי נישט-דערפאַרן ווי אַ קינד. מען האָט זי געוואָרנט פאַר קעלערן, אָבער זי האָט נישט געהאָרכט די התראות. ער האָט זי שטאַרק געוויילט; ער איז געווען אזוי נישט-פאַרגלייכלעך קאָמיש, אַז זי האָט זיך פאָרבעשטעלט, אַז איר לעבן וועט זיין א שטענדיקע פרייד. א חוץ דעם האָט זי נישט געהאַט קיין אנונג, וואָס עס הייסט זיין פאַראַנטוואָרטלעך פאַר זיך. זי האָט פאַרשטאַנען, אַז דאָס פאַמיליען-לעבן הייסט האָבן אַ בשותּפותדיקע קאַסע נאָכן אָפּנעמען די גאַזשע און האָבן די מעגלעכקייט צו באַקלאָגן זיך פאַר וועמען, בעת דער אינספּיציענט, אָדער דער רעזשיסער ווערן אומפאַרשעמט; מען האָט דאָס נישט געקענט אָנרופן מיטן וואָרט לייכטזיניקייט — עס איז געווען עפּעס אַנדערש, מען האָט עס ערשט געקענט פאַרשטיין נאָכדעם, ווי מען האָט דערקענט אזאַ יוגנט, ווי עס איז געווען אירע; ביי אַ געלעגנהייט וועט זי אים אמאָל דערציילן וועגן איר קינדהייט, וועגן איר יוגנט; נאָך אומגעוויינלעך שווערע טעג זענען ענדלעך געקומען לייכטע טעג. אָ, יאָ, פון שמוציקע פּאָמינעס האָבן זיך אויסגעטיילט זייפנבלאָזן; אָבער דער שיינער זייפנבלאָז קען זיין נישטיקייט, שטאָלצירט מיט זיינע קאָלירן און וואַרט אויפן סוף. אָט אַזוי פיל וועגן לייכטזיניקייט.

זי האָט אוועקגעוואָרפן די פּאַפּיראָס. זי האָט אַ שמייכל געטון זיך עלאַסטיש אַ באַוועג געטון.

אַרנאָלד קעלער האָט זיך דעמאַסקירט אַלס מאַניאַק פון אייפערזוכט. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז זיינע אַלע שטימונגען האָבן גערוט אויפן באָדן פון משוגעת, אויף משוגעת אין אַלע מעגלעכע פאָרמען. אפילו קאָמישקייט האָט געשטאַמט פון אַ גײַסטיקער מאַניע.

„דאָס קומט פאָר אויף אזא אופן: ער האָט אַזוי שטאַרק

מורא זיך צו טרעפן מיט זיך אליין, אז ער מאכט אומאויפהער־לעך גרימאסן און הועיות, כּדי מען זאָל עס נישט דערקענען. לודוויגאַ דערקום האָט ארויסגעזאָגט אַ זייער אינטערעסאַנטע מיינונג: הומאָריסטישע טאַלענטן זענען מענטשן, וואָס זענען מער פון אַלע אנדערע ווערט, מען זאָל אויף זיי רחמנות האָבן; מען טאָר זיי קיינמאָל נישט איבערלאָזן מיט זיך אליין. האָט זי דערמיט נישט אָפּגעשאַצט דעם אקטיאָר בכלל? אלנפאַלס האָט זי פריער דערפון נישט געוווּסט.

ווען זיך דאָקטאָר לוידין פאָרשטעלן, וויפיל יסורים זי האָט געליטן? מען דארפט נעמען דעם גורל, ווי אַ לאָטעריע־צעטל, כּדי דערנאָך זיך אויסצורוען און פארגעסן וועגן אים. — אָט אזוי טוט זי טאַקע. פארגעסן קאָן זי, גאָט זיין דאנק. יעדן פרימאָרגן וועקט זי זיך איבער אַ פריש־געבוירענע, אַ געבוירענע פון אַלטן טאָג, און דער אלטער טאָג שטארבט.

זי האָט פארוויכערט אַ נייעם פּאַפּיראָס. לוידין האָט מיט דער העכסטער נייגעריקייט זיך צוגעקוקט צו אירע באַוועגונגען. מיט שפּאַנונג האָט ער אויסגעהערט אַ מיינונג נאָך אַ מיינונג. די דייטשע שפּראַך איז פּלוצלונג פארוואַנדלט געוואָרן אין אַ קווייט ווילדע בלומען.

אויב די אייפערזוכט איז אַ קראנקהייט, דאן צעשמעטערט זי דעם, צו וועמען זי איז דער עיקר געווענדעט: דאָס הייסט די פרוי. אזאַ אינדיווידואום האָט אויגן און אויערן בלויז פאַר זיינע האַלוצינאַציעס. ער טשאַטעוועט, הערט, זוכט, קריכט און געפינט זיך אין באַרוישונג. האַרציקייט און צאָרן מישן זיך צענויף. ער רייסט אַרויס דאָס ווייב פון חלום, ווייל עס דאַכט זיך אים, אַז זי חלומט וועגן אַ ריוואַל. ער האָקט שויבן, ווייל דער בריווטרעגער האָט געבּרענגט אַ בריוו און דערנאָך פאַלט ער אויף די קני און יאָמערט, ווען מען באַווייזט אים, אַז דאָס איז אַ רעכנונג פון שוסטער. ער פירט זיך אויף ווי אַ ביינזער הונט, בעת די פרוי קוקט זיך צו צו מענטשן אין רעסטאָראַן. משוגעת, פּיין, יסורים, מחילה־בעטן, שבועות, — אָט דערמיט

באַרבייט דער טאָג. צום סוף גענומען אים אַרום אַ פּחד פאַר זיך אַליין; ער כאַפּט זיך צו קאָקאין. אָבער דעמאָלט ברעכט אויס דאָס אמתע גהינום. דאָס ערשטע פּאַרמישט זיך מיטן צווייטן. אויב עס וועט אַזוי ווייטער גיין, וועט פון לו בלייבן בלויז אַ קופּע ביינער. זי האָט דערגרייכט דערצו, אַז מען האָט אים אָפּגעפירט אין אַ משוגעים-הויז. אָבער דערמיט האָט זי זיך נאָך נישט באַפרייט פון אים; זאָל גאָט באַשיצן! אַ כּלומרשט-אויסגעהיילטער קען אים יעדער טאָג צוריקקערן די פרייהייט און זי וועט אים אויפסניי האָבן אויפן קאַרק. זי קען נישט אָפּאָטעמען אפילו איצט, בעת ער געפינט זיך הינטערן ריגל. קוים איז ער אַוועק פון איר, האָט זי געפייערט גרויסע טריומפן, פונקט ווי זי וואָלט, זייענדיק נאָענט מיט אים, געווען געשמידט אין קייטן. געוויס רעדט מען איצט, אַז זי האָט אים געהייסן פאַרשליסן; די געלע אייפערזוכט דינגט זיך אַ פּאָר צייטונגס-שמירער און מען מאַכט פון איר אַ ווייב מיט הערנער דער-פאַר, ווייל זי האָט פאַרלאַנגט, אַז אַ משוגענער זאָל זיך געפי-נען דאָרט, ווו ער דאַרפט זיך געפינען. אפילו אַז ער געפינט אָבער זיך דאָרט, ווו ער געהערט, קען זי זיך נישט צעשיידן מיט אים, ווייל דאָס מאָדנע געזעץ דערלויבט נישט. אויב ער וועט זיך דאָרט מער נישט געפינען, דאַן וועט דער גט זיין אַן אילוזיע, ווייל ער וועט זי נישט אַרויסלאָזן, און קיינער קען אים דערצו נישט צווינגען. אַ מיאוסע לאַגע.

— וואָס איז דאָ פאַרהאַן צו טון, הער דאָקטאָר?

לוידין שווייגט. ער האָט אַ געוווינהייט אַלץ, וואָס מען דערציילט אים, צו ברענגען אין אָרדנונג אין קאָפּ און פלייסיק צו וועגן די אַרגומענטן.

— מען וואָלט אפשר דעמדאַזיקן מענטש געקענט געבן אַ גרעסערע באַלוינונג? — האָט ער געפרעגט מיט איינגעלייגטע פינגער.

— ער האָט ווייניק דרך-ארץ פאַר געלט. ער איז אַ ־דאַרטאַבער.

— איך װעל טראַכטן דערװעגן, חשובֿע פֿרוי. איך װעל זיך פֿאַרשטענדיקן מיט אײנעם פֿון מײנע בערלינער קאָלעגן.

— טוט עס נישט, — האָט לודװיגאַ דערקום ענערגיש זיך אָנגערופֿן, אױפֿשטעלנדיק זיך. — איך װאָלט נאָך נישט געװאָלט באַגײן קײן שריט פֿון דרױסן אין דעם ענין. איך װיל נישט ארײנשטעקן די האַנט אין דעמדאָזיקן קעסל פֿון כשופֿמאַכערײַנס. עס קאָכט זיך דאָרט נאָך צופֿיל. איך װאָלט נאָך נישט געװאָלט קײן יורידישע אַקציע. איך האָב זיך געװאָלט דערװיסן פֿון אײַך, רײַן טעאָרעטיש, צי מען קען אין אַזאַ פֿאַל נישט געפֿינען קײן גערעכטיקײט, צי איך בין געצװוּנגען ביז צום סוף פֿון מײַן לעבן צו טראָגן דידאָזיקע װילדע חיה אױפֿן קאַרק? צי אײער געזעץ װעט מיך דערצו פֿאַר־אורטײלן?

זי האָט געקוקט אױף אים אַרױסרופֿנדיק, פֿול מיט חוזק און פֿאַראַכטונג. ער האָט אַראָפּגעלאָזט די אױגן, װי ער אַלײן, פֿרידריך לוידין, װאָלט אוממעכטיק געװען קעגן איר.

— גערעכטיקײט, — האָט ער געזאָגט, ציענדיק מיט די אַקסלען, — דאָס זאָלט איר בײַ מיר נישט זוכן. איך קען אײַך העכסטנס פֿירן מיט אַ נישטיק לעמפּל אין דער האַנט דורך טונקעלע געסלעך, כּדי איר זאָלט אױפֿן װעג נישט אַרײַנפֿאַלן אין גריבער און לעכער.

— און דאָס איז אַלץ?

— כּמעט אַלץ.

— און דערמיט פֿאַרבלײַבט עס?

— עס בלײַבט מיר נישט עפּעס אַנדערש.

— אַ שרעק!

— מען װאָלט געקענט אַ סך רעדן דערװעגן.

ער האָט איר געהאָלפֿן אָנטון דעם פֿוטער־מאַנטל. זי האָט אױסגעזען צו זײַן פֿאַרטראַכט. נעבן דער טיר האָט זי זיך אױסגעדרײט און געפֿרעגט, װי עס װאָלט איר פּלוצלונג עפּעס אײַנגעפֿאַלן אין קאָפּ:

— זענט איר אויך נישט דער אדוואָקאַט פון פרוי אַל־מאכער?

ער האָט געענטפערט, אַז יאָ.

— איך וואָלט גערן גערעדט מיט אייך עטלעכע ווערטער וועגן דעם. איך ווייס אָבער נישט, צי עס איז פּאַסיק און צי איר האַלט עס פאר פּאַסיק. אַ חוץ דעם האָב איך מורא, אַז איך האָב אייך שוין צופיל געלאַנגווייליקט...

— ביטע זייער, — האָט לודין געזאָגט מיט אַ געוויסער איינגעהאַלטנקייט און איר אויפסניי געוויזן אַ שטול.

אָבער זי איז געשטאַנען, זי האָט אויף אים אויספאָרשנד געקוקט מיט אַ סודותדיק שמייכל אויף אירע ליפּן, אויף וועלכע די אויסדרוקן האָבן זיך כּסדר געענדערט.

— און אויך דאָ וואָלט איך מיך געווענדט צו דער גערעכטי־קייט, אויב מען וואָלט מיך שוין נישט באַשולדיקט אין חוצפּה,—האָט זי געזאָגט;—ווען איך וואָלט איצט געשטאַנען פאר אַ פריינט, הער דאָקטאָר לודין, ווען דערדאָזיקער באַרימטער און קלוגער דאָקטאָר לודין וואָלט געווען מיין פריינט, און נישט קיין צו־טריטלעכער מושל פון קאַנצעלאַריע, איז גאָט ווייסט, מיט וואָס פאר אַ באַוואָרענישן און סימפּאַטיעס איך וואָלט צו אים געזאָגט: דרייט אויס אויף אַ שעה מיט די פּלייצעס צום בילד, וואָס מען האָט אייך אונטערגערוקט אונטער די אויגן און הייסט אייך ווייזן די צווייטע זייט פון מעדאַל. איך מיין, אַז דאָס האָט שטענדיק אַן אינטערעס; מיינט איר אויך נישט אַזוי?

— איך ווייס נישט, ווי אַזוי איך זאָל עס פאַרשטיין, חשובע פרוי...

— נו, לאָמיר רעדן דייטלעך: די פרוי קאָנסטאַנציע האָט צוזאַמענגעשטעלט אַן אָנקלאַגע. איך האָב קיינעם נישט געגעבן עט קיין סוד: זי דערציילט דאָך אומעטום וועגן דעם און דאָס געשריפטס גייט אום צווישן אירע פריינט פון האַנט צו האַנט. נישט דערפאַר, ווייל ער האָט געוווסט דערפון, נאָר צוליב אַן איינערלעכער באַדערפעניש, האָט אויך דער קאָנסול צוזאַמענ־

געשטעלט אַ מעמאָראַנדום, אַ קורצע אָפּשפּיגלונג פון די אָפּגע־לעבטע יאָרן פון זיין פאמיליען־לעבן. דעמדאָזיקן מעמאָראַנדום האָט מיין פריינט ערנעפּאָלדט. איך וואָלט געוואָלט, אַז איר זאָלט דאָס געשריפטס איבערלייענען, אָדער אויסהערן. עס לוינט זיך די מי. עס פארשטייט זיך אַליין, אַז ערנעפּאָלדט באַנוצט עס נישט צו פּראָפּאַגאַנדע־צוועקן, אָבער אויב איך וועל אים בעטן, און בעטן וועל איך אין אייער נאָמען, וועט ער זיך נישט אָפּזאָגן איבערצוגעבן אונדז דאָס פּאפּיר, ער וועט עס אפילו גערן טון. וואָס זאָגט איר צו דעם פאָרשלאַג?

— אויב עס איז אייער ווונטש, און אויב עס וועט מיך נישט בינדן אין קיין שום פּרט, בין איך צו אייער באַפעל.

— דאָס איז שיין פון אייער זייט, הגם איר האָט עס געגוג פאָרזיכטיק פאָרמולירט. איך בעט, איר זאָלט נישט מורא האָבן; איך וועל נישט אַריינדרינגען אין אייער סאַנקטואריום. איך האָב נישט ליב די רעפּליק. אין יעדער דראמע נודזשעט מיך די רעפּליק. איך וויל וויסן, וואָס איר זאָגט דערצו אַלס יוריסט און מענטש. איך בין אַ נייגעריקע פרוי; מיר ווילט זיך צעהאַקן די שאָל און אַרויסנעמען פון איר די פרוכט. קענט איר זיין ביי מיר מאָרגן אינאָוונט אין טעאטער, אזוי ארום עלף?

לוידין האָט צוגעזאָגט צו קומען.

ווען בעת ער איז געבליבן אליין, האָט ער אויסגעזען ווי אַ מענטש, וואָס דער ווינט האָט אים אַראָפּגעריסן דעם קאפּעלוש.

# XXVI.

עגיד פּרוינדאָרפער איז געזעסן אין סאַלאָן ביים קלאַוויר, בעת לוידין איז אריין. קורטשנדיק די הויכע פּלייצעס, איז ער געזעסן אויף א שטול מיטן קאָפּ אַראָפּגעהאָנגען אויף די קלאַוויאַטור און האָט מיטן וויַיז־פינגער אויסגעקלאַפּט אַ ניגון, וואָס ער האָט מיט שווערקייט אַראָפּגעלייענט פון אַ באַשריבענעם נאָטן־צעטל, וואָס האָט זיך געפינען אויפן פּולפּיט. דאָס קליינע הינטל איז געזעסן נעבן אים איינגעהויקערט, צוקוקנדיק זיך ערנסט און פאַרטראַכט, וואָס דער ריזיקער מענטש טוט.

פּרוי בלום האָט זיך דערוווּסט, אז דאָס צעטל שטאַמט פון מיקאָלאַיען און איז געווען א קאָמפּאָזיציע, וואָס ער האָט סקיצירט א קורצע צייט פאַרן טויט. זי האָט דערציילט לוידינען, אַז פּרוינדאָרפּער האָט גאַנצע שעהען געפּטרט, כדי צו קענען לעזן די נאָטן און צו קענען שפּילן זיי אויף אַן אינסטרומענט.

— עס איז שווער צו גלויבן, ווי טייוולאָניש עס איז צו שפּילן אויף קלאַוויר, בעת מען קען נישט, — האָט פּרוינדאָרפּער געברומט, אויפשטייענדיק מיט א קרעכץ און אריינגייענדיק מיט לוידינען אין צווייטן צימער. — איך האָב געמיינט, אַז עס איז גענוג בלויז צו זעצן זיך נעבן קלאַוויר און מען איז שוין אַ בוסאָני. אָבער אַזוי איז מיט אַלעם. בלויז עם־הארצות לאָזט דעם מענטש האָבן זיכערקייט אין זיך, הער שמידט, קריכט אריין אין אייער קויש. זעצט זיך, לוידין.

ער האָט פונאַנדערגערוקט אַ פאָרהענגל, האָט ארויפגעשטעלט אויפן טיש וויסקי און זאָדע־וואַסער, האָט דאָס עלעק-

טרישע לעמפּל, אָפּגערוקט פון מיטן טיש צום ברעג, האָט פאַררויכערט א ציגאַר און זיך געזעצט אַנטקעגן לוידינען.

— נו, וואָס ווילסטו זאָגן? — האָט ער געפרעגט דעם פריינט, וויינדיק אויפן צימער מיט א ברייטער באַוועגונג. — וואָס זאָגסטו דערצו, וואָס עס איז אַזוי ריין ביי אונדז. פילסטו די טיראַניי פון דער בערשט, מיט וועלכער עס פירט איר ממשלה די פרוי בלום? זי האָט ממש א פוריע, מיין טייערער, אויסצוראָטן שמוץ. אַ חוץ דעם איז זי א גאַנץ ווילע דאַמע.

— יאָ, איך זע, — האָט לוידין געזאָגט מיט אַ שמייכל, — אָבער פאַרוואָס ביזטו אַזוי באַוואקסן? שערסטו זיך מער נישט?

פּרווינדאָרפער האָט אַ פיר געטון מיט דער האַנט איבער דער גאָמבע.

— שטער איך דיר דערמיט? דו פאַרקערסט צופיל מיט פלאַכע פאַרשווינדלעך. צוויי זאַכן קען מען נישט טון אויף איינמאָל. מען קען זיך נישט לערנען שפּילן אויף אַ פּאָרטעפּיאַן און פּריזירן זיך. בפרט, ווען די מוזיק ווירקט אַזוי אויף די נערוון, ווי מיר, און פאַרמאָגן צום גאָלן האָט מען נאָר איין בריטווע, וואָס דער צאָן פון דער צייט האָט צופיל אָפּגעטעמפּט. איך האָב דעריבער די בריטווע געלאָזט אָפּרוען א געוויסע צייט. איך האָב באַמערקט, אַז מען נוצט צופיל אויס די זאַכן. זיי קענען זיך נישט גענוג אָפּרוען. אַז זיי רוען זיך אויס, קומען זיי צו זיך און פונקציאָנירן ווייטער. דאָס איז נישט שייך בלויז די בריטווע, נאָר אויך די שיך, ספּינקעס, דעם ציגאַר־אָפּשניידער און די פעדער צום שרייבן. פּרווו עס אַמאָל, לוידין, אַלע זאַכן, וואָס מיר האַלטן פאַר נישט פילנד, וועלן דיר זיין דאַנקבאַר. אין מיין געשיכטע פון די מענטשלעכע נאַרישקייטן גיב איך אָפּ דערדאָזיקער אַנטדעקונג אַ גאַנץ קאַפּיטל. דאָס קאַפּיטל הייסט: „וועגן דעם ווידערשטאַנד פון די זאַכן".

ער האָט נאָך לאַנג גערעדט אויף דערדאָזיקער טעמע און גערעדט האָט ער וועגן נקמה פון די זאַכן און וועגן דעם אופן, ווי אַזוי מען זעט עס, למשל, אַלס זשאַווער, אָדער אַלס

פּעטע פלעקן אין ביכער, אָדער אלס אויפגעפּלאַצטע ערטער, אָדער אלס קאַליע־געוואָרענע שלעסער, וואָס איז נישט קיין שום אנדערע זאַך, ווי אַ מאַניפעסטאַציע פון דער זאַך; עס איז אַן אומצופרידנהייטס־אויסדרוק דערפאַר, ווייל מען נוצט זי צו־פיל אויס; עס איז אַ בונט פון קנעכט. ענדלעך האָט לוידין, וויסנדיק, אז פּרווינדאָרפער וואַרט דערויף, געענדערט דאָס טעמע פון שמועס און אָן הקדמות אים גענומען דערציילן מכּח דעם געשפּרעך מיט לודוויגאַ דערקום.

ער האָט וואָרט ביי וואָרט איבערגחזרט, וואָס זי האָט אים געענטפערט, אָפּהאַלטנדיק פון וועלכע־עס־איז זייטיקע באַמערקונגען.

פּרווינדאָרפער האָט פון צייט־צו־צייט געשאָקלט מיטן קאָפּ. ווען לוידין האָט געענטפערט, האָט ער געזאָגט מיט דער אַרויסגערוקטער אונטערשטער ליפּ, ווי ער וואָלט מיט איר אַרויסגעשעפּט ווערטער.

— א שיינע מעשה. אָבער אַ מעשה.

— וואָס פאַר אַ מעשה?—האָט לוידין געזאָגט, קנייטשנדיק דעם שטערן. — בין איך א מענטש, וועלכן מען קען שפּייזן מיט מעשות?

— ניין, דו ביזט נישט געווען דער ערשטער און נישט דער לעצטער. אויף דעם געביט האָסטו נישט קיין באָדן אונטער די פיס. דו ביזט פאַרבלענדט. די אומוואַרשיינלעכקייט שטעקט נישט אויסנווייניק. זי שטעקט אינעווייניק: אין מעכאַניזם. מען דאַרפט הערן דאָס קלאַפּעריי פון די רעדער, דאָס געמורמל פון די שרויפן.

— איך האַלט נישט, אז לודוויגאַ דערקום זאָל האָבן באַהאַלטן פאַר מיר דעם אמת, — האָט לוידין געענטפערט, צעשפּרייטנדיק די האַנט אויפן טיש. —איך האַלט נישט, אז זי זאָגט ליגנט. איך קען אפילו נישט אָננעמען, אז זי האָט דעם אמת איינגעהילט אין באַנוול. איך בין זיכער אין מיין איינ־

דרוק, אויב דו שטיצסט זיך אויף דער דערפֿאַרונג, וואָס אין ביינציק אויף הונדערט פֿאַלן קען זי ריכטיק זיין, שטיץ איך זיך אויפֿן געפֿיל, וואָס אין קיין איין פֿאַל אויף הונדערט קען עס זיך נישט טועה זיין. דאָס איז אַ וועלט. וועלכע איז פֿרעמד פֿאַר אונדז; ריכטיק, פֿאַר מיר איז זי אפֿשר מער פֿרעמד, ווי פֿאַר דיר. דאָס איז, נישט צוליב איין סיבה, אַ פֿאַספֿאַריזירטע וועלט, וואָס איז אויפֿגעבויט אָן אונדזערע מאָראַלישע באַציונגען פֿון שווערער געוויכט. גוט, דידאָזיקע פֿרוי איז אָבער ווי אַ פֿייל, וואָס שניידט די וועלט אדורך און באַרירט זי נישט. כּבֿוד דעם פֿאָרורטייל. ער שטיצט זיך אָפֿט אויף בלוטיקע ציפֿנס, וואָס עס ווייזט דער געזעלשאַפֿטלעכער אָרגאַניזם, און אויף דער פֿלאַך, אויף וועלכער מיר געפֿינען זיך, איז דאָך דער מענטש סוף-כּל-סוף דאָס, וואָס ער גייט אָן. אָבער כּבֿוד אויך דעם אורטייל. די דערשיינונגען זענען אָפֿט נישט אָפּצולייקענען. אויב איך בין אמאָל נישט פֿעיק צו פֿאַרשטיין עפּעס אַ פּערזאָן, — און איך מוז מיך מודה זיין, אַז איך בין נישט משׂיג דידאָזיקע מאָדנע פֿרוי, איך קען נישט ארומגיין נעבן איר און זיך צוקוקן, — איז עס דאָך נישט קיין סיבה, אַז איך זאָל זי אָפּשטעמפּלען צום שלעכטן דערפֿאַר, ווייל זי געהערט צו אַ שיכט, צו וועלכן מען קען נישט האָבן נישט קיין צוטרוי. אָט טאקע דעמאָלט דאַרפֿט מען זיך טאָפּלט באַמיען. מען טאָר נישט פֿאַרגעסן, אַז מען האָט צו טון מיט אַ געניאַלער נאַטור.

פּרווינדאָרפֿער האָט ערנסט געקוקט אויפֿן פֿריינט.

— הם, — האָט ער געזאָגט נאָך אַ לענגערער פּויזע. און דערנאָך אין אַ ווייל ארום: — און וואָס ווילסטו זאָגן דערצו?

ער האָט ארויסגענומען אַ נאָטן-בלאַט, מיט וועלכן ער איז געזעסן ביים קלאַוויר און וואָס ער האָט איינגעלייגט און באַהאַלטן אין קעשענע. ער האָט עס געעפֿנט, עס דערלאַנגט לוידינען און אָנגעוויזן אויף אַן אָרט אונטער די פֿאַרשריבענע נאָטן. עס האָבן זיך דאָרט געפֿינען פֿאָלגנדע ווערטער:

„אך לו, דו האָסט מיך אויסגעהערט; ווי אזוי זאָל איך דיר דאנקן ?"

און עטלעכע שורות פון אונטן:

„איך האָב געפּרעסט דיין הערלעכן קערפּער, טייערע, זיסע".

— נו, — האָט פּרוינדאָרפער געפרעגט מיט א בייזן שמייכל, בעת לודין האָט געשוויגן.

פון לודינס שטערן איז אויך אראָפּגעשווומען א גראָקייט.

— איך זע נישט, אז דו זאָלסט זען דערין א ווערטפולן באַווייז, — האָט ער געזאָגט מיט שווערעקייט. — פארשטייט זיך אז אַזא זאך פאַרפירט. אָבער דאָס איז בלויז א ליבע־פאַנ־טאַסמאַגאָריע, אַ חלום פון א ליידנשאפטלעכער נשמה, יונגע קינסטלער פאַרווירקלעכן געוויינלעך זייער בענקשאַפט במחשבה. אָט דאָס איז עס.

— האַלטסטו דיך ביים פּלאַטאָניזם, מיין מיזאַנטראָפּ ?

לודין איז אויפגעשטאַנען. מיט זיין שלאַנק געשטאַלט האָט ער זיך פייערלעך אוועקגעשטעלט נעבן דעם פאַס שמאַלץ, וואָס פּרוינדאָרפער האָט מיט זיך פאַרגעשטעלט און געזאָגט:

— זאָג מיר, וואָס פאַר א סיבה האָט זי צו זאָגן ליגנט ? זי איז פריי. זי איז אומאָפּהענגיק. זי האָט נישט פאַר קיינעם וואָס מורא צו האָבן. וואָס איז דאָ צו פאַרשווייגן און צו באַ־האַלטן ? וואָס קען זי אַזוינס קאָמפּראָמיטירן און פאַרשעמען, אויב זי זאָל זאָגן דעם אמת ? אפילו אין דער בירגערלעכער געזעלשאַפט האַלט מען זיך אַזוי נישט איין. צו וואָס דאַרפט זי אונדז פאַרבלענדן די אויגן מיט אַן ענין, וואָס איז נישטיק און נאַריש אין אירע אויגן ? אומזין.

פאַרמרויזשענדיק די אויגן האָט פּרוינדאָרפער אויסגערופן, האַלטנדיק א ציגאַר צווישן די ציין:

— הער שמידט, קום אַהער !

דאָס הינטל איז אַן חשק אַרויסגעקראָכן פון קויש און צוגעגאַנגען צו פּרוינדאָרפערס שטול.

— הער נאַר, הער שמידט, — האָט פּרוינדאָרפער געזאָגט און סאַפּנדיק האָט ער זיך אַראָפּגעבויגן צום הינטל. — הער אויפמערקזאַם. אינדזער פריינט ווייסט נאָך נישט, וואָס עס הייסט ליגנט. ער קען נישט זיין פּח! ער קען נישט זיין זין! ער קען נישט זיין נידריקע אומנוציקייט און א זאַך, וואָס מען קען נישט אָנטאַפּן! ער קען בלויז די געוויינלעכע אידילישע ליגנטס, די ליגנטס פון וואַלד און פעלד, אויף וועלכע מענטשן שיסן אויף א דערווייטערטן מרחק פון דריי שריט, און טרעפן. ער קען נישט דעם עטערישן ליגנט, דעם ליגנט איבער אַלע ליגנט! דעם אַלוועלטלעכן ליגנט, דעם דעמאָנישן ליגנט, וואָס זאָגט איר דערצו, הער שמידט? עס זענען נאָך דאָ קינדער. גרויסע, באַרימטע, פאַרשטיינערטע אַדוואָקאַטן שפּאַצירן נאָך אַרום אין קינדערישן גערטנדל פון באַגריפן; איך בין קליין, מיין האַרץ איז ריין...

— עגיד! — האָט לוידין געזאָגט אַן איבעראַשטער, צופרידן זיך, — ביזטו שיכור?

— נו, נו, גוט. —האָט זיך פּרוינדאָרפער באַרויקט, דריקנדיק מיטן פוס דעם אויסגעבערנטן ציגאַר אויף דער פּאָדלאָגע. — דאָס איז אַן ארויסגעשאָסענער זיפץ. א פאַנטאַזיע אויף דער סטרונע ג. אַן אַפּאָקאַליפּטישע רייזע. איבעריקנס האָסטו דיין „געניאַלע נאַטור” געפרעגט וועגן אָפּברי־וווּנד אויפן נאַקן.

— דאָס איז נישט מעגלעך געווען, — האָט לוידין געזאָגט מיט אַן אויסמיידנדיקן טאָן. — אזוי גאָנט צוצוגיין צו איר דערלויבן מיר נישט די אומשטענדן. דו זעסט די לאַגע אין א לחלוטין פאַלשן ליכט. איבעריקנס, האָב איך נישט קיין פּאַרמאַכטן וועג; פריילין דערקום האָט זיך געווענדעט צו מיר אין אַן ענין, וואָס גייט אָן בלויז איר אליין, און ווייל איך וועל זי זיכער זען און מיט איר רעדן, וועל איך אין אונדזער ענין נאָך קענען פאָרשן און זוכן, און איך וועל דאָס טון.

פּרוינדאָרפער האָט צוגעשטימט. דער קאָפּ איז אים אַראָפּגעפאַלן אויף דער ברוסט. ער האָט אויסגעוויזן צו שלאָפן. הער

שמידט איז ארייגעקראָכן אין זיין קויש. לוידינען איז באפאלן
א טיפע געדריקטקייט און ער איז דעריבער נישט לאנג געווען
אין צימער. בעת ער האָט זיך געזעגנט, האָט אים פרוינדאָרפער
מאכטלאָז דערלאנגט די האנט.

# XXVII

ערנעפאָלדט און מאיא ערנעפאָלדט האָבן זיך שוין געפינען אין אטעליע, בעת לוידין איז אריינגעקומען. לודוויגא דערקום האָט דערלאנגט מאיאן עפּעס א ביכל און זי ארויסגעבעטן. לוידין האָט די שטול אָפּגערוקט פון אונטערן ליכט און די אקטאָירקע האָט מיט איר מאָדנע שיין קול גענומען לייענען:

*     *

עס טרעפן זעלטן, אַז א *מאנספּערשוין זאָל חתונה האָבן מיט אזוי פיל גרויסע האָפנונגען, מיט וועלכע איך בין אריינגעטרעטן אין פאמיליען־לעבן. אין קאָנסטאנציען האָב איך געזען נישט בלויז א בויערין פון אונדזער נעסט און א וועכטערין פון מיינע באקוועמלעכקייטן, איך בין געווען זיכער, אז מיינע ווונטשן און האָפנונגען וועלן מקוים ווערן. איך האָב דעמאָלט געענדיקט דרייסיק יאָר און אין א געוויסער מאָס בין איך שוין געווען זאט מיט דער וועלט; אלס באזיצער פון אָנזעעוודיקע אונטערנעמונגען און פארצווייגטע געשעפטן, האָב איך געזען צופיל עגאָיזם, קאַריעריזם און שלעכטס, זייענדיק אליין נישט איינמאָל זייער קרבן; דאָס פאמיליען־לעבן האָט מיר דעריבער אויסגעוויזן צו זיין א שוץ־וואל, הינטער וועלכער — האָב איך געגלויבט — איך וועל זיך קענען באהאלטן, בעת עס וועט מיך צופיל פייניקן דער טומל. איך האָב אָבער געמוזט שפּעטער דערקענען מיין פעלער, הגם איך האָב אין די ערשטע יאָרן נישט געהאט קיין סיבה ערנסט צו באקלאָגן זיך. די ערשטע יאָרן פון

פאמיליען-לעבן באדייטן אָבער גאָרנישט. די כאראקטערן מוזן זיך קעגנזייטיק אנטוויקלען און אויסשלייפן; פון ביידע זייטן פאָדערט זיך און איז נויטיק א סך נאָכגיביקייט. דאָס צוזאמענ־לעבן איז נאָך ביי און איינער העלפט גערן דעם אנדערן; דער מאן פילט זיך אַ הער און קיינער זאָגט אים נישט אָפּ דידאָזי־קע ראָלע; די נשמה און דער מח פון דער פרוי זענען פאר־נומען מיט דער אנטוויקלונג פון איר פערזענלעכקייט, וואָס אנטפּלעקט זיך אָפּהענגיק פון וועג, וועלכן זי געמט אלס רייפער מענטש. דאָ פארגעסן געוויינלעך די מענער וועגן דער אנט־שיידנדער זאך, וועגן ארייננעמען אין די הענט די צוים און קירעווען מיט איר, ווען מען דארפט. אין א געוויסן טאָג ווונ־דערן זיי זיך, וואָס עס שטייט פאר זיי אן אנדערער מענטש, ווי דער, וואָס איז אין זייער געמיינזאמען לעבן אויסגעוואקסן נעבן זיי.

און אָט וויל איך זאָגן, אין דער מיטעלער ביגערלעכער שיכט, אויב די ליידנשאפטן און די אייגנשאפטן טוען זיך נישט צו בולט ווידערשפּרעכן, קען ערשט די טבע פון פאמיליען-לעבן אָפּגעשאצט ווערן נאָכן אָפּלויף פון א לענגערער צייט, נאָר דורך דעם פאָרפאָלק אליין. אין קאָנסטאנצן האָב איך פרי אנטפּלעקט א נייגונג, וואָס איך קען באצייכענען אלס תּאוה צו זיין ארומ־גערינגלט מיט מענטשן, און דאָס מיט מענטשן פון דער גע־זעלשאפט, זי האָט ליב געהאט צו זיין דער מיטלפּונקט פון קרייז און דער קעגנשטאנד פון זיין באוואונדערונג. זי האָט ליב געהאט צו בלישטשן, נישט מיט צירונג און קליידער, נאָר מיט גייסט און בילדונג. זי איז געווען א באלעזענע און האָט איבער אלץ געשאצט באלעזנקייט, און אויב איך האָב גערעדט וועגן מענטשן פון דער געזעלשאפט, וואָס זי האָט מיט א געוויסער פלייסיקייט צוגעצויגן צו זיך אין הויז. מיין איך מענטשן מיט בילדונג, געלערנטע, אדוואָקאטן, דאָקטוירים, שרייבער און קינסטלער. עס האָט אויסגעוויזן, אז מען קען גאָרנישט האָבן צו אזעלכע באציונגען און נישט אנטקעגנשטעלן זיך אזא אמ־

ביציע. אָבער עס איז פאראן א פונקט, ווו די גייסטיקע פארינ־
טערעסירונג בארירט שוין נישט אונדזער פערזאָן און שטעלט
מיט זיך פאָר בלויז א באומרויקנדע תאוה, וואָס פארגעסט אָן
פליכטן און שאפט התחייבותן דאָרט, ווו זיי דארפן נישט זיין,
הגם א געוויסער, חניפהדיקער עקל צו דער כלומרשטער באנא־
ליטעט פון טאָג־טעגלעכן לעבן ברענגט אָפּצולייקענען אלע רע־
גולן און געזונטע נויטווענדיקע דערשיינונגען. איך האָב, הייסט
עס, נישט געהאט בלויז ריין־עגאָיסטישע ספקות פון א מענטשן,
וואָס האָט ליב באקוועמלעכקייטן, בעת איך האָב אזויפיל געסט
געטראָפן אינאָוונט אין דער היים, ווען איך בין געקומען א
פארמאטערטער און געוואָלט אויסרוען זיך, אָדער פירן א שטילן,
רויקן שמועס. באפעלן צו האמעווען זיך איז א שווערע זאך.
ווילנדיק פארטיידיקן די וויכטיקסטע רעכט, איז מען תיכף א
טיראן און א שטערער פון ווען זיך פארזיילן. אויב מען דער־
לויבט אָבער אלץ, דאן וואקסן אויס די נישט־ניתאדיקע זאכן
פון א לאסט אין לעבן. יעדע טאדלונג האָט שוין אין זיך א
מחלוקת, יעדער געגן־מיינונג א לאנג־דויערנדע דיסהארמאָניע;
אויב דער בליק און די מינע רעדן שוין נישט, ווי מען דארפט,
איז דאָס גליק פארלוירן. מאָדנע איז, וואָס אלע מענטשלעכע
פעלערן שטאמען פון ווען צופּאַסן די באדינגונגען צו עפּעס
אַ גרונט־שטריך פון מענטשנס כאַראקטער. אַזוי איז דאָ געשען.
די געפלאנטע און מיט אַלע מיטלען קינסטלעך־געשטייגערטע
שפּאַנונג פון גייסט האָט דערפירט צו אָפּגעלאָזנקייט און שפּע־
טער, אַלס ווייטערדיקער פועל־יוצא, צו גרינגשעצן דאָס טאָג־
טעגלעכע גלייכגעוויכט. דאָס באַלעבאַטישקייט האָט גענומען
סקריפּן, ווי אַ פארזשאווערטע טיר. די דינערשאַפט האָט נישט
געפילט איבער זיך קיין אויבער־האַנט און האָט נישט געהאַט
קיין צוטרויען צו א הויז־פרוי, וואָס האָט נישט געקענט געפונען
קיין צענטער צווישן אַ באַליידיקטן שטאָלץ און אַ קאַפּריזנער
העפלעכקייט, צווישן ווידערשטאַנד און שוואַכקייט. דער וויל־
שטאַנד פון הויז שטיצט זיך אָבער אויף מענטשן, וואָס באדי־

צען עס; עס איז פאַראַן אַן אַטמאָספערע פון פרייוויליקייט און די הויז-פרוי קען נישט חלומען וועגן רעגירן מיט איר קעניגרייך, אויב זי טוט נישט עפּעס אַנדערש, ווי באַפעלט און צאָלט די מענטשן. קאָנסטאַנציע איז שטענדיק פאַרטרונקען געוואָרן אין אַן אייגענער אַילוזיע, אַז צונעמענדיק אַ מענטש צום באַדינען, האָט זי אים זיך געקויפט און ער געהערט צו איר מיט לייב און נשמה; דעריבער האָט יעדער אומווילן און גרעבעץ-איבערטרעטונג תיכּף דערוועקט אין איר אַ שטאַרקן גרימצאָרן און עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אַפילו גוטע מענטשן האָבן, קומענדיק אין איר באַרירונג, אַרויסגעוויזן שלעכטע זייטן פון זייער כאַראַקטער, פונקט ווי זיי וואָלטן באַהערשט געוואָרן פון אַ שלעכטן כּשוף. זי האָט אַליין געליטן דערפון און זי האָט זיך דאָס נישט געקענט דערקלערן; בעת איך, קענענדיק די סיבה, האָב זי פאַרזיכטיק געוואָלט אויפקלערן, איז זי אַרויס מיט כּעס אויף מיר. ווען עס זענען שפּעטער אַנטשטאַנען סכסוכים און קריגערייען און דאָס שטוב-מיידל, אָדער די קעכין, אָדער דער לאָקאַי, די אַם, דער גערטנער, אָדער עטלעכע מענטשן צוזאַמען האָבן צווישן שרעקלעכע סצענעס, דראָונגען און געשרייען פאַרלאָזט דאָס הויז, כּדי אָפּצוטרעטן די ערטער אַנדערע, וואָס זענען לכתחילה געווען גאַנץ גוט, נאָר מיט דער צייט זענען זיי עפּעס, פאַר קאָנסטאַנציען אומבאַקאַנטע סיבות, קאַליע געוואָרן, האָט זי, איבער מיין וואַקלענדיקער האַלטונג, מיך אָנגעהויבן חושד זיין אין אַ שטילער פאַרשטענדיקונג מיט דער דינערשאַפט; זי האָט געהאַט אַן אומגליקלעכע נייגונג צו זען אומעטום אַטענטאַטן און פאַרשווערונגען: אַ שטריך, וואָס איז כאַראַקטעריסטיש ביי אַלע לעבנספרעמדע און נישט-זיכערע מענטשן, און וואָס איז, ווי איך האָב מיך איבערגעצייגט, אויסגעוואַקסן צו אַ פאַרפאָלגונגס-מאַניע, בעת דער בעל-דבר איז שוין נישט פעיק צו זען זיך אַליין, האָט נישט קיין פאַרגלייך-מאָס, ווערט צוגעוווינט צו האַלטן זיך פאַר אַ מאָס פון אַלע זאַכן, הויפּטזעכלעך דערפאַר, ווייל ער זעט זיך אַליין נישט. עס העלפט דאָ נישט קיין

שום לערנען און אָנווייזן. אדרבא, אזא פאַרבלענדעטער וועט האלטן פאר אַ שונא — (אפילו, זוען ער ליבט אים אָדער מיינט, אַז ער ליבט אים) — יעדן, וואָס האלט אים אָפּ צו זיין אויפן געפערלעכן וועג און וויל אים עפענען די אויגן אויף די טרויע־ריקע פאָלגן פון זיינע מעשים. איך בין נישט קיין לערער און דערציער; איך האָב אַן אומגעדולדיק הארץ, הגם אַ געדולדיקן מוח, אויב מען וועט נאָר פארשטיין און אנערקענען דעמדאָזיקן אונטערשיד. געוויס איז די אומגעדולדיק־יט מיט דער צייט פאַר־וואַנדלט געוואָרן אין רעזיגנאַציע; איך האָב געזען, אַז מען קען מענטשן נישט העלפן און יעדער בלייבט ביי זיינע אייגנ־שאפטן, וואָס זענען אַזוי נישט אָפּצוטיילן, אַז מען וואָלט נאָר איינע צוגענומען, וואָלט דער מענטש געמוזט שטאַרבן; אָבער דעמאָלט האָב איך מיך נישט געקענט פארהאַלטן רויק, בפרט, ווען מען האָט פאַרוווּנדעט מיין גערעכטיקייטס־געפיל. דידאָזיקע דערקלערונג איז נישט אזוי פאראַדאָקסאַל, ווי זי זעט אויס צו זיין. דער גערעכטיקייטס־ווילן ווייזט אַרויס, בעת ער אַנטשטייט, א טענדענץ איינצוטיילן די גייסטיקע לאַסטן און די מינדסטע איבערדרוקונג ווארפט די אינערלעכע נאטור אַריין אין א נישט־היילבארער אומאָרדנונג אזוי, אז מען האָט דעם איינדרוק, ווי די וועלט וואָלט זיך געטרייסלט. מיר שעצן איבער אונדזערע קאָמפּעטענצן און מאָסן, בעת מיר בויען אין זיך אַן אידעאַל און דאָס גוטע איבם מענטשן ווערט דערנאָך אַ גאַסט פון ביין.

עס איז אייגנטלעך נישטאָ קיין גענוגנדע סיבה אָנצושרייבן דידאָזיקע זכרונות, א חוץ דאָס, וואָס איך וויל רעווידירן די פאַרגאַנגענהייט, כדי אויפצודעקן דעם פעלער אָדער פעלערן, וועלכע האָבן געבראַכט דעם חורבן פון מיין פאמיליען־לעבן און פאראומערט די שענסטע פון מיינע מענערישע יאָרן. ווילנ־דיק ערלעך צוטרעטן צום דאָזיקן ווערק, מוז איך זיך טיף אונטער־גראָבן צום דאָזיקן וווּרצל פון דער עקזיסטענץ און ביי אַ גע־וויער אונטערזוכונג וועל איך זען דעם פעלער דאָרט, ווו עס

האָט זיך אַמאָל אָנגערופן דאָס וואָרנענדע קול פון אינסטינקט, וואָס מען האָט אָבער נישט געהערט. אין יעדן לעבן געפינט זיך גאָט אויף א ווייל און רעדט מיט אונדז; אויב מיר פאַרשטייען נישט זיינע אָנווייזונגען, אָדער פאַרבאָטן, פאַרלירן מיר אין אונדזערע באַשלוסן זיין חסד און מיר האָבן שוין נישט קיין רעכט צו באַקלאָגן זיך אויף אונדזער גורל. יעדער אויסוואַל מוז געמאַכט ווערן מיט דעם הייליקן געפיל פון פאַראַנטוואָרטלעכקייט, און וואָס הייסט פאַראַנטוואָרטלעכקייט, אויב נישט דאָס, וואָס דעם אומענדלעכן וועזן, וואָס דרינגט אין אונדז אַריין, געבן מיר אַן ענטפער, בעת ער פרעגט אונדז און פאָדערט אַ דין־וחשבון; עס איז איבעריק צו זיין געגבוי; עס זעבען דאָ פאַראַן וועכטער, וואָס לגבי זיי דאַרפט מען אויסמיידן אַפילו אָנצוהערענישן.

אַזוי ווי עס איז פאַראַן אַ רייד וועגן קינדער, מוז איך מיך מודה זיין, אַז ערשט איצט זע איך איין, ווי שווער דאָס אַלץ איז אויפצוּוויקלען, ווי שווער עס איז צו באַלייכטן. אין פראַגן פון שטראָף און דערציונג האָבן זיך מיינע און קאָנסטאַנציעס איבערצייגונגען שטאַרק אונגעשידן. דער פירוד אין דעם פרט האָט זיך שוין אָנגעהויבן דעמאָלט, ווען די קינדער זענען נאָך געלעגן אין די וויגן און דער פירוד איז געוואַקסן מיטן לויף פון די יאָרן, ביז ער איז געוואָרן אַן אָפענער שטרייט. איך וואָלט געמוזט צופיל זיך אַריינלאָזן אין פרטים, ווען איך וואָלט געוואָלט דאָס אַלץ פאַרשרייבן שטופּנווייז, שריט נאָך שריט. אין אַן אַנאַליטישער באַשולדיקונג וואָלט זיך אויסבעטיילט דאָס, וואָס געהערט דעם גרויסן געזעץ, בעסער געזאָגט, דעם גרויסן פאַטום. אַך, דאָס זוכן די שולד און די סיבות, בעת דאָס קינד איז געווען נישט־געזונט; דאָס פאַרצווייפלטע רופן דעם דאָקטאָר יעדעס מאָל; דאָס נישט האַלטן זיך ביי איינס, וואָס האָט נישט געקענט אָנרופן די ליידן מיט דער געהעריקער גיכקייט און דאָס רופן הינטער זיינע פּלייצעס א צווייטן און אַ דריטן; מען האָט געוואַרט אויף דערהאַלטונג, דערביי האָט מען

לחלוטין אויסגעמיטן די נאַטור און די שטערן. די פאַרצערטלטקייט, וואָס האָט געזעען אין דער גאַנצער וועלט און אין דער מענטשהייט אַן עלעמענט פון בייזקייט און יעדן דערפאָלג און בעסערונג האָט זי זיך אַליין צוגעשריבן. קיין שום פאַראָרדנונג פאַר די אונטערוואַקסנדע קינדער, וואָס זאָלן פריערויס נישט אָנערקענט ווערן דורך דער מוטער; קיין שום לערער, קיין שום שול, קיין שום איינפלוס פון דרויסן, וואָס זאָלן קענען באַפרידיקן די איבערגעשעצטע פאַרלאַנגען. בעת עס האָט זיך געענדיקט דער פעריאָד פון דער מוטערלעכער אויפזיכט, האָט זיך אָנגעהויבן געפאר, קראַנקהייט, מאָראַלישע ירידה, אומפעיקייט, אומרעכט. און ווי מאָדנע און טרויעריק איז עס, אַז דיזעלבע מוטער, וועלכער עס האָט אויסגעוויזן, אַז זי פירט מיט דעם גורל פון אירע קינדער, אַלס אַלוויסנדע געטין, האָט זיך צוגעהערט צו די שעפטשערייען פון נידעריקע באשעפעניש, און איר פאַרעקשנטער ווילן האָט זיך שטענדיק געבויגן פאַר די, וואָס האָבן איר געקענט חנפענען און איינרעדן איר די גרעסטע שתותערייען און זי איבערצייגן אין דער גרויסקייט פון איר פערזאָן און אין דער גרויסקייט פון אירע כאַאָטישע און נעפלהאפטע פאָרשטעלונגען וועגן דער וועלט. בעת זי האָט נישט באַגעגנט קיין ווידערשטאַנד, האָט זי ארויסגעוויזן א קינדערישע האַרציקייט פונקט אזוי, ווי זי האָט אין רויקע מינוטן אַרויסגעוויזן עפעס נאַיוועס און גוטעס; אָבער די מינדסטע באַוועגונג האָט אויפגעוועקט בייזע מחשבות און אזוי ווי מיט דער צייט איז דאָס באוועגן זיך, לויפן, זיין פאַרשמייעט געוואָרן אירס א געוווינהייט, איז זי פארלוירן געוואָרן אין איר אייגענעם האַרמידער און האָט געמאכט איין פעלער נאָכן אַנדערן, איין דורכפאַל נאָכן אנדערן; זי איז אַראָפ פון די כוחות, איז שוואַך געוואָרן. בעת אינם קינד האָבן זיך געוויזן שלעכטע נייגונגען, האָט דער קאמף אויפגעהערט. האָבנדיק צו טון מיט העכערע זאַכן, איז פארשווונדן דער לעבנס־אמת; מען האָט געשוועבן אויף פליגלען, איז מען שוואך געגאנגען. בעת עס איז שפעטער

עקומען די אומפאַרמיידלעכע ירידה, דעמאָלט האָבן זיך די קללות און זידלערייען אַ שאָט געטון אויפן מאַן, דעם אַפּוטרופּס, דעם וועכטער, וואָס איז נישט געקומען צו דער צייט, כדי צו היטן און שיצן. מען האָט זיך דערמאָנט אין די פאַרגאַנגענע יאָרן, כדי צו געפינען באַווייזן פאַר די באַשולדיקונגען, וואָס מען האָט נישט געקענט אויפווייזן, ווייל די שולד ליגט נישט דאָרט, ווו מען זוכט זי; דאָס גאַנצע געוועב פון דער עקזיסטענץ צערייסט זיך אָפּט אין עטלעכע ווייטיקלעכע נאַכט-שעהן, כדי אונטערצושטיצן די אָנקלאַגעס, וואָס קיין שום פאַרטיידיקונג קען נישט אָפּשוואַכן. מער בייסנדיקער עלנט אַנטשטייט אויף דער ערד פון אויסגלייכנדע, מילדערנדע רעדעס, ווי אומגליקן פון דעם, וואָס מען צעברעכט דעם אַנדערן ס'האַרץ, פּטור ווערנדיק פון אים מיטאיינמאָל.

ווי מענטשן קענען זיך אָנטרינקען מיט ליגנט, וואָס באַרעכטיקט אין זייערע אייגענע אויגן זייערע טאַטן און נאַכלעסיקייטן, און רינגלט זיי אַרום כלומרשט מיט איידלקייט און אָפּפערוויליקייט; ווי זיי קענען עס צירן זיך דערמיט ביז צום פאַרלירן די אורטיילס-פעיקייטן און ביז צו באַוווסטלאָזיקייט, און ווי דערדאָזיקער ליגנט ווערט אַ פּאַראַזיטישער ראַק, ווערנדיק געבוירן צווישן געשווירן און לעבט ביז די נשמה הערט אויף איר טעטיקייט, וואָס גאָט האָט איר באַפוילן צו טון! עס זענען פאַראַן פרויען, וואָס מען טוט צופיל באַלעסטיקן, אויב מען האָט מיט זיי קינדער. אַלס באַשעפענישן פאַר זיך אַליין קענען זיי זייער געאַכטעט ווערן; זיי קענען זיך העלפן מיט זייערע שוואַכע כחות; פאַר זיך קענען זיי טון, וואָס זיי ווילן, און צום סוף, פאַרשליסנדיק זיך אין זיך, קענען זיי דערגרייכן אַ גינסטיקע דערציונג אַלס מענטשן, וואָס דאַרפן קנאַפּ האָבן דעם כלל. אָבער ווען זיי געבן אַרויס אויף דער וועלט קינדער, דאַן האַלטן זיי זיך מיטאיינמאָל פאַר זייער וויכטיקע מענטשן, אַזוי וויכטיק, ווי נאָך קיינמאָל נישט ביז-אַהער; עס קומט אויס אַ נס, וואָס זיי, וועלכע קעמפן נאָך פאַר אַ רעאַל לעבן און אין זייער געפילפו-

לער נישט-זיכערקייט פֿאַרשטייען זיי זיך אַליין נישט און גלויבן נישט אין זיך, אַז זיי האָבן באַשאַפֿן עפּעס לעבעדיקעס. תּיכּף ווערט די פֿלעגע אַ ליידנשאַפֿט, אַ נאַטירלעכער חוב, אַ פֿייערלעכע דינסט, אַן אומרויִקע וואַכזאַמקייט, אַן אַפּאָטעאָז פֿון אַ זאַך, וואָס געהערט צו איר, דער נאָפּל איז נאָר קערפּערלעך צעשניטן; דער גורל פֿון די נייע באַשעפֿענישן איז כּסדר צו חברן זיך מיט דער מוטער, דער גורל פֿון דער מוטער איז זיי נישט קיינמאָל צו פֿאַרלאָזן, נישט ביי קיין געלעגנהייט, אין קיין שום רגע נישט, אָדער אַמווייניקסטנס זיך מאַכן אַזוי פֿאַר דער וועלט, דאָס איז באמת נישט מער, ווי אַ שוואַכקייט, וואָס ווערט אויפֿגעבלאָזן צו אַ הערקולעס, און דאָס נעמען זיך אין דער פֿאַנטאַזיע און אין גייסט אַזאַ רעכט, וואָס מען קען אַנערקענען נאָר דעמאָלט, ווען מען וויל מאַכן פֿון לעבן אַ וואַרעם-שטוב, פֿון פֿאַמיליען-לעבן — אַ תּפֿיסה און פֿון דער משפּחה — אַ פֿאַרקראַטעוועטע הינער-שטייג. אַ מאַטריאַרכאַט מיט אַ באַזונדערן אופֿן פֿון צונעמען די רעכט די מענער. אַך, ווי אָפֿט מיר האָבן שוין געטראָפֿן אין אַלע בירגערלעכע קרייזן אַ הון, וואָס פֿאַרדעקט מיט די פֿליגל אירע קליינטשיקע פֿאַרן שטורם-ווינט און פֿאַרן טכויר אויפֿן פֿעלד; וויפֿיל מאָל האָבן מיר שוין געהערט איר גרילצנדיק קוויאַקעריי, בעת זי האָט זיך געזעצט אויף איר איינגעבילדעטן טראָן, כּדי מיט איר פּערזענלעכער גערעכטיקייט חוצפּהדיק אַריינצומישן זיך אין ענינים פֿון דער השגחה העליונה. זי גיט זיך אָפּ אָן גרענעצן (בלויז די קראַטע באַשאַפֿט גרענעצן); איר וועלט-געפֿיל איר קונסט-געפֿיל, בירגערלעכער גייסט, אידעאַליזם זענען העכער פֿון יעדן צווייפֿל — ביז צו דער קראַטע; ביי דער קראַטע שטייט אַ וואַך און פֿאָדערט אַ פּאַראָל און אַ לעגיטימאַציע, עס איז נישט וויכטיק פֿון וואָס פֿאַר אַ בלוט דו ביזט, וויכטיק איז בלויז דאָס, וואָס פֿאַר אַ משפּחה-בלוט עס פֿליסט אין דיר; צוערשט רעכנט מען דעם פֿאָ-ט״ה, דעם מאַן, זון, איידעם, פֿעטער, שוואָגער, ברודערן-זון שוועסטערן-זון, דערנאָך איז דיר ערשט דערלויבט צו זיין אַ מענטש און אַן אַרבעטער.

דאָס איז דער טריומף פון דער הון.

גוטע פרויען! זיי האָבן גוטע כּוונות, זיי פאַרזיכערן אָפט, אַז זיי האָבן גוטע כּוונות. פאַרוואָס זאָל מען זיי נישט גלויבן? זיי ווייסן אין גרונט-גענומען, וואָס זיי האָבן צו פאַרדאַנקען זייערע קינדער און אויב זיי האָבן זייערע געבורטן באַצאָלט מיט יסורים, זענען זיי דערפאַר באַלוינט אַזש ביז צום סוף פון לעבן דערמיט, וואָס זיי האָבן זיי געבערענגט אומשולדיקע, און דערמיט איז דעם רינג נאָך ווייניקער שווער צו צערייסן, און דערמיט ווערט דער מאַן, וואָס פאַרמאָגט אַ האַרץ און אַ געוויסן נאָך מער איבערגעגעבן אין אירע הענט.

זיי, די פרויען ווייזן אויס, נישט צו וויסן דערפון, אָבער זיי ווייסן, קלאַפּ נאָר אָן אין מעטאַלענעם טויער און פאַרלאַנג, זי זאָל דיך אַריינלאָזן, אָבער דעמאָלט מוזטו אויך האָבן מעטאַלענע הענט,—אויב זיי זאָלן דיר נאָר נישט אַראָפּפאַלן פון די הענט,— און קודם-כּל טאָרסטו דיך נישט אַרומקוקן, ווי יענע ריטער אין דער אַראַבישער מעשה, וואָס זענען צוליב זייערע אויערן, וועלכע זענען געווען עמפּינדלעך אויף ווייטיק, פאַרוואַנדלט געוואָרן אין שטיינער. אָבער מיר זענען געליבט. דאָ ליגט די הויפּט-פראַגע, ווי האַמלעט זאָגט. יאָ, מיר זענען געליבט. אָבער אַוועק מיט אַזאַ באַגריף וועגן ליבע, וואָס איז אַריינגעשטעלט געוואָרן אין דעם מענטשלעכן אופן פון רעדן און אין דער וועלט, ווי אַ קוליסע הינטער אַ בלינדער לאַנדשאַפט. אין בעסטן פאַל איז עס אַ לויב אַ ריזיק און געהיימניספול בוך, וואָס נישט אַ סך האָבן זיך באַמיט צו שטודירן עס, אָבער אויב איר ווילט אָנשפּאַרן אייער גליק אויף די אָנגענעמלעכקייטן פון די חושים און מעסטן זיין מדרגה לויט דעם, דאַן זענט איר ווי אַ וואַנדערער אין אַן אייז-מדבר, וואָס וויל ביים פלאַם פון אַ שוועבעלע אויסמיידן פאַרפרוירן צו ווערן צום טויט.

דערזעלבער טויט וואָלט מיך זיכער געטראָפן, ווען איך וואָלט נישט באַגעגנט מאַיאַ ערנעפאָלדט. עס פּאַסט נישט אויסצורעכענען פּרטימווייז, זוי אַזוי די רעטונג איז געקומען; דער

ענין איז אַגב, אויף דעם אָרט נישט אינטערעסאַנט, עס קומט בלויז אויס, אַז איך זאָל איר דאַנקן און איך טו עס יעדע וואָך און יעדע שעה. זי האָט מיר יעדנפאַלס געעפנט אַן אומבאַקאַנטן נשמה-שטח; איך בין געווען אויפן שיידוועג,ביים סוף פון אַלע וועגן; איך האָב געקענט אַריינפאַלן אין תהום. זי איז געווען אַ פריי-שוועבנדיקער פויגל, וואָס האָט מיר, וואָס כ׳בין פון אַלע זייטן אַרומגערינגלט געווען מיט האָפנונגסלאָזע קראַטן, געוויזן דעם איינציקן פאַרבליבענעם וועג, אַ וועג אין דער הויך. אַ דאַנק איר האָב איך געמאַכט די אַנטדעקונג, אַז דער מאָראַלישער און רעליגיעזער מענטש האָט נישט קיין זכרון פאַרן אָפּגעטויטענעם שלעכטס, אַ זכרון אין אינדיווידועלער און אין אַלגעמיינער באַדייטונג. ער איז ברייטהאַרציק, דאָס הייסט, פריי פון פאַמיליע און פון פאַמיליען-גייסט, ווייל עס בינדט אים אַ באַנד, וואָס איז טיפער און איידעלערער, ווי דאָס נוצלעכע געזעץ שרייבט פאָר. אויב איך האָב באַשלאָסן צו פאַרזיכערן דאָסדאָזיקע ווען קעגן אַלע איינפלוסן פון אויסערלעכער נויט, טו איך נאָך נישט אַפילו דערפילן מיין חוב. דאָס איז אַזוי פאַרשטענדלעך פון זיך אַליין, פונקט ווי איך וואָלט זיך אַליין פאַרזיכערט. דאָס, וואָס איך גיב אַוועק איז דאָך אַ פרוכט פון מיין ארבעט און מיין האָב. זאָל איינטרוקענען די האַנט, וואָס וועט זיך אויסשטרעקן, כדי מיר דאָס צוצונעמען.

בעת איך האָב מיט דער גאַנצער קלאָרקייט, וואָס איז מיר מעגלעך געווען און מיר אויסגעזען פאַר געוואונטשן, גערעדט צום ערשטן מאָל מיט קאָנסטאַנציען וועגן דער נויטיקייט אויפצולעזן אונדזער פאַמיליען-לעבן, איז זי פשוט אַריינגעפאַלן אין צאָרן און פאַרצווייפלונג. איך וועל נישט פאַרגעסן יענע שעה, יענע סצענע. עס מוז זיין אַ גט, — האָב איך צו מיר געזאָגט — ווייל מיר זענען סיי ווי גייסטיק צעשיידט, ווייל עס איז נישטאָ קיין האָפנונג אויפצושטעלן אַ בריק צווישן אונדז, ווייל דורך לאַנגע יאָרן זענען פאַרוועלקט געוואָרן די אַלע אמתע געפילן אַלס פאַמיליען-מענטשן, וואָס פאַר אַן אומפאַרשטענדלעכע בלינדקייט מוז דאָ הערשן! אָבער הערשט דאָ בלויז די מאַכט פון ווערטער?

ווערטער, וועלכע זאָגן: דו ביזט פאַרקויפט צו מיר. אָדער זענען פאַר דידאַקטיקע ווערטער שטיל געוואָרן די פאַנטאַזיע און די מענטש־לעכקייט, דער שכל און די גוטסקייט, און האָבן זיך נישט גע־לאָזט רירן פון קיין שום צוואַנג, פון קיין שום רייץ און פייער־לעכקייט, אַנטשעפּנדיק זיך בלויז ענג און בלינד אָן קליינהער־ציקע אותיות? פּונקט, ווי דער פרייער מענטש וואָלט נישט גע־קענט געבן מער, ווי דער געבונדענער; פּונקט ווי מען וואָלט דעם צווייטן געדאַרפט צעטרעטן אויף שטויב.

די פאַטאַלקייט שטעקט אין דער אינסטיטוציע. עס דאַכט זיך מיר, אַז אירע פאַרמען אַנטשפּרעכן שוין דאָס לעבן. און איך מיין, אַז זיי וועלן זיך שוין נישט לאָזן אויפלעבן און אויפהאַלטן. איך ווייס אָבער נישט, וואָס עס וועט געשען, אויב זיי זענען שוין איצט פולשטענדיק אויפגעשטורעמט. ווי אַזוי וועט אויסזען דאָס נייע לעבן, וואָס זאָל פאַרעמען אויפסניי אונדזער עקזיסטענץ? איך וועל די ענדערונג שוין נישט דערלעבן.

# XXVIII

לודוויגאַ האָט צוריקגעגעבן דאָס העפט ערנעפאָלדטן. זי האָט גוטהאַרציק אַ שמייכל געטון און עס אריינגעלייגט אין קעשענע. עס איז אַריינגעקומען דער דינער און האָט מודיע געווען דער באַלעבאָסטע, אַז עמעצער האָט שוין צוויי מאָל טעלעפאָנירט. לודוויגאַ האָט געהייסן דערלאַנגען טיי. ערנעפאָלדט האָט דערציילט וועגן אַ פרעמיערע פון א פאָרשטעלונג וואָס ער האָט געזען, און ער האָט איבערגעגעבן, אַז ער וועט זיך ווענדן צום אויטאָר וועגן אראָפּנעמען אויפן פילם דאָס שטיק. ער האָט דערביי געקוקט אויף לוידינען, ווי דידאָזיקע ידיעה האָט אים באַזונדער געדאַרפט אינטערעסירן. לוידין האָט זיך געמאַכט, ווי ער הערט נישט זיינע ווערטער. ער האָט זיך איינגעקוקט כמעט מיט א גיריקן בליק אין לודוויגען, בעת זי האָט אָנגעהויבן צו רעדן, אָבער אין זיינע מידע געזיכטס־שטריכן האָט זיך געמאָלט אַן אדורכפאַל, בעת זי האָט זיך געווענדט צו ערנעפאָלדט און זיך אויסגעדריקט מיט גרינגשעצונג וועגן מחבר. זי האָט דערביי באַנוצט געוויסע פאך־ווערטער, וואָס האָבן דעם, וואָס איז נישט איבריק געווען באקאַנט אין טעאַטער־ענינים, אריינגעברענגט אין נישט־זיכערקייט. דאָס האָט זי אייגנטלעך געוואָלט. בעת ערנעפאָלדט האָט געוואָלט דעם אומעטיק־שווייגנדיקן אדוואָקאַט אַריינציען אין געשפּרעך, האָט לודוויגא דאָס נישט בדעה געהאט. ווייניקנס האָבן אירע ווערטער געקלונגען גלייכגילטיק.

מאיאַ ערנעפאָלדט איז אריינגעקומען אין צימער. זי האָט אוועקגעלייגט דאָס ביכל, וואָס זי האָט געלייענט, אויפן טיש,

האָט זיך מיט שטילע טריט דערנענטערט צו לודוויגאַס שטול און חבריש זיך אָנגעשפּאַרט אויף דער פריינדין. לודוויגאַ האָט געקוקט צו איר מיט אַ שמייכל און אַ גלעט געטון איר פּנים. לוידין האָט אַרומגענומען מיט אַן אויספאָרשנדיקן בליק דאָס מיידל מיט די זילבער־ריידענע האָר און געשטאַלט, וואָס איז געווען שלאַנק, ווי אַ שילף. מאַיאַ האָט פאַרקנייטשט די ברעמען און זיך גיך צוגעטוליעט צו לודוויגאַן.

לודוויגאַ האָט געמאַכט אַ באַמערקונג, אַז מאַיאַ זעט אויס פאַרמאַטערט און מען דאַרפט זי שיקן אהיים. לוידין האָט העפלעך פאַרגעלייגט זיין אויטאָ.

— און איר?—האָט לודוויגא געפרעגט, אויסדרייענדיק צו אים דאָס פּנים און אָנקוקנדיק אים מאָדנע קאַלט און פרעמד. עס זענען דאָ גענוג אויטאָס אין דער שטאָט, האָט ער געענטפערט. ערנעפּאָלדט האָט אינטים געפרעגט לוידינען, וואָס פאַר אַן אויטאָמאָביל־מאַרקעס זענען, לויט זיין מיינונג, די בעסטע; מען האָט איר פאַרגעלייגט ביליק צו קויפן דעמלערס אַן אויטאָ; מען קען היינט אומעטום קריגן אויטאָס פאַר קליינגעלט. לוידין האָט געענטפערט העפלעך, אָבער צעשטרייט.

ער האָט אויסגעטרונקען דאָס גלאָז טיי, זיך פּאַמעלעך אויפגעשטעלט, כמעט נישט דרייסט אַוועקגעשטעלט די טאַסע אויפן טיש און אויפגעשטאַנען, בעת מאַיאַ האָט זיך דערווייל געגרייט אַוועקצוגיין.

— איך בין אייך זייער דאַנקבאַר, — האָט ער פּאַמעלעך געזאָגט, ווי די רייד וואָלטן אים שווער אָנגעקומען.

לודוויגא האָט געקוקט אויף אים מיט אַן אָפּוואַרטנדן בליק און אַ שמייכל געטון מיט אַ פאַרבאָרגענעם חוזק. אויך מאַיאַ און בערנדט ערנעפּאָלדט האָבן אים אַרומגענומען מיט אָפּוואַרטנדיקע בליקן. דאָס האָט דעם גענוג־דערפאַרענעם לוידינען זייער שטאַרק צעשטרייט. מיט ספקות, אָפּשטעלנדיק זיך נאָך יעדן זאַץ און קוקנדיק אויף דער ערד, האָט ער געזאָגט, אַז אין העפט זענען פאַראַן מיינונגען, וואָס שטימען אין אַ סך

פונקטן מיט זיינע. ער האָט נישט גערעדט וועגן טיפן רושם, וואָס דאָס לעזן דאָס העפט האָט ארויסגערופן ביי אים; יעדער לויב איז איבעריק; באוווּנדערונג איז כמעט אראָגאַנץ. לוידין האָט מודה געווען, אז ער האָט נישט געדארפט אזש אזא פארמיטלונג, וואָס אין העפט איז גערעדט געוואָרן, איז אייגנטלעך שווער אויסצודריקן; ער פילט אז עפּעס פארלאנגט דאָ מיטן גאנצן כח אנטשיידונג; עס פארלאנגט אַנטשיידונג אזוינס, נעבן וועלכן דער מענטש האָט זיך פחדנותדיק אדורכגעגליטשט; לוידין האָט די האָפענונג, אז ווי באלד ער וועט זיך דאָס דערקלערן, וועט ער קענען זיך אָפּגעבן א חשבון.

אלע האָבן אָן צווייפל פארשטאנען, אז דאָס זענען געווען וויכטיקע און דערהויבענע ווערטער, וואָס האָבן אזא מאן, ווי פרידריך לוידין, געבונדן און האָבן אין א געוויסער באדייטונג געמוזט אָנצייכענען די ליניע פון זיין טעטיקייט. אָט פון דאנען קומט דאָס טיפע שווייגן, וואָס איז שפּעטער איינגעטרעטן. לודוויגא דערקום האָט עס די ערשטע איבערגעריסן. זי האָט לוידינען דערלאנגט די האנט, און ווענדנדיק זיך איבערן אָרעם צו מאיאן, האָט זי געזאָגט:

— זעסט, מאיא, איך האָב געוווּסט, אז אין דאָקטאָר לוידין וועלן מיר געפינען א פריינט. מיר ווארטן, דאָקטאָר, מיר ווארטן אויף אייך, ווי דער געצנדיגער אויפן אפּאָסטאָל.

דריקנדיק אים אויף א קאָלעגיאלן אופן פעסט די האנט, איז איר בליק געווען קרעפטיק, און דרייסט. אפשר האָט זי ביי דידאָזיקע ווערטער וועגן גאָרנישט געטראכט. לוידין איז געווען גענייגט זי חושד צו זיין דערין; ער האָט זיך שטים פארבויגן. ערנעפּאָלדט האָט געשמייכלט גוטהארציק, שעמעוודיק. מאיא האָט פארטראכט געקוקט פאר זיך.

# XXIX.

דאָקטאָר היימעראָ האָט רעגולער געשפּילט אין זיין קלוב אַ פּארטיע ברידזש, אין וועלכן עס האָט שטענדיק מיטגעשפּילט דער צווייטער שותּף פון לוידינגס קאַנצעלאַריע, דאָקטאָר קאַפּוש, דערנאָך פּראָפעסאָר וויטבערעכט, א באַקאנטער ספּעציאַליסט פון הויט-קראנקהייטן און אייבער אַ סוחר. עס איז געווען שבת, נאָכן דערליידיקן די ארבעטן און געשעפטן. דאָס שפּיל האָט נישט לאנג געדויערט, אָבער היימעראָ האָט געמאכט אזעלכע אומגעוויינלעכע און מיאוסע פעלערן, אז ער האָט אויף זיך געצויגן דעם כּעס פון די שותּפים.

פלוצלונג האָט ער מיט ווידערווילן אוועקגעוואָרפן די קאָרטן, האָט זיך א גלעט געטון איבער דעם פּליך און געזאָגט:

— איך האָב היינט אנדערע זאכן אין קאָפּ און עס וווּנדערט מיך, הער קאַפּערבוש, וואָס איר קענט שפּילן אזוי קאלטבלוטיק פּונקט ווי עס וואָלט גאָרנישט געשען. די געשיכטע מיט לוידינגען גייט מיר נישט ארויס פון זין. הגם איך האָב אזוי פיל געטראכט און גערעדט וועגן דעם, קען איך עס דאָך נישט פארשטיין.

די לעבעדיקע באשולדיקונג האָט באוויזן, ווי ווייט די באציונגען זענען אָנגעשטרענגט. מען האָט גערעדט: אזא וויכטיקער מענטש, דאָס גאנצע לעבן מוסטערהאפט נאָרמאל, שטענדיק מונטער און רויק, זאָגט זיך אָפּ פון פירן א פּראָצעס, וואָס ער האָט שוין געהאט איבערגענומען, שטויסט אָפּ א קליענטקע, פאר וועלכער ער האָט זיך פארפליכטעט, א חשובע דאמע, א געאכטעטער מיטגליד פון דער געזעלשאפט.

— מיינע הערן, ווער ווייסט דאָך מכח וועמען די רייד איז. פרוי קאָנסול אַלטאַכער האָט זיכער נישט געוואָלט איר ענין זאָל צעפּלוישט ווערן און דאָך האָט זי אָנגעמאַכט א שטאַרקן אומאָנגענעמען טומל. וואָס פאַר א שאָד דאָס איז פאַר דער קאָנצעלאַריע, פאַרן גוטן נאָמען! וויפיל נייגעריקע, פּוסט און פּאַסט־פּלוידעריי? דאַרפט עס דען לוידין האָבן? האָט עס דוקא געמוזט געשען?

דאָקטאָר היימעראָ האָט אַלע אָנגעקוקט מיט אַ פרעגנדיקן בליק. אַלע זענען געווען ביי דער מיינונג, אַז אַזא אומדער־הערטע זאַך, וואָס מען איז נישט געווינט צו הערן, האָט נישט געטאָרט געשען. היימעראָ האָט געמאַכט לוידינען ביטערע פאַר־וורפן, אָבער, ליידער, צו שפּעט. ער האָט אים געפרעגט די סיבות. וואָס האָט לוידין געענטפערט? ער האָט נישט געקענט דעם ענין פון פרוי קאָנסטאַנציע אַלטאַכער פאַרטיידיקן קעגן זיין איבערצייגונג; ער האָט געענדערט זיין מיינונג וועגן ענין, ער האָט זי געמוזט ענדערן און ער האָט וועגן דעם מודיע געווען דער דאַמע.

— אָבער, מיינע הערן, ער האָט דאָך פריער געדאַרפט זיך אַנטשליסן. אַדוואָקאַטן איז נישט דערלויבט צו ענדערן די מיינונג יעדן מאָנטיק און דאָנערשטיק. דער אַדוואָקאַט איז א לייכט־טורעם אויף אַ שטורמישן ברעג; ער מוז אויסדויערן אויף זיין אָרט.

ווי עס איז געווען אַרויסצודרינגען פון היימעראָס דער־ציילן, האָבן, אין שייכות מיט לוידינס געענדערטער מיינונג, פּאַסירט עטלעכע סענסאַציאָנעלע געשעענישן. אין צוויי טעג אַרום איז געשטאָרבן דער קאָנסול אַלטאַכער, פּונקט ווי ער וואָלט נאָר געוואַרט אויף לוידינס א טעאַטראַלן זשעסט, כדי צו באַפרייען זיך פון די ווייטערדיקע ליידן פון זיין לעבן. קוים איז דאָס קבר פאַרשיט געוואָרן, האָט די אַלמנה אַלטאַכער אויפגעהויבן אַן אָנקלאַגע קעגן דעם קאָנסולס פריינט, ערנע־פעלדט, און זיין שוועסטער וועגן אומקערן דעם גאַנצן מאַיאָנ־

טאָק. זי פאָדערט זעכציק טויזנט גאָלדענע קראָן, וואָס ביידע האָבן איינציקוויז אויסגענארט ביים קאָנסול. און אַ סקאַנדאַל נאָך אַ סקאַנדאַל: אויף וואָס אַנטשליסט זיך לוידין? ער נעמט איבער די פאַרטיידיקונג פון ביידע ערנעפאָלדטס. ער קלאָגט אָן די אַלמנה און פאָדערט פון איר צען מאָל אַזוי פיל, אַ האַלבער מיליאָן גאָלדענע קראָן, וואָס דער פאַרשטאָרבענער האָט געזאָלט צוזאָגן ערנעפאָלדטן.

— ער האָט צו זאָגן, מיינע הערן, ווייל צו אַ געזעצלעכן טעסטאַמענט איז נישט געקומען. לוידין האָט פאַרטיידיקט דעם שטאַנדפּונקט, אַז עס איז פאָרגעקומען עפּעס נישט־ריינע מאַכי־נאַציעס און ער פאַרווּפט זיך אויף אַ בריוו, ווו אַלטאַכער האָט געזאָלט צוזאָגן ערנעפאָלדטן. דער גאַנצער ענין איז אַ פאַר־דעכטיקער. ווי קען דאָ לוידין צולייגן אַ האַנט? וואָס קומט דאָ פאָר? בעסער: וואָס איז געשען?

אָבער דאָס איז נישט אַלץ. היימעראָס באַוּמרויקונג האָט דערגרייכט נאָך אין אַן אַנדער פעלד; אין אַ פערזענלעך און פּריוואַט פעלד. דאָקטאָר קאַפּפּוש קען באַשטעטיקן (און ער באַ־שטעטיקט), אַז היימעראָ האָט איס ביי די ערשטע סימנים אויפ־מערקזאַם געמאַכט אויף אַ פאַקט, וואָס מוז פאַרהידושן מענטשנ־קענער. — עפּעס אַ מענטש האָט אַ געוווינהייט צוואַנציק יאָר צו וואַרפן זיין סורדוט אויף אַ באַשטימטן נאָגל. פון אַ געוויסן טאָג אָן הערט ער דאָס אויף צו טון. ער וואַרפט אים נאַכלעסיק אויף אַ שטול, אויף אַ טיש, אין ווינקל פון דער שאַנק. זאָגט עס נישט דייטלעך וועגן געוויסע גייסטיקע ענדערונגען? עס איז דאָ פאַראַן אַ דאָקטאָר, זאָל ער זאָגן. דערזעלבער מענטש האָט גאַנצע צוואַנציק יאָר זיך געווענדט צו זיין ביוראָ־באַדינער „הער רידיגער"; אין אַ געוויסן טאָג פאַרגעסט ער דערין און ער רופט אים פּשוט „רידיגער", און דאָס אין אַ נישט־העפלעכן טאָן. דערזעלבער מענטש האָט צוואַנציק יאָר קיינמאָל נישט פאַרלאָזט קיין באַראַטונג אויף קיין שעה, קיין איין פאַרהאַנדלונג אין געריכט, האָט נישט איבערגערוקט דעם טערמין פון קיין

איין שענויפטרעפונג, נישט אָפּגערופן קיין איין קאָנפערענץ. האָט נישט פאַרגעסן צו ענטפערן אפילו אויף איין בריוו. מיטאיינמאָל ענדיקן זיך די פּינקטלעכקייט און די מוסטערהאַפטע אָרדנונג. און ווי אַזוי דאָס ענדערט זיך! עס זאַמלען זיך אָן גאַנצע בערג בריוו; אין דער לעצטער רגע פאַר יעדער געריכטס-זיצונג דאַרפט מען באַשטימען אַ פאַרטרעטער; מען דאַרפט איבערקוקן די אַקטן, וואָס ליגן שוין זינט וואָכן אין צענדליקער באַשריבענע בויגנס. פון אַ סך פון זיי וויל ער שוין איינגאַנצן נישט הערן, נאָך אַ האַלבע שעה לעזן די אַקטן, וואַרפט ער זיי אַוועק; מען האָט אונדז קוים מודיע געווען, אַז ער איז געקומען און געפינט זיך אין קאָנפערענץ-זאַל, ווי ער אַנטלויפט שוין ווידער. און ווי אַזוי ער זעט אויס; גאָרנישט צו דערקענען. איך האָב מיך אויסגעדריקט פאַר די קאָלעגן: ווי אַ שיינע האַנטשריפט וואָלט באַדעקט געוואָרן מיט אויסגעקרומטע אותיות. דאָס אַלץ צווינגט צו פאַרטראַכטן זיך. מיר זענען אַלטע קאָלעגן. מיר האָבן, אַזוי זיך אויסצודרוקן, ביידע געקריגן צוזאַמען שפּאָרן און האָבן אַ בשותפותדיק ציל-ברעט און הערב.

דאָקטאָר היימעראָ האָט ווידער גענומען די קארטן אין האַנט און זיי טאַסירט מיט נערוועזע באַוועגונגען.

דער סוחר, אַן אַנטיפּאַטישער און זויערער זקן, האָט זיך אָנגערופן:

— עס איז דערגאַנגען צו מיינע אויערן, איך זאָג נישט, אַז איך גלויב דערין, אָבער וואָס עס זאָל נישט זיין רעדט מען דערוועגן, אַז אין לוידינס אויפפירונג בנוגע אַלטאַכערס ענין האָט אַ האַנט לודוויגא דערקום.

דאָס זענען פּליאָטקעס, האָט זיך דאָקטאָר היימעראָ צעבייזערט. זיין גאַנץ לעבן האָט זיך לוידין נאָך נישט געלאָזט פאַנגען פון ווייבערישע שטיקלעך. עס איז דערויף נישטאָ קיין ביישפּיל און מען טאָר אַזוי נישט טראַכטן.

דאָקטאָר קאַפּפוש האָט רויק באַמערקט, אַז אויף וויפיל עס איז אים באַקאַנט, האָט די קאַנטשאַפט צווישן לוידינען און

לודוויגאַ דערקום אַ שייכות צו זיין פריינט פראָווינדאָרפער און דאַטירט זיך זינט דעם זעלבסטמאָרד פון פראָווינדאָרפערס זון, אז אין זעלבסטמאָרד איז אַריינגעמישט דיזעלבע לודוויגא דערקום — דאָס איז אַ סוד פאַר דער גאַנצער שטאָט, אָבער לודיגס שריט קען מען נישט באַטראַכטן אלס פארדעכטיקן, אַדרבא, ער איז אַ באַווייז פון זיין אומפּאַרטייאישקייט און פון זיין געטרייער פריינטשאַפט.

דערהערנדיק אויסרופן דעם נאָמען פראָווינדאָרפער, האָט פּראָפעסאָר ווייסברעכט אויפגעהויבן די אויגן:

— איז עס דער יונגער מוזיקער? — האָט ער געפרעגט מיט אַן ערנסטער מינע. — ער איז געווען ביי מיר. צוויי טעג פאַרן טויט איז ער געווען ביי מיר וועגן אַן עצה. אַ סימפּאַ־טישער בחור. ער איז ווערט, מען זאָל אים באַדויערן.

ער האָט טרויעריק אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ, פּונקט ווי ער וואָלט גערעדט וועגן אַ צו געוויינלעכן און אַלטעגלעכן פאַקט, אַז עס זאָל זיך לוינען צו פאַרטראַכטן זיך איבער אים, אָדער וואָס איז אים אין איצטיקן פאַל געבליבן אין זכרון. אויף זיינע ווערטער האָט געלייגט אַכט בלויז דער דאָקטאָר היימעראָ, וואָס מיט זיין שאַרפן בליק פון אַ יוריסט האָט זיך צענויפגע־מישט די נייגעריקייט און אַמביציע פון אַ דעדעקטיוו. ער האָט אַרויסגענומען דאָס נאָטיץ־בוך פון דער קעשענע און גיך אויפ־געשריבן אויף אַ ליידיק בלעטל די נעמען פראָווינדאָרפער — ווייס־ברעכט. דערנאָך האָט ער צעריסן די קאָרטן.

## XXX.

פיאַ האָט אומזיסט געוואַרט מיטן מיטיק אויף לוידינען. ער האָט צוגעזאָגט צו קומען, אָבער אַ זייגער האַלב צווײ האָט מען טעלעפאָנירט פון דער קאַנצעלאַריע, אַז עפּעס האָט געשטערט; ער וועט קומען אַהיים ערשט אויף אָוונטברויט. דריי פירטל אַכט האָט ער ווידער אָפּגערופן זיין קומען, דאָס מאָל האָט ער עס אַליין געטון און זיין קול איז, ווי אין דער לעצטער צייט בכלל, געווען געענדערט; עס האָט געקלונגען רויער, טרוקענער. ער האָט געבעטן פיאַן, אַז זי זאָל נישט רעכענען אויף אים; ווען ער וועט זיך באַפרייען, וועט זיין צו שפּעט.

פיאַ האָט געענטפערט העפלעך, אָבער אין אַ טרויעריקן טאָן. אַ חוץ דעם העפלעכן טרויער האָט זי מער גאָרנישט געקענט אויסדרוקן, אויב זי האָט נישט געוואָלט אריינברענגען אין אַ שלעכטע שטימונג דעם איבערגעאַרבעטן מאַן.

אַזוי איז געשען זיבנט פיר טעג. אויך פריער האָט מען אים ווייניק געזען. רעלי האָט זיך אָנגערופן, אַז זי האָט שוין באַלד פאַרגעסן, ווי דער פאָטער האָט אויסגעזען. זי איז געקומען צו מאַרלענען מיט אַ פּלאַן: זיי וועלן זיך באַלד אינדערפרי ווייזן פאַרן פאָטערס בעט מיטן קליינעם אויסטיטי: אויף די הענט. נאָך אַזאַ זעען זיך, וועט ער בעסער ווערן און אָפטער קומען אַ היים. אָבער מאַרלענע איז געווען פאַרנומען מיט עפּעס וויכטיקעס און האָט אַרויסגעוויזן קנאַפּ פאַרשטענדניש פאַר רעליס שפּאַסן. אויך רעלי האָט ווייניק געגומען אין אַכט דאָס באַקלאָגן זיך און די פּלענער. מען האָט איצט נישט געזען אויף איר מויל דעם גע-

ווײנלעכן, פאַרגעבנדן שמייכל, וואָס רעליס פּלאַפּלען האָט שטענדיק אַרויסגעבּרענגט בּיי איר

דערהערנדיק אַרום האַלבּע נאַכט אָנקומען דעם מאַן, האָט פיאַ אַ לענגערע צייט דערנאָך נאָך נישט פאַרלאָשן די לאָמפּן, הגם זי איז געווען פאַרמאַטערט און פאַרמאַטערט איז זי געווען מער, ווי שטענדיק. אפשר צופיל אויסגעשעפּט; עטוואָס צערודערט פון די פּליכטן און שטוב-באַדערפנישן, צערודערט פון דעם אומ-אויפהערלעכן דרייסטן געפּלוידעריי און קריגעריי פון די זאַכן און געגנשטאַנדן. זי האָט געמיינט, אַז ער וועט נאָך קומען צו איר און זיצן אַ פערטל שעה בּיי איר בּעט. זי האָט געהאַט אַ גרונט און אַ סיבּה אַזוי צו טראַכטן, ווייל דאָס איז געשען אַזוי פּיל טעג און וואָכן אין משך פון אַזוי פיל יאָרן.

אָבּער דאָס איז נישט געשען היינט, ווי עס איז נישט געשען נעכטן און עהערנעכטן. עטלעכע מינוט נאָך האַלבּ איינס האָט זי אויסגעלאָשן די לעכט און זיך בּאַמיט איינצושלאָפן. און עס איז ענדלעך געקומען דער שלאָף, איז עס נישט געווען קיין רײכ־יקער שלאָף, עס איז אַ מין שלאָף, וואָס איז גלייך צו אַ צימער מיט אָפענע טירן, אין וועלכן עס שפּאַצירן צוג-ווינטן און ווי עס איז ג[illegible]לעך.

## XXXI

אין עטלעכע טעג שפּעטער האָט זיך פאַר פיאַן אָנגעהויבן מאָדנע אומאַנגענעמלעכקייטן. אַ פּערזאָן, וואָס האָט נישט געוואָלט אויפגעבן דעם נאָמען, האָט טעלעפאָנירט אין דער פרי, מיטיק, נאָכמיטיק, אָוונט, און אָפט ביי נאַכט. עס איז געווען אַ שאַרף, שרייענדיק פרויען-קול. זי האָט געוואָלט רעדן מיט פרוי דאָקטאָר לוידין וועגן אַ דרינגענדן ענין, וועגן ענין, האָט זי געטענהט, וואָס איז נוגע דעם דאָקטאָר לוידין. פרוי לוידין האָט געוווסט, אַז די־דאָזיקע אַלע געשפּרעכן וועגן כּלומרשטע דרינגנדע ענינים זענען צוטשעפּענישן; זי האָט געוווסט, אַז עס האַנדלט זיך וועגן מענטשן, וואָס לוידין האָט צוליב וועלכע עס איז סיבות אָפּגעשטויסן און פאַרמאַכט פאַר זיי די טיר פון דער קאַנצעלאַריע; אָבער אויפן ערשטן אַרויסרוף פון דער אומבאַקאַנטער איז זי אין איר אייביק־גוטער שטימונג צוגעגאַנגען צום אַפּאַראַט. פרעגנדיק דעם נאָמען פון דער אומבאַקאַנטער פרוי, איז אַ ווייַלע איינגעטרעטן אַ פויזע פון שטילקייט. דערנאָך האָט זיך אָנגעהויבן אַ מאָדנער שמועס, וואָס איז געפירט געוואָרן האַלב כאַאָטיש, האַלב אומפאַרשעמט, פול מיט הונדערטער דראָונגען, באַשולדיקונגען און טונקעלע אָנצוהערענישן. פיאַ האָט דעם אַפּאַראַט איבערגעגעבן דער דינסט; ווען די דינסט האָט געפאָדערט, מען זאָל רעדן דייטלעך און קלאָר, האָט זיך אויף איר אַ שאָט געטון אַ ים מיט זידל־ווערטער; אָפט האָט מען געהערט פון טעלעפאָן בלויז נישט־באַשטימטע ווערטער. אין די שפּעטע אָוונט־שעהען איז פאַר פיאַ אוממעגלעך געווען צו אַנטלויפן. מען האָט געקלינגען,

סיידן זיך אָפּזאָגן פון באַקומען וויכטיקע ידיעות פון לודיגען, וועלכע זי האָט דערוואַרט. וואָס־אַמאָל מער און מער האָט זיך דורכן טעלעפאָן־אַפּאַראַט געלאָזט הערן דאָס אומבאַקאַנטע פרויען־קול. עס האָט זיך דערהערט אַמווייניקנס צוויי מאָל אין אַן אָוונט. ביי די ערשטע ווערטער איז עס געווען קינסטלעך פאַר־ענדערט, דערנאָך האָט עס זיך אָפּגעשלאָגן מיט אַן אומכּימפּאַ־טישער שאַרפקייט און ווען פּיאַ האָט עס דערקענט, האָט זי אַוועקגעלייגט דעם אַפּאַראַט. זי האָט אָנגעהויבן פיינט צו קריגן דעם מעכאַניזם און זיין בייזע אָנפּנימדיקייט; די דראָט און דאָס קלינגען האָבן איר פאַרשאַפט יסורים; עס איז נישט מעג־לעך געווען צו שיצן זיך. דער אַפּאַראַט איז געווען צוגעשמידט און ער האָט געמאַכט אַ בייזן געוואַלד. מען האָט פּשוט געמוזט זיך אונטערגעבן, זיך צופּאַסן צו דער דראָט און צום קלינגען, הגם דאָס איז געווען אומזיניק און שווער. עס איז איינציקוויין דערגאַנגען דערצו, אַז זי האָט אַ ציטער געטון בלויז ביים סיגנאַל אַליין. זי האָט זיך איינגעהערט אין דער שטילקייט און יעדע רגע געוואַרט אויפן איבעראַשנדן קלינגען.

אין איינעם אַן אָוונט האָט זי פאַרלוירן דאָס געדולד:

— ביטע צו זאָגן דעם נאָמען און איבערגעבן, וואָס איר ווילט פון מיר, אָדער איך וועל זיך ווענדן צו דער פּאָליציי,— האָט זי געשריגן מיט אויפרעגונג אין דעם שוואַרצן רערל אַריין.

דאָס וואָרט פּאָליציי האָט, ווייזט אויס, תּיכּף געהאַט אַ פּעולה. דאָס קול איז געוואָרן זיסער. גוט, זי וועט זאָגן דעם נאָמען. האָט די אומבאַקאַנטע זיך אָנגערופן; זי האָט עס ביז־אַהער נישט געהאַלטן פאַר נויטיק; זי האָט דערוואַרט, אַז כאָטש איינמאָל וועט זי טרעפן דעם דאָקטאָר לודיגען ביים אַפּאַראַט; זי מוז מיט אים פּריוואַט רעדן אויספירלעך; אויב די פרוי דאָקטאָר האַלט פאַר נויטיק צו פרעגן, ווער עס האָט געקלינגען, זענען די דערקלערונגען איבעריק; זאָל זי איבערגעבן, אַז עס האָט געקלינגען פרוי האַרטמאַן; דער הער דאָקטאָר וועט שוין

היסן. זי וואָלט געקענט אַדײַך קומען אין דער ווילע; זי דערשרעקט זיך נישט פֿאַרן וועג; אויב מען וועט איר נאָר באַשטימען איר שעה, וועט זי קומען. דער בריוו, וואָס דער הער דאָקטאָר האָט געהייסן שרײַבן צו איר, האָט זי שרעקלעך אויפֿגערעגט, זי איז אַ גאַנצן טאָג געלעגן אין בעט און זיך נישט געקענט רירן; אַזעלכע בריוו זענען סם פֿאַר איר; זי וועט דער פֿרוי דאָקטאָר דעם בריוו שיקן דורך דער פּאָסט און זאָל זען, ווי נישט גערעכט מען איז זיך באַגאַנגען מיט איר, בריגידע האַרטמאַן. די אומגערעכטיקייט שרײַט צום הימל אויף נקמה און דאָס פֿון אַזאַ מענטש, ווי דאָקטאָר לודיין, וואָס אויף זײַן ערלעכקייט וואָלט זי הונדערט מאָל געשוווירן. אויב די פֿרוי דאָקטאָר וועט האָבן איבערגעלייענט דעם בריוו, זאָל זי אַזוי גוט זײַן און איר ענטפֿערן; דער נומער פֿון איר טעלעפֿאָן איז פֿינף הונדערט זעקסאונזעכציק; עס איז אַ סך אָפּהענגיק דערפֿון, וואָס זי, בריגידע האַרטמאַן וועט שטיין אין באַציִונגען מיט דער פֿרוי דאָקטאָר; זי וויל אויך באַזוכן די פֿרוי דאָקטאָר און רעדן מיט איר אַליין; פֿאַרשטייט זיך, ביי אַ געלעגנהייט. עס וועט נישט זײַן קיין נוצלעכע זאַך פֿאַרן הער דאָקטאָר לודיין, אויב ער וועט זי ווײַטער נישט צולאָזן צו זיך און אויסהערן. זיכער, עס וועט נישט נוצלעך זײַן פֿאַר איר. די פֿרוי דאָקטאָר וועט זיך איבערצייגן; בפֿרט איצט, ווען עס זענען צו אירע אויערן דערגאַנגען ידיעות, וואָס קענען פֿאַר דער פֿרוי דאָקטאָר זײַן ענטשיידנד. עס איז איר לײַכטער, וואָס זי האָט ענדלעך געקענט פֿאַר דער פֿרוי דאָקטאָר אַביסל אַראָפּרעדן זיך פֿון האַרצן. די פֿרוי דאָקטאָר געפֿעלט איר זייער. דעם פֿאַרגאַנגענעם זונטיק האָט זי די פֿרוי דאָקטאָר געזען אין דער שטאָט. זי האָט אויף איר אָנגעוויזן דער קוזינקע. „גוט נאַכט, פֿרוי דאָקטאָר”.

דאָס אַלץ האָט זיך געוואָרפֿן ווי אַ וואַסער־פֿאַל פֿון הערַאַפּאַראַט צו פּיאַס אויער, וואָס האָט זיך, אַרײַנפֿאַלנדיק אין אַ פֿין פֿאַרטויבונג, לחלוטין נישט פֿאַרטיידיקט. עס איז איר גאָר־

ישט אָנגעגאַנגען. עס איז איר געווען גלייכגילטיק. דאָס אי
געווען לוידינס זאַך, אַ פרעמד, ווייט געביט. עס זענען לויד·נס
מענטשן, פאַרווישטע שאָטנס; די נעמען זענען אויך געווען גאָר
נישט־זאָגנדיקע, אַזוי ווי די נעמען פון אַן אַדרעס בוך; דער
גורל, וואָס איז געווען מיט זיי פאַרבונדן, האָט מער נישט
אויסגעדרוקט, ווי דער געקלימפּער פון טעלער אין דער קיך.
נישט געקוקט דערויף, איז דערין געווען עפּעס עקלהאַפטעס.
אינסטינקטיוו האָט פיא אַ קוק געטון אויף אירע הענט, ווי זיי
וואָלטן געווען שמוציק.

צעמאָרגנס נאָכ·טיק האָט זי דערהאַלטן אַ בריוו, א בריוו
פון איר מאַנס קאַנצעלאַריע צו פרוי בריגידע האַרטמאַן:

„אויב איר וועט ביזן 15־טן יאַנואַר נישט באַקומען
די פּרעטענזיעס פון אונדזער קליענטקע אין ענין פון
פריילײַן לאַנץ, וועלן מיר געצוווּנגען זײַן, אָנצוהייבן דעם
פּראָצעס. פאַרשטעלנדיק דעם געריכט דעם זאַך־באַשטאַנד,
וואָס איז נויטיק אויפצוקלערן דעם ירושה־פּראָצעס, האָבן
מיר געמוזט מאַכן דעם פאָרשלאַג אַרויסצורופן אײַך אַלס
עדות און אויסצוהערן אײַך אונטער אַ שבועה. דערווײַל
ווילן מיר אין נאָמען פון אונדזער קליענטקע פעסטשטעלן
צי אין דער באַנק, וווּ עס געפינט זיך האַרטמאַנס פאַר־
מעגן, איז נישט אַרויסגענומען געוואָרן דורך אײַך אַ געוויסער
טייל און אין יעדן פאַל וועלן מיר זיך באַמיען צו פאַר־
מאַכן פאַר אײַך דעם דעפּאָזיט אין דערזעלבער באַנק,
וואָס קען צו יעדער צייט געמאַכט ווערן נאָכדעם, ווי
מען שטעלט פאַר אַן אַקט פון געשעעניש. דערוואַרטנדיק
תשובה פון אײַך, צייכענען מיר זיך א. אז. וו.

צו דעם האָט בריגידע האַרטמאַן צוגעשריבן:

„די געערטע פרוי דאָקטאָר זעט איצט, ווי מען האָט גע־
האַנדלט קעגן מיר. איך בין פעסט אַנטשלאָסן נישט צו לאָזן
זיך טראַקטירן אויף אַזאַ אופן. בין איך עפּעס אַ שלעפּערין ?
נײן, איך בין אַ מוטער, אַזוי ווי די פרוי דאָקטאָר, און אַלס

מוטער און ווייב האָב איך מיר גאָרנישט פאָרצוואַרפן, סיידן דאָס, וואָס איך האָב מיינע פליכטן שטענדיק צו ערנסט גענומען. אַנדערע לאַכן פון די הייליקסטע געפילן. דאָס איז אַזוינס, וואָס חלומט זיך נישט קיינעם. יאָ, אַזוי איז עס, געערטע פרוי דאָקטאַר. שוין צען מאָל בין איך שוין געווען אין דער קאַנצעלאַריע; דער הער דאָקטאָר האָט נישט געוואָלט רעדן מיט מיר. גאַנץ פשוט, ער האָט נישט געוואָלט רעדן מיט מיר. דאָס טוט מיר שטאַרק וויי, בפרט דערפאַר, וואָס איך אַכט זער דעם הער דאָקטאָר. איך הער, אז אַ סך קליענטן באַקלאָגן זיך, וואָס מען פארנאַכלעסיקט זיי; זיי ווייסן נישט דאָס, וואָס איך ווייס, אָבער איך וועל עס נישט אויסזאָגן דער פרוי דאָקטאָר, יעדנפאלס קען דאָס, וואָס איז נישטאָ, נאָך זיין. איך בין נישט פון די, וואָס פארדעקט דעם פלאַם פון ליכט, און איך האָב אויגן דאָרט, וו זיי דארפן זיין, לאָז זיין בלויז דערפאר, ווייל מען דאַרפט זיין אויף דער וועלט און זען, צי ביי די גרויסע איז אַלץ אזוי מאָראַליש, ווי מען הייסט אונדז גלויבן. און איך בין אויך נישט אַבי-ווער, איך שטאַם פון אַ גוטער משפחה און האָב באַקומען בילדונג, אויף וואָס מען לייגט ווייניק אכט. איך האָף, אז די פרוי דאָקטאָר וועט נישט נעמען פאר שלעכט די אויפריכטיק ארויסגערעדטע ווערטער און פאַרבלייב אייער איבערגעגעבענע בריגידע האַרטמאַן.״

פיא האָט דערפון גאָרנישט פאַרשטאַנען. זי האָט ווידער געהאַט, ווי נעכטן, דעם איינדרוק, אז זי האָט אָנגערירט עפעס אומריינעס. צעמאָרגנס אינדערפרי האָט זי ביים פרישטיק געפרעגט לוידינען:

— ווער איז דאָס בריגידע האַרטמאַן?

זי האָט אים דערלאַנגט דעם בריוו און דערציילט, וואָס אַן אַ נישט-אָנגענעמע זאַכן די ערשט-דערמאָנטע פערזאָן האָט איר פארשאַפט זייט אַ וואָך.

לוידין האָט איבערגעלייענט דעם בריוו, האָט אים אפילו געהאַלטן אין די הענט לענגער, עס איז, לויט פיאס מיינונג

נויטיק געווען און מיט אַ בייזער, אויפגעהויבענער שטים, וואָס האָט פיאַן פאַרוווּנדערט, האָט ער געזאָגט:

— מען דאַרף אַ טראַכט טאָן, ווי אַזוי שטיל צו מאַכן דידאָזיקע משוגענע. ס'קען מעגלעך זיין, אַז זי וועט ווערן נאָך ערגער מיט דער צייט און וועט דיך פאַרמוטשען, קומענדיק צו דיר אין שטוב. אין אַזאַ פאַל, זאָלסטו אויסמיידן צו טרעפן זיך מיט איר, מייד אויס אַנצוקוקן זי אפילו, מייד זי אויס, ווי אַ פעסט. פאַרגעס אָבער נישט זי צו באַרויקן פריער.

פיא האָט געקוקט אויף אים מיט אַ שמייכל, שאָקלענדיק מיטן קאָפּ.

— איך וואָלט מיט דיר זיכער נישט גערעדט וועגן דעם און איך וואָלט דיר אויך נישט געוויזן דעם בריוו, אויב איך וואָלט נאָר געפילט, אַז עס וועט דיך אריינברענגען אין כעס און דיר פאַרשאפן אפילו בלויז איין אומאנגענעמע רגע. — האָט זי געענטפערט. — איך ווייס נאָכנישט וועגן דערדאָזיקער פרוי, אָבער דאָס איז בלי־ספק עפּעס אַן אָרעמע, און צו אַזעלכע ביזטו צוגעווינט, עס דאַכט זיך מיר, אַז זי האָט געברענגט דערצו און איצט רייסט זי זיך און חלשט צו רעדן מיט דיר. דאָס דאַרף דאָך דיך נישט אַרן, און אפשר אַרט עס דיך יאָ? טאָ וואָס באומרויקסטו זיך דערביי? ווילסטו מיר עס נישט זאָגן?

מען האָט זיך היינט אַ ביסל פאַרשפּעטיקט מיטן פרישטיק. די קינדער זענען שוין אוועק אין דער שול, דאָס פאָרפאָלק איז אַליין געזעסן ביים טיש. בעת פיא האָט געשטעלט די פראַגן און געקוקט אין לוידיגס גרויסן, ערנסטן פנים, האָט זיך דער פרידלעכער, פון לאַנגע יאָרן אָן זאָרגלאָזער און דאגות־אַוועק־טרייבנדער אויסדרוק אויף איר געזיכט געענדערט און פלוצלינג האָט זיך באַוויזן אויף איר שיינעם, מיידלשן שטערן אַ טריבער אָפּגלאַנץ דערפון, וואָס האָט געקנייטשט און געמאַטערט זיין שטערן, כאָטש זי האָט נישט געוווּסט און נישט געהאַט קיין אַנונג, וואָס דאָס איז געווען. דאָס האָט זיך אויסגעדרוקט ווי אַן אַקט פון אינערלעכער נאָהאָרכזאַמקייט, און דורך אַזעלכע

אַקטן ווערן די פּנימער פון מאַן און ווייב ענלעך איינס צום אַנדערן. עטלעכע רגעס האָבן זיך זייערע בליקן צוזאַמענגעשטויסן און נאָך אַ לענגערער פּויזע פון שטילשווייגן האָט זיך לוידין אָנגערופן:

— עס איז לחלוטין פאַלש די מיינונג, אַז מען האָט דאָ צו טון מיט אַ מענטש, וואָס איז ווערט מען זאָל אויף אים האָבן רחמנות. רחמנות איז דאָ נישט אויפן אָרט. דאָס איז אַ טיפּ, וואָס פאַרקערפּערט מיט זיך אַ גרויסע צאָל. דאָס, וואָס זי טוט, וואָס זי פאַרלאַנגט און וויל, מיט וואָס זי לעבט און אָטעמט, איז אַ פּועל-יוצא פון אַלע אָפּמאַכן, וואָס זענען געשלאָסן געוואָרן צווישן די קלאַסן, פון אַלע אייזערנע רעגולן, וועלכע זענען דורך דער צייט באַדעקט געוואָרן מיט ראָסט, פון אַלע פּאַראַגראַפן, פאָרשריפטן, דאָקומענטן, וואָס מען האָט אַרויסגעגעבן זייט די מלוכות האָבן אָנגעהויבן צו עקזיסטירן, כּדי די געזעצן צו באַפעסטיקן און פאַרוואַנדלען זיי אין צוואַנג, די זיכערקייט פאַרוואַנדלען אין פּחד, די מידות אין אַ גייסט פון תּפיסות. מען קען רויק זאָגן, אַז די לאַנגזאַמע און פלייסיקע מוילוורף-אַרבעט פון דעמדאָזיקן טיפּ און זיינע אָנהענגער האָט געשטורעמט און שטורעמט ווייטער אָן אויפהער יעדע איידעלע פּרייוויליקייט; אין זיינע אויגן און אין די אויגן פון זיינע אָנהענגער איז דער וועלט איר גרויסער בעל-חוב; דערדאָזיקער טיפּ האָט געגומען אין פּאַכט דאָס געזעץ, מאָראַל, ליבע, געטריישאַפט, פרומקייט, דעם רבונו-של-עולם. און, אויב זי האָט נישט געגאָסן פון ערדישן גליק און עס זענען נישט באַפרידיקט געוואָרן אירע פאַרלאַנגען, איז די גאַנצע וועלט שולדיק דערין. זי, בריגידע האַרטמאַן, וואָס שטעלט פאָר דעמדאָזיקן טיפּ, טראָגט דעם חובות-צעטל אויפן האַלדז און זי ווייזט אים ביי יעדער געלעגנהייט; שטענדיק אַ באַליידיקטע אין אירע געווינשנטע זאַכס, איז זי אַ שיילאָק פון דער בירגערלעכער וועלט, אַ שיילאָק מיט אַ צעטל.

עס איז אַ ספק, צי זי האָט דאָס פאַרשטאַנען. די סאָ-

ציאַל-קריטישע אויפֿפֿירונג פֿון דעם מין מיט א סימבאָלישן הינטערשלאַק האָבן איבערגעטרעטן אירע האָריזאָנטן. אָבער איר פּנים האָט געדוט מיט אַ טיפֿער אויפֿמערקזאַמקייט אויף לוידינס פּנים און עס האָט איר, ווייזט אויס, מער פֿאַרחידושט דער אויפֿגערעגטער, סודותדיקער טאָן פֿון זיין אַרט רעדן, ווי דער זין פֿון די ווערטער. עס איז מעגלעך, אז די ווערטער זענען בכלל נישט געווען געווענדעט צו איר, נאָר צו אַן איינגעבילדעטן אודיטאָריום. אַזאַ איינדרוק האָט מען געקענט האָבן, קוקנדיק אויף אים, ווי ער האָט גערעדט מיט אַ־ראָפּגעלאָזטע אויגן, מיטן קאָפּ אָנגעשפּאַרט אויף די הענט, פֿלוצלינג אַ פֿרעמדער און אַ ווייטער.

—מען קען יעדן טאָג צוקוקן זיך, מיט וואָס פֿאַר אַ גיפֿטי־קער עקשנות דער פּרויען־שיילאָק מיטן צעטל רימט זיך מיט זיינע פּריווילעגיעס. זאָל זיך פּיא באַמיען און שטודירן דעם כאַראַקטעריסטישן בריוו, וואָס יענע האָט איר געשיקט, אָדער אַנדערע בריוו. שטענדיק איינס און דאָס זעלבע. די זעלבע פענדלעך, די זעלבע פּויקן, די זעלבע שיסעריי מיט פֿאַרביסנקייט צו איין ציל. פֿליכט, ערע, געוויסן, מוטערלעכקייט, אויפֿאָפּפֿע־רונג, גלויבן, רעליגיע און היים — דאָס אַלץ קען מען ביי איר געפֿונען בלויז קיין שטאָלץ, כּבֿוד, ברייטהאַרציקייט איז נישט פֿאַראַן. דער שיילאָק אין קליידל איז נישט פּילנד אויף אַרגומענטן, ער הערט זיי נישט. ער הערט נישט קיין אַנדערן מענטש, ער נעמט בלויז אַרויס זיין קוויט און פֿאָדערט דאָס פֿונט מענטשלעכע פֿלייש. אויף יעדער אַנדערער זאַך איז ער טויב. ער אַלאַרמירט די פּאָליציי, שפּאַנט איין דאָס געריכט אין ווען ער טרעט אַליין אַרויס קעגן פּאָליציי און געריכט, דעמאָלט מאַכט ער אָן א שוימענדיקן שנאה־שטורעם, מיט א ווילד געשריי פֿון ווייטיק רופֿט ער גאַנץ קהל אלס עדות פֿון זיין אומשולד און צום סוף גיט זיך אים ענדלעך איין צו באַצירן זיין אייגן פֿאַרברעכן מיט אַן אָרעאָל פֿון א מאַרטירער. עס [illegible] לוידיגען און [illegible] אַרויס ביי [illegible] א [illegible] געלעכטער

בלויז דאָס טראכטן, וואָס דער שיילאָק אַרבעט אָפּ ביים טעלע־פּאָן. אַ שיין וואָרט: פרוי שיילאָק ביים טעלעפּאָן. זי נוצט אויס אַלע איינריכטונגען און הנחות פון דער מלוכה, כדי צו באַ־פרידיקן איר הויפּט־תאוה, וואָס באשטייט אין נישט לאָזן מענטשן אָפּאָטעמען און אין מאכן זיי פאר די שולדיקע פון איר אומ־גליק. פרוי שיילאָק וויל, אז די גאנצע וועלט ארום איר זאָל קרעכצן; זי טראָגט א ווייטיקלעך בילד פון זיך אליין אין איר ברוסט און וואָלט געוואָלט, אז אלע זאָלן זיך באַטייליקן אין איר טרויער און טראָגן שווארצע קרעפּ נאָך איר.

טאקע אזא איינריכטונג ווי טעלעפאָן, האָט פרוי שיילאָק ליב; אויך דעם טעלעגראַף, די לופט־פּאָסט און דעם ראַדיאָ האָט זי ליב. זי פארגעטערט זיי כמעט, ווייל זיי מאכן איר מעגלעך צו זעען די שנעלע רעזולטאטן פון אירע אויפטוען, די שנעלקייט שטייגט איבער אלץ, וועגן וועלכן זי האָט אמאָל געקענט חלומען אין אירע באשיידענע חלומות.

פיא האָט אראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ, ווי עמיצער, וואָס האָט זיך ארונטערגעקריגן אונטער א האָגל פון שטיינער. איר פּנים איז בלאס געוואָרן; די אויגן האָבן זיך צעשפּרייט. עס האָט זיך געדאכט, ווי זי וואָלט געטראכט: וואָס פאר א מענטש רעדט דידאָזיקע ווערטער? קען איך אים נאָך? און אפשר קען איך אים שוין מער נישט? ווי זי וואָלט געוואָלט דאָס, וואָס זי האָט געהערט באזייטיקן און אויסטוישן עס מיט היימישע ווער־טער, האָט זי שטיל געזאָגט:

— דער שניידער האָט מודיע געווען, אז דו זאָלסט קומען פּאסן, פרידריק. איך פריי זיך, וואָס דו האָסט ווידער א טראכט געטון וועגן מאכן זיך קליידער. זינט צוויי יאָר האָסטו דיר נאָכנישט געמאכט קיין מלבוש. עס איז שוין באלד געווען א חרפּה. עגיד פרוינדאָרפער האָט מיר ערשט נישט לאנג, בעת איך האָב אים פאָרגעוואָרפן זיין סקאנדאליעז אויסזען, געזאָגט. ביז א מענטש איז זייגא יאָרן [illegible] ביים שניידער, אויב

עס איז נישט שטאַרק נייטיק; אויב ער טוט עס, זוכט ער זיך צו פאַרגעסן. אַן אמתער בייסנדער פרוינדאַרפישער אומזין.

לוידין האָט אויפגעהויבן די אויגן:

— יאָ, אַן אומזין, — האָט ער געזאָגט, — אפשר געפינט זיך דערין אַ טראָפּן אמת. נאָר לאָמיר נישט אויספאָרשן, פּיאַ.

ער איז אויפגעשטאַנען און איר אַ קוש געטון אין שטערן. ווערנדיק באַהערשט פון אַ נישט-קלאָר געפיל, אַז זי מוז אים היינט פאַרטיידיקן, האָט זי געפרעגט, צי קען זי אים פירן אין [illegible]ט צרייך. ער האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ.

# XXXII

זינגס זודשים האָט לו דין געפירט דעם פּראָצעס פון אַ געוויסער אַקציען-געזעלשאַפט קעגן דער מלוכה. עס איז געווען אַ פאַרוויקלטער, לאַנגדויערנדער פּראָצעס און עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן הויכע סומען. יעדן שריט האָט מען געדאַרפט אויסרעכענען מיט דער גרעסטער פּאָרזיכטיקייט, דער מינדסטער פעלער האָט געקענט ברענגען די ערגסטע רעזולטאַטן.

אויף דער געריכטס-פאַרהאַנדלונג פון פּראָצעס, וואָס האָט זיך שוין פיר מאָל איבערגעחזרט, איז לוידין געקומען מיט אַ שעה פאַרשפּעטיקט, וואָס אַלע האָבן מיט פאַרוווּנדערונג באַמערקט. דער אַדוואָקאַט פון צד שכנגד האָט אויסגענוצט די צייט, פועלנדיק דער ריכטער זאָל זיך אָפּזאָגן פון לייענען דעם פּראָטאָקאָל, וואָס איז פאַרן געריכט זער וויכטיק געווען. אַ פאַרלוסט שווער צו פאַרריכטן. עס האָט זיך אַנטוויקלט אַ וכּוח צווישן לוידינען און ריכטער, בעת וועלכן לוידין האָט אָנגעוויזן, אַז זיין פאַרטרעטער איז נישט געווען אויפן אָרט און דערביי איז ער געווען אומגעוויינלעך אויפגערעגט. דער אַדוואָקאַט פון צד שכנגד האָט אָפּגעענטפערט; לוידין האָט אים איבערגעריסן אומגעדולדיק און מיט ביטערן חוזק, וואָס האָט געמאַכט אַ שלעכטן איינדרוק בפרט דערפאַר, וואָס אינם געריכט זענען די פאָרמען פון לוידינס כמעט צערמאָניאַלער האַלטונג געווען אַ מין אינווענטאַר.

דער ריכטער, אַ געמיטלעכער און אַ דערפאַרענער מענטש, האָט זיך איינגעגעבן צו ברענגען אים אויפן ריכטיקן וועג און

דער פּראָצעס האָט זיך ווייטער געפירט. אָבער דער רוב פון די אַנוועזנדע, הויפּטזעכלעך עקספּערטן, האָבן געהאַט דעם איינדרוק, אַז לוידינען פעלט קלאָרקייט אָפּצוגעבן זיך אַ חשבון פון פּראַצעס. אויף נישט-וויכטיקע זאַכן האָט ער געלייגט אַ שטאַרקן דרוק און זייער-באַדייטנדע אַרגומענטן האָט ער געפּטרט מיט גאָרנישט; איינמאָל האָט ער זיך אפילו געמוזט מתנצל זיין, אַז דער זכרון דינט אים נישט. עס האָט אויסגעזען, אַז ער באַהערשט נישט דאָס מאַטעריאַל; באַמערקנדיק, ווי שוואַך עס זענען זיינע אויספירונגען, האָט ער זיך באַמיט אַרויסצוצווינגען מיט געוואַלד-פּאַראָרדנונגען געוויסע רעזולטאַטן, וואָס האָבן, וואָס ער האָט אַגב געדאַרפט וויסן, זיך געלאָזט דערגרייכן בלויז מיט אַ בויגזאַמער און אַ גוט-אויסגערעכנטער דיפּלאָמאַטיע.

זיינע פאַרטרעטער, דערשראָקענע פון דער מעגלעכקייט, אַז דער פּראָצעס וועט אָננעמען אַ נישט-גינסטיקע ווענדונג, האָבן געוואָלט, אַז די פאַרהאַנדלונגען זאָלן איבערגעריסן ווערן. דער ריכטער, וואָס האָט פון צייט צו צייט געוואָרפן אויף לוידינען אַ פרעגנדיקן בליק, האָט מיטגעטיילט, אַז דער פּראָצעס ווערט אָפּגעלייגט.

## XXXIII

אין דער קאָנצעלאַריע האָבן זיך דעמזעלבן טאָג געווענדעט דריי פּאָרפעלקער מיט אַ פאָדערונג צו גטן זיי, אין אַלע דריי פאַלן האָבן געהערשט אומהיילבאַרע מחלוקתן. דאָס פאַמיליען-לעבן איז געווען צעפוילט ביזן סאַמען שורש, און אין אַלע פאַלן זענען די שולדיקע געווען די מענער, וואָס מען האָט, באַ-קענענדיק זיך אַ ביסל נענטער מיט די דריי פּאָרפעלקער, נישט געקענט צווייפלען. אין ערשטן פאַל האָט די קרענקלעכע קמצנות פון איינעם אַ באַקאַנטן גביר דערפירט די פרוי צו פאַרצווייפלונג; דער צווייטער פאַל איז געווען נוגע אַ מענטש מיט פולשטענדיק צעריסענע נערוון; זעכצען-אַכצען שעה טעגלעכע אַרבעט ביים פאַך זינט יאָרן, אַ בייזע תאוה צו הערשן, דער אמת, איינפלוס — דאָס איז געווען אַ באַנקיר — האָט אַ תל געמאַכט פון זיין געזונט אַזוי, אַז פון צאַלרייכע זיך אָפּט איבערחזרנדיקע גע-דריקטע שט מונגען, האָט ער געפינען בלויז איין אויסוועג, פּייניקנדיק קערפּערלעך דאָס ווייב. דערביי האָט די פרוי, פול-שטענדיק גייסטיק צעבראָכן, איבערגעטראָגן זיין טיראַנישקייט.

אין דריטן פאַל זענען געקומען מאַן און ווייב. דער מאַן איז געווען אַן אײַנזשיניער און אין פלוג געמאַכט אַ רויק און קלוגן איינדרוק. נאָר אַז מען האָט אָנגעהויבן צו רעדן וועגן פאַמיליען-סכסוכים, האָט ער אַרויסגעוויזן אַ ציניזם, וואָס איז גע-ווען נוגע סיי די פרטים און סיי די גאַנצקייט פון פאַמיליען-לעבן און אַרויסגערופן אַ נאָך שלעכטערע און העסלעכערע ווירקונג, אַז זיין פרוי האָט צוגעשטימט צו זיין דערציילן אין

א טאָן פון פאָלקאָמענער אנערקענונג. ער האָט בלויז נישט מודה געווען, אז ער האָט פארראַטן און באַשווינדלט דאָס ווייב, פאר־פירט די מינדיעריקע שוועגערין, געהאט באַציונגען מיט צוויי אירע חברטעס, האָט שוואנגער געמאַכט די דינסט און פאַר־בראַנגט נעכט אין רעסטאָראַנען און אין טאַנץ־זאַלן. ער איז נאָך שטאָלץ געווען פון זיינע מעשים, ער האָט פאר זיי גע־האָט אַ שיין־קלינגענדיקע התנצלות, פלוידערנדיק וועגן אַ ווילן אויסצולעבן זיך, וועגן דער נויטיקייט פון זינלעכער פרייד פאר אַ שאַפנדן מאַנספערשוין און וועגן דער משוגעת און שעד־לעכקייט פון דער איינווייבעריי בכלל.

עס זענען פאַראַן מענטשן, וואָס האָבן זיך נישט באמת צו פארשטעלן די פענצטער פון זייערע נשמות. זיי האָבן פאר־לוירן די פעיקייט צו וווּנדערן זיך מיט זיך און צו טראָגן די ליידן אין זיך. מען האָט זיך אויסגעטון פון די ליידן, מען האָט זיך געמאכט נישט־פילבאַר אויף זיי.

זיי זענען זיך אַליין מזנה געווען, ווי די בושמענער. אָבער אלס געלערטע און אלס ווילקענעוודיקע שילער פון דער תקופה האָבן זיי נישט געדרייסט זיך צו אנאליזירן זייערע באַ־ציונגען און זיך קעגנזייטיק צו אנטבלויזן. דערביי האָבן זיי געזאָגט: מיר האָבן נישט הארמאָניזירט צווישן זיך (איינס פון די אממערסטנס באנוצטע אויסדרוקן פון ווערטער־בוך), פונקט ווי זייערע געפילן און געדאנקן וואָלטן עפּעס געוווּסט וועגן הארמאָניע. אזוי ווי דער געאָלאָג דערזעט נישט דעם פּועל־יוצא פון דער ערד־ציטערניש, אזוי באמערקט נישט לוידין אין דער געזעלשאפטלעכער רוינע, וואָס דעם אָנהויב און דעם סוף פון איר נאטור האָט מען נאָך נישט געקענט דערקענען, דעם מצב פון די מוחות. דאָס איז געווען א שפּאציר צווישן חורבות.

— האָט איר קינדער? — האָט לוידין געפרעגט.

יאָ, זיי האָבן געהאט קינדער; צוויי קינדער. איינס מיט־געקומען, האָט די פרוי לעבעדיק זיך אָנגערופן, עס ווארט אין

פּאָדערצימער. זי וועט עס ווייזן דעם דאָקטאָר. מען האָט באַברענגט דאָס קינד, א פיר־יעריק מיידעלע.

דאָס קינד איז געווען אן אמתער מלאך.

דעם שטאַרקן רושם, וואָס דאָס שיינע קינד האָט געמאכט אויף לוידינען, האָט זיך טיף און אָן רחמנות איינגעקריצט אין זיין נשמה. ערנעפּאָלדט און מאיא זענען אין א ווייל ארום אריינגעקומען. לוידין האָט שמועסנדיק מיט זיי, זיך אָנגערופן, פּונקט ווי דערמיט וואָלט זיין געדאנק די גאנצע צייט פאַרנומען געווען:

— מיר דאכט זיך, אז קינדער זענען פון אן אנדער גלות, פון אן אנדער כעמישער מישונג, ווי דערוואקסענע. דאָס זענען באַשעפענישן, וואָס זענען אזוי פרעמד אונדזער מין, פּונקט ווי פרעמד מיר זענען די ים־בריאות. מיטאיינמאָל, ווערן זיי מענטשן. מיר ווייסן, וואָס דאָס הייסט. ביז צום זיבעטן יאָר זענען זיי ריינע, איידעלע, פּרעכטיקע באַשעפענישן, ריינע, בליענדיקע, וואונדערלעכע וואַרטן זיי אויף זייער אנטוויקלונג. מיטאיינמאָל ווערן זיי שפּעטער מענטשן; געוועגלעכע, באַנאַלע, פּוסטע, נארישע, שטומע, האָפנונגסלאָזע, פאַרשאָלטענע מענטשן. ווי אזוי געשעט עס? אויף וואָס פאַר אן אופן פאַרשווינדט דער קריסטאָל און ווערט געוועגלעך גלאָז? ווי נאָך? אין וועלכן טאָג הויבט זיך דאָס אָן? צוליב וואָס פאַר א סיבה? ווען? מען קען אזוי טראכטן דערוועגן ביזן טויט.

מאיא, וואָס איז געווען אָנגעטון אין טרויער־קליידער, האָט ווי שטענדיק, אויך איצט געשוויגן, האָט אויפגעהויבן דעם וועלאָן, די גרויע אויגן האָבן סודותדיק געבלישטשעט צום אדוואָקאט.

—אין די נשמות פון די קינדער שטאַרבט אָפּ דאָס, וואָס די טאַטעס און מאַמעס זענען נישט פעיק איבערצולעבן, — האָט זי זיך אָנגערופן מיט א שטיל קול.

לוידין האָט זי אָנגעקוקט מיט אן אויספאָרשנדיקן בליק, ווי ער וואָלט דערוואַרט, זי זאָל ברייטער דערקלערן אירע ווערטער אָבער זי איז ווידער אריינגעפאלן אין שווייגן.

# XXXIV

ערנעפאָלדט און די שוועסטער זענען געקומען אונטערשרייבן א באפולמעכטיקונג. א חוצדעם האָט מאיא מיט א טאָג פריער אינאָוונט זיך געזען מיט קאָנסטאנציע אלטאכער, (וואָס האָט זיך געוואָלט טרעפן מיט דעם יונגן מיידל) און פון דער צענויפטרעפונג האָט זי געדארפט אָפגעבן א דין-וחשבון. אָבער עס האָט זיך ארויסגעוויזן, אז זי איז נישט פעיק געווען דאָס צו טון. באלד נאכן געשפרעך האָט זי אלץ דערציילט לודוויגא דערקומען; זי האָט נישט געקענט ביי זיך פועלן צו דערציילן באָכאמאָל און לודוויגא דערקום האָט אויסגעדריקט דעם ווונטש, אז זי וועט דערציילן. לויט ווי עס האָט איבערגעגעבן בערנט ערנעפאָלדט איז געקומען צו אן אומאנגענעמער סצענע, פול מיט פאָרווורפן און מוסר, קללות און באשווערונגען, שלום-פאָרשלאגן און פאָדערונגען זיך אָפצוזאָגן; אלץ איז ארויסגערעדט געוואָרן אין איין אָטעם און מאיא איז צוריקגעקומען פולשטענדיק קראנק.

לוידין האָט גערן געוואָלט הערן עפעס קאָנקרעטעס. דער כאראקטער פון קאָנסטאנציע אלטאכער האָט אים אָנגעהייבן צו פאראינטערעסירן. דער אינטערעס איז געווען נישט קיין קלענערער, ווי דער אינטערעס צום ענין פון בריגידע הארטמאן, ער האָט געהאט דעם איינדרוק, ווי די אָן א שיעור פרויען, וואָס זענען אדורך דורך אים אין משך פון איבער צען יאָר, זענען פארביי נעבן אים, ווי שאָטנס, פארייניקנדיק זיך אין דידאָזיקע צוויי פיגורן, ווי צוויי באזונדערע געשטאלטן און ווי אָט

דורך זיי איז ער דערגאנגען צום באשלוס, אז דאָס, וואָס זייערע גורלות האָבן זיך צענויפגעפלאָכטן, וועט אים געשען עפּעס שלעכטס.

דורך ערנעפּאָלדטן, און אויך דורך אַן אומדירעקטן עדות, א באקאנטער רעיענט, האָט ער זיך דערוווסט, וואָס עס איז געשען אין סאנאטאָריום מיט א טאָג־צוויי פאַרן קאָנסולס טויט. פרוי קאָנסטאנציע האָט זיך באוויזן מיט צוויי שוואָגערס און מיטן מאַנס עלטסטן ברודער ביים קראנקן־בעט, זי האָט אים ארומגענומען וויינענדיק און אים שיער נישט דערשטיקט מיט אירע צערטלעכקייטן. בכלל איז איר גאנצע אויפפירונג געווען שטארק עקזאלטירט; גלייכצייטיק האָט זי קניענדיק און מיט תּפלות אויפן מויל אין מיט אויפגעהויבענע הענט אים געבעטן, אז ער זאָל צוריקציען זיין גט־באשלוס, ווייל דערויף וועט זי קיינמאָל אין איר לעבן נישט מספּים זיין פאַר קיין שום פּרייז. די קרובים זענען געקומען פריער, כדי צו קענען רויק רעדן מיט עדמונד אלטאכערן; זיי זענען געוואָרן שטארק איבעראשט, ווען אין צימער איז פּלוצלינג אריינגעפאלן קאָנסטאנציע, הויפּטזעכלעך, ווייל זי האָט פייערלעך צוגעזאָגט, אז מיטן אומגערעכטן קומען וועט זי נישט קומען שטערן די אינטערוועניץ, וואָס זיי האָבן פאַר איר אונטערגענומען. אָבער העכסט ווארשיינלעך האָט איר עמיצער איבערגעגעבן, אז אלטאכער האָט אויף דערזעלבער שעה באשטעלט א רעיענט, און זי האָט פאַר קיין שום זאך אַזוי נישט מורא געהאט, ווי פאַר צונויפשטעלן די צואה. זי האָט געהאלטן, אז נאָר זי אליין קען שטערן. דעריבער איז זי געקומען. אָבער זי איז נישט געקומען אליין. אין קאָרידאָר האָבן געווארט אירע צוויי טעכטער, וואָס זי האָט געצווינגען מיטצוגיין מיט איר, און וועלכע האָבן, איבעריקנס, יעדן טאָג אָן איר באזוכט דעם פאָטער, ווייל זיי האָבן געוווסט, ווי נישט גינסטיק די מוטער ווירקט אויפן פאָטערס געזונט־צושטאנד מיט איר באווייזן זיך. אלטאכער האָט נישט גערן אויפגענומען די דעלעגאציע פון די קרובים. די דאָקטוירים האָבן נישט אָנגע־

וויזן, ווי שעדלעך עס איז פאר אים יעדע מין אויפרעגונג. פארשיינלעך האָבן זיי אים שוין געהאלטן פאר אַ פארלוירענעם און מעגלעך, האָבן זיי אויך געהאלטן, אז דאָס ברענגען אין אָרדנונג די פאמיליען־ענינים קען האָבן אגוטע ווירקונג אויף זיין געזונט. קאָנסטאנציען האָט זיך איינגעגעבן צוצוקומען צום מאן. דערמיט האָט זי גרינגעשעצט די בקשה, די דייטלעכע בקשה פון מאַן, אז זי זאָל אַ געוויסע צייט נישט קומען צו אים. פאר דער פרוי טאָר מען נישט פארמאַכן די טיר, האָט זי געזאָגט צו די טעכטער, וועלכע האָבן איר געמאכט נישט־דרייסטע באַמערקונגען. האָט זי עפּעס באַשלאָסן, האָט זי גע־האַט אַן נישט־אונטערגעבראָכענעם ווילן, און ווייל זי האָט גע־האַלטן, אַז יעדער שריט אירער איז אָנגעצייכנט פון אויבן, האָבן נישט עקזיסטירט פאַר איר קיין שום זאַכן, וואָס זאָלן האַמעווען אירע מעשים. דער קראַנקער האָט זיך אומזיסט באַמיט מיט האנט־באַוועגונג און מיט שעפּטשענדיקע ווערטער איינ־צוהאַלטן איר ווילדקייט, איר ווייטיק און שטורמישע ארויסרופן; עס האָבן אויך נישט געהאָלפן די באַמיונגען פון די קרובים, וואָס האָבן ביי אַזאַ לאַגע געמוזט האַלטן זייער שליחות פאַר אַדורכגעפאַלן; קאָנסטאַנציעס עגאָיסטישע שכלאָזע אויסברוכן האָבן זיך כסדר איבערגעחזרט ביז עס איז אָנגעקומען דער נאָטאַר; דעמאָלט האָט זי ארייַנגערופן אין צימער די קינדער און אין ספּאַזמען פון פאַרצווייפלונג האָט זי אויסגערופן: פון אייך הענגט איצט אָפּ, צי דער פאָטער זאָל אייך בעדעקן מיט אייביקער שאַנד, און שענקען זיין מעטרעסע זיין גאַנץ פאַרמעגן, אויף וועלכן איר, און ווייטער קיינער נישט אויף דער וועלט, האָט אַ רעכט! די טעכטער זענען אויסגעבראָכן אין אַ געוויין; זיי האָבן זיך פאַרשעמט, זיי וואָלטן אמבעסטן אנטלאָפן, אָבער דער אייזערנער ווילן פון דער מוטער האָט זיי צוגענומען אלע געדאַנקען און פעיקייטן עפּעס אַליין צו באַשליסן. אָט דאָס איז געווען קאָנסטאנציעס ריזיקע מאַכט, בפרט, ווען זי האָט זיך באַהאַלטן אין איר גרויסער ליידנשאפט, און עס האָט איר

שטענדיק נאָכגעגעבן עדמונד אַלטאכער אין אַזעלכע מאָמענטן. אַ מענטש, וואָס איז פעיק אָנצוצינדן זיך אין ליידנשאַפט קען פאַרכשופן דעם הימל און עפענען דאָס גהינום; אַלטאכער, ווי ער האָט עס אליין טרויעריק דערקלערט, האָט די שגעון־באהערשטע איבערגעלאָזט אָן וועג־ווייזער, עס האָבן זיך איר דעריבער אויסגעמישט די בערג און טאָלן, דאָס ליכט און די פינצטערניש; אויף זיין שטומען צייכן איז דער נאָטאַר אוועקגעגאַנגען; דער קראַנקער האָט איצט בלויז געוואָלט רו פאַר זיינע לעצטע שעה. ער האָט דעריבער פייערליך צוגעזאַגט, אַז ער וועט פאַרניכטן דעם צוואה־לעגאַט, וואָס וועט, ווי זי טענהט, אויף אייביק באַפלעקן די ערע פון דער משפחה; וועגן אַ גט קען סיי־ווי־סיי, כל זמן ער געפינט זיך אין אַזאַ שווערער לאַגע נישט זיין קיין רייד. דערפאַר האָט קאָנסטאַנציע מיט אַ ים טרערן, צעגייענדיק פשוט פון דאַנקבאַרקייט און גערירטקייט, געשווירן, אַז זיין פריינדין וועט, אויב זי וועט נאָר קענען טון דערפאַר, קיינמאָל נישט וויסן פון קיין דחקות און דאגות, און אין דער אנוועזנהייט פון אַלעמען האָט זי מיט חרטה געבעטן, מען זאָל איר מוחל זיין, פאַר דעם באַליידיקנדיקן, נישט־געהעריקן וואָרט, וואָס זי האָט געברויכט וועגן מאַיא ערנעפאָלדטן. אין דער צווייטער נאַכט נאָך אָט דער סצענע איז עדמונד אַלטאַבער געשטאָרבן. קאָנסטאַנציע איז געזעסן, ווי אַ געטרייע פרוי און פלעגערין, ביי זיין בעט; מאַיאַן האָט מען שוין צו אים נישט צוגעלאָזט.

לוידין האָט געזאָגט, אַז פון דעם אַלעם מישט זיך אים דער קאָפ. גוטס און שלעכטס, אומגליק און אויסגערעכנטקייט, ליבע און געשעפט, פיעטעט און געלט־גיריקייט זענען דאָ געווען פאַרמישט איינס מיטן אנדערן אַזוי שטאַרק, אַז איינס האָט פאַרטאָפּלט דאָס צווייטע, דעם אונטערזוכנדיקן געדאַנק האָט געפעלט יעדער פונקט, אין וועלכן ער זאָל זיך קענען פאַרטשעפען ביים אַרויסגעבן אַ מיינונג, דעס מאָראַלישן געפיל האָט געפעלט יעדן שטיץ־פונקט. עפעס ענלעכעס איז נאָך קיינ־

מאָל נישט געשען אין זיין פּראַקטיק. יאָ, זיין רעכט־געפיל איז
דורך אָט די אַלע געשעענישן שטאַרק פאַרווונדעט געוואָרן. בעת
ער האָט זיך פאַרנומען מיט דער געשיכטע איז אים באַפאַלן
א הונגער נאָך ריינקייט און מענטשלעכן כּבוד; אַזוי האָט ער
דערקלערט מאַיאַן; און בעת ער האָט זיך אויפגעכאַפּט ביינאַכט,
האָט ער דערפילט אַ ברענענדיקן, מאַכטלאָזן צאָרן. ווי ווייט ער
איז אין זיין טעטיקייט געווען רויק מיט זיך אַליין און פאַר־
מאָגט די געהעריקע זאַכלעכע פאַראַנטוואָרטלעכקייט — דאָס האָט
קיינער פון די אַרומיקע נישט געקענט וויסן. פאַרשידענע באַ־
וועגונגס־צייכנס זענען קלאָר געהאָנגען אויף דער אויבערפלאַך;
אָבער וואָס עס איז געשען אונטער זיי און וואָס האָט אָנגעפילט
זיין אינערלעכקייט, ווי זיי האָבן זיך איינציקווייז צענויפגעוועבט
אין א געפלעכט פון פעדעם, וואָס ער האָט נישט געוואָלט
אויפבינדן, דאָס איז געבליבן פאַרהוילן פאַר אים שוין דערפאַר,
ווייל ער איז נישט צוגעוווינט געווען אַריינצודרינגען אין דער
אינערלעכקייט פון זיין נשמה און האָט געהערט צו יענע באַ־
שיידענע נאַטורן, וואָס אינטערעסירן זיך קנאַפּ מיט זייער גייס־
טיק לעבן, אָדער וואָס צוליב א געוויסן רעספּעקט פאַר זיך
דערלויבן זיי טעטיק צו זיין די אומבאַקאַנטע כּחות פון זייערע
נשמות. עס איז זיכער, דער טויט פון קאָנסול האָט אים גע־
טראָפן, ווי דער טויט פון אַן אייגענעם פריינד און הויפּטזעכ־
לעך אונטער זיין רושם האָט ער אָנגענומען דעם פּאַטאַלן באַ־
שלוס צו פירן דעם פּראָצעס פון די ערבעפאָלדטס. בעת קאָנס־
טאַנציע אַלטאַכער האָט שפּעטער איבערגעגעבן די פולמאַכט צו
פירן איר פּראָצעס איינעם פון די געשיקסטע, דורכגעטריבנסטע
און אויך באַרימטן אַדוואָקאַט, דעם דאָקטאָר דאַוויד קערקאָוועץ,
איז עס געוואָרן פאַר אַן ערן־זאַך צו דעקן דעם זייער צווייפלטן
פּראָצעס מיט זיין אויטאָריטעט. ער האָט, ווייזט אויס,
פאַרגעסן, אַז דערמיט באַדראָט ער זיין אויטאָריטעט און אפשר
אויך זיין כּבוד.

## XXXV

פֿאַרשייגלעך האָט קאָנסטאַנציע אַלטאַכער בעתן שמועס מיט מאַיאַ ערנעפֿאָלדטן, געמאַכט דעם יונגן מיידל געוויסע פֿאָרשלאַגן וועגן דערליידיקן דעם סכסוך מיט אַ סומע געלט, כּדי אַזוי־נאָך צו האַלטן די הבטחה, וואָס זי האָט געגעבן דעם גוטסדיקן מאַן. אָבער מאַיאַ האָט, ווי עס איז שוין דערמאָנט געוואָרן, נישט אַרויסגעוויזן קיין נטיה צו רעדן דערוועגן. עס איז נישט באַקאַנט, צי זי האָט נישט געוואָלט רעדן וועגן געלט אויס פֿאַראַכטונג, צי צוליב באַשיידנקייט. בעת לודוויגן האָט איר דערקלערט, אַז כּדי ער זאָל קענען ווי געהעריק אינטערוועניִרן מוז ער וויסן אַלץ, וואָס איז געשען, ער מוז וויסן יעדע זאַך ביז צו די קלענסטע פּרטים, האָט זי זיך כּסדר פֿאַררופֿן אויף לודוויגאַן, וואָס איז דורך איר באַפּולמעכטיקט געוואָרן אַלץ נאָכאַמאָל צו דערציילן, וועגן דעם.

— איך האָב אײַך נאָך אַ סך צו זאָגן, — האָט זי געזאָגט לודוויגן אין אַ פֿאַרטרויִלעכן טאָן, וואָס זי האָט געברויכט צו אַ קליינער צאָל מענטשן, — און איך האָב שוין לאַנג באַשלאָסן עס צו טון. עדמונדס פֿאַמיליען־לעבן און זיינע איבערלעבונגען זענען אַן ענין, פֿון וועלכן איך קען זיך אינערלעך נישט אָפּרייסן. דאָס איז פֿאַר מיר ווי אַ סימבאָל פֿון שולד און ליידן; אַ גאַנצער קרייציקונגס־וועג. אויב איך וועל נאָר האָבן כּחות וועל איך אַלץ דערציילן; עס זענען דאָרט פֿאַראַן אַזוי פֿיל

ווייטיקע און אומעטיקע זאַכן. דאָס, וואָס ער האָט אויפגעשריבן, גיט בלויז אַ שוואַכע פאָרשטעלונג וועגן אַלץ. מיינע אַנשוויונגען וועגן ליבע האָבן זיך דעריבער גרינטלעך געענדערט, הגם איך האָב וועגן דעם קיינמאָל נישט גערעדט דערפון. בלויז איצט טרעפן מאָמענטן, — דאָ האָט זיך איר קול פאַרענדערט אין אַ קוים־דערהערבאר געפליסטער און אירע אויגן זענען איינגעפאלן, — ווען איך רוף אים אַרויס, כּדי צו פרעגן אַים אין זיך אַן עצה געבן מיט אים. פאַר מיר איז ער נישט געשטאָרבן.

לוידין האָט שוין געוווּסט פון לודוויגאַ דערקום, אַז מאַיאַ האָט זיך אינגאַנצן איינגעלעבט אין גלויבן, אז עס איז דאָ אַ גייסטיקער בונד צווישן איר און דעם פארשטאָרבענעם פריינט. הערנדיק עס אָבער פון איר אייגענעם מויל, האָט עס אים פאַרחידושט און אַפילו ארויסגערופן אין אים אויף א ווײַלע וואָס מען האָט אויף אים געקענט דערקענען, אַן אומדערטרעגלעך שעמעוודיקייטס־געפיל, מיט וועלכן ער האָט שטענדיק געמוזט קעמפן.

מען האָט אים מיטגעטיילט, אַז זינט דעם מאנס טויט פּראווועט קאָנסטאַנציע אלטאכער אַן אמתן קולט פאר זיין געשטאַלט, זאַמלט צענויף אַלע זכרונות וועגן אים, קלויבט צענויף און שרייבט איבער זיינע אלע בריוו, חזרט איבער זיינע מיינונגען און געדאַנקען, הענגט אויס אין אַלע צימערן זיינע פאָטאָגראַפיעס, פשוט אַזוי, ווי אַ חוץ זיין פערזאָן וואָלט פאַר איר נישט עקזיסטירט עפּעס בכּבודיקערעס און פונקט ווי זי וואָלט קיינמאָל מער נישט געטון עפּעס אנדערש, ווי געפאָלגט זיין וואָרט און געטון אַלץ, וואָס ער הייסט.

לוידין האָט זיך געפרעגט, צי מען קען אָנרופן ליגנט דאָס, וואָס מענטשן האַלטן פאַר הייליק, און וואָס מענטשן הילן איין מיט א געוויסן סוביעקטיוון אמת, מיט דערדאָזיקער פאַר־הייליקונג ווערן אָבער פארמאַסקירט באַגאַנגענע עבירות. דאָס איז א מין שטאָלץ, שטענדיק דערזעלבער שטאָלץ, באַהאַלטן,

פאַרקליידט, שווער צו דערקענען און אין דער זעלבער פאָרם, וואָס איז פאַרהאַסט ווי יעדע אַנדערע.

א פענאָמען; דאָס איז געווען זיין פענאָמען; יאָ, דאָס האָט ער געמיינט, אָט דאָס האָט ער אָנגערופן בירגערלעך געשפענסט צוליב וועלכן ער האָט געליטן, פאַר וועלכן ער האָט געציטערט און קעגן וואָס ער איז גרייט געווען אַרויסצורירן אין פעלד.

ער האָט גערעדט מיט מאַיאַן אין אַ ליבנסווירדיקן טאָן, כּדי נישט צו פאַררעטן זיך מיט געדאַנקען, וואָס האָבן זיך ספּאַזמאַטיש געמאָלט אויף זיין פּנים. ער האָט זי געוואָלט פאַרשטיין. אָבער ווי אַ פלאַנץ, וואָס עפנט נאָר איר בלומען אין דער פינצטערניש און וואָס אירע לעבנס־סימנים באַגרענעצן זיך בלויז מיט דער איבער־עמפינדלעכקייט פון אויבערשטן בלעטל, האָט זי דאָס לחלוטין נישט געפילט און האָט נישט באַמערקט, מיט וואָס פאַר אַ געוויכט ער האָט געלייגט אויפמערקזאמקייט אויף אירע ווערטער וועגן „דעם פאַרשטאָרבענעם פּריינטס באַווייזן זיך," און ווי שטאַרק עס האָט אים אינטערעסירט לודוויגאַס דערקומס מיינונג וועגן פריינדינס אַריינטריט אין דער נישט־ווירקלעכקייט. טרויעריקער אַבערגלויבן, — האָט געטראַכט לוידין, וועלכער האָט געהאַלטן פון קלאָרקייט און אויפקלערונג און אין וועמענס איצטיקער קעגנערישקייט האָט געשטעקט אַ סך שנאה פון אַן אַקאַדעמיקער און אַ ליבעראַל. אַרויסגייענדיק פון שטאַנדפּונקט, אויף וועלכן ער איז געשטאַנען, איז די פריינטשאַפט צווישן לודוויגאַ דערקום און מאַיאַן געווען פאַר אים אַ סוד. ער האָט זיך, וואָס אַן אמת איז, געוואָלט איינרעדן, אַז ער מאַכט אַ געוויינלעכן מענערישן פעלער, אויב ער האַלט, אַז פריינטשאַפט דאַרפט אַ גייסטיקע ענלעכקייט און גייסטיקע שותּפותדיקייט, און אַז אַזעלכע פאָדערונגען עקזיסטירן נישט צווישן פרויען; אָבער דאָ זענען די אונטערשידן אין כאַראַקטער געווען אַזוי טיף, אַז עס איז אפילו שווער געווען צוצולאָזן האַרציקע פריינטשאַפט. אַ נישטדרייסטע, שרעקעוודיקע, אין זיך פאַרמאַכטע, בלוטלאָזע מימאָזע און אַ פרוי, וואָס איז אינגאַנצן

געווען אַ שטיק נערוו, באַוועגונג, פייער, זינלעכקייט, ווירקלעכקייט; קיין שום פילאָזאָפיע וועגן דער צוציונגס־קראַפט פון קאָנטראַסטן קען דאָ גאָרנישט זאָגן.

דידאָזיקע קעגנזאַצן, וואָס ער האָט אדורכגענומען מיט דער גרינטלעכקייט, וואָס איז געווען א טייל פון זיין כאַראַקטער, האָט קלאָר געוויזן, אין וואָס פאר אַ ליכט ער האָט נאָך דעמאָלט געזען לודוויגאַ דערקומען. אָן ספק האָט ער איר אין געדאַנק געגעבן אַזעלכע רעכט, וואָס אַן אַנדערער פערזאָן וואָלט ער זיי נישט געגעבן, בפרט אַן אַנדער פרוי. מעגלעך, אַז צום שטאַרקסטן האָט ביי אים אויסגענומען איר אומאַפהענגיקייט. אומאָפהענגיקע כאַראַקטערן זענען לויט זיין דערפאַרונג, זייער קנאַפ געווען אויף דער וועלט. ווו ער האָט זיי נישט געטראָפן, זענען זיי תמיד געווען פול מיט איינגעבילדעטער גאוה און מיט אַ שטאָלצער האַרטקייט, פון וואָס, האָט ער קאָנסטאַטירט, אויך לודוויגאַ איז נישט געווען פריי. די ספעציפישע פרויען־געניאַליטעט, די ווונדערלעכע פעיקייט זיך צו פארענדערן און אויפצוהויבן זיך, וואָס איז פאַראַנען געווען אין דער אַקטיאָרקע, האָט נישט פארלייכטערט דעם וועג צו איר; זי האָט לוידינס געפיל געוויזן אַן ערפורכטיקן דיסטאַנס, אַ שטענדיק־שטילע אַכטונג. אונטערוואַרפן זיך אונטער דערדאָזיקער שליחות אָן שום קריטיק, פוסטע פאַרגלייכונגען, פאָרווורפן און אָפשטויסנדע מאָמענטן האָט אים אויסגעוויזן צו זיין חוב. אין עטלעכע טעג אַרום נאָך דעם לעצטן געשפרעך מיט פרויגדאָרפערן, האָט ער געשריבן צו אים, כדי אין א קורצער כאַראַקטעריסטיק אָפצושוואכן דעם מיאוסן פאַרדאַכט, וואָס זיין פריינט האָט געוואָרפן אויף לודוויגא דערקום:

אָט איז ענדלעך א פרוי, אַ פריי און אמת האַרץ, און אין א טיפערן זין — אַן אומשולדיק הארץ, אויב מען וויל עפעס ענלעכעס צו דער אומשולדיקייט זען אין דער קראַפט, מיט וועלכער דער מענטש וואקסט אַרויס פון זיין ווורצל. יעדנפאַלס

איז דאָ גאָרנישטאָ אַזוינס, וואָס זאָל טון אַן עולה, קיין שום סודותדיקעס, ווי ביי די קנעכט פון געשלעכט, ווי ביי בירגערינס, וואָס זענען געזעצלעך פאַרמשפּט קערפּערלעך צו פאַרקערן און מוזן דערביי בלייבן״.

ווערטער פון אַ בירגער, וואָס זוכט אַ וועג פון זיין וווינשטח און באַמערקט נישט אָדער וויל נישט באַמערקן זיינע בלאָנדזשעבישן.